וו. לאַצקי־בערטאָלדי.



# ערגזייסט

ערשטער באַנד
געקליבענע שריפטן.

אַרויסגעגעבן פונם יובל־קאָמיטעט
פּאַריז — בערלין — וואַרשע — ווילנע.

# יובל - קאמיטעט

אַף אַרויסצוגעבן די געקליבענע
שריפטן פון וו. לאצקי-בערטאָלדי:

ערן-פּאָרזיצער — *שמעון דובנאוו*
פּאָרזיצער — *ישראל עפרויקין*
מיטגלידער — *שאול גינזבורג*
*אליהו דיזשור*
*דניאל טשארני*
*אליהו טשעריקאווער*
*יעקב לעשצינסקי*
*נחמן מייזיל*
*זלמן קאלמאנאוויטש*
*מאיר קריינין.*

געקליבן מיט א כוונה
צו מיין איבערגעגעבענעם פריינט
ישראל עפרויקין.

# הקדמה צו דער ערשטער אויסגאבע

פארשיידענע צייטן — איין תקופה,<br>
אפּולע נוסחאות — איין ענין,<br>
אסך שאלות — איין תשובה<br>
דער עיקר זיינען די שאלות.

קיעוו, יאַר 1918.

# הקדמה
## צו דער צווייטער אויסגאבע.

פאראן אַ מזרח־וואנט אין דער אידישער געשיכטע: דאָרטן האָט זיך איינגעקנעטעלט מיט שטריימל־תּקיפות דאָס אָפּיציעלע אידישקייט — די אידישע רבנות אין אלע אירע נוסחאות.

פאראן אָבער אויך אריסגעשטויסענע, אָראָפּגעשטויסענע פון אויבנאָן, פאריאָגטע, פארוואָגלטע און אריינגעלייגטע אין חרם. וועגן זיי איז אויך כדאי צו שרייבן אידישע געשיכטע. דאָס וועט זיין א געשיכטע פון ניט־דערגרייכטע צילן, פון דורכגעפאלענע שטרעבונגען און באוועגונגען, פון טראגישע גייסטיקע מלחמות, פון רעיונות און דמיונות, וואָס האָבן קיין הצלחה בא אידן ניט געהאט, — אַ געשיכטע פון הינטער־קוליסן.

די קבלה, די מיסטישע משיח־באַוועגונגען אין אידישן פאָלק זיינען אַזא מין ניט אָפּיציעלע אידישקייט, אַ נסתר און למד־וואוו פון דער אידישער געשיכטע.

און פונקט אזא מין טראַגישע אָבער עולמיש־וועלטלעכע באַוועגונג איז געווען בא אידן אויך דער ריינער טעריטאָריאליזם מיט אַלע זיינע נוסחאות.

פון צייט צו צייט פלעגן אויפקומען בא אידן שטרעבונגען זיך צו באַזעצן אַף ערד אין דער פאָרמע פון אַ נאציאָנאַלן ישוב, אַף אַ דורכאויסיקן שטח לאַנד, אַף אַ „טעריטאָריע“ און ווערן אַ וועלט־לעכע, עולמשע, פּאָליטישע נאציע, אַ זעלבסטשטענדיק מלוכה־פאָלק מיט אלע אַנדערע פעלקער באַגלייך.

געווען אידן, וואָס האָבן געחלומט וועגן אידישע טעריטאָריעס, וועגן אידישע מליכות אין אמעריקע, אַפריקע און אזיע.

אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט האָט מ ר ד כ י ע מ נ ו א ל נ ח געקלערט וועגן א אידישער מלוכה („שטאַט“) אין צפון־אמעריקע.

אין די אַכציקער יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז אויפגעקומען צווישן רוסישע אידן אַ באַוועגונג ע ם ע ו ל ם, וואָס האָט געוואָלט באַשאַפן אַ אידישן ערד־אַרבעטער־קלאַס און אופבויען א אידישע טעריטאָריאלע היים אין צפון־אַמעריקע. דער חלום איז ניט מקויים געוואָרן.

געקלערט האָט וועגן אַ אידישער טעריטאָריע ל ע אָ פ י נ ס ק ע ר, דער מחבר פון דער „אווטאָ־עמאַנסיפּאַציע“.

אָנהויב נײַנציקער יאָרן האָט ב אַ ר אָ ן ה י ר ש געחלומט וועגן באַזעצן אַף ערד מיליאָנען אידן אין דרום־אַמעריקע — אַרגענטינע. זײַן חלום איז ניט מקויים געוואָרן.

אַ גרויסן שוואונק, ברייט אין פאַרנעם און טיף אין באַנעם, האָט באַקומען דער רעיון פון טעריטאָריאַליזם אין דער תקופה פון ט ע אָ ד אָ ר ה ע ר צ ל דורך זײַן פּאָליטישן ציוניזם. בעת עס האָט זיך אים אויסגעדוכט — נאָך יאָרן פון האָפענונג און יאוש, — אז זײַן טעריטאָריאַליסטישן ציל קען ער ניט דערגרייכן אין ארץ ישראל איז ער געקומען מיטן אפריקאַנישן א ו ג א נ ד א ־ פ ר אָ י ע ק ט און האָט געוואָלט זײַן חלום אַריבערפירן אַף דער וואָר. דאָס האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן.

די ס. ס. (אין אמעריקע ס. ט.) זײַנען געווען אַ ס אָ צ י אַ ל י ס ־ ט י ש ־ ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ס ט י ש ע א ר ב ע ט ע ר ־ ב א ו ו ע ג ו נ ג, וואָס האָט זיך פאָרמירט אונטער דער השפעה פון ד"ר נ ח מ ן ס י ר ק י ן א ו ן פ ו נ ם א ר ב ע ט ע ר ־ צ י ו נ י ז ם. זיי האָבן געוואוסט וועגן די „אידישע גליקן“ און האָבן טיף אַרײַנגעקוקט אינם שלים־שלימזלדיקן גורל פון דער אידישער גלות־עקאָנאָמיק מיט איר פאַרשפּאַרטקייט אין אַ סאָציאַלן געטאָ, אין קליין בירגערלעכע אָפּגעשטאַנענע ווירטשאַפט־צווייגן, וואָס פלעגן צעטרייסלט ווערן פון יעדן קריזיס־ווינט און זיך אויסלאָזן מיט וואַנדערונגען פון לאַנד צו לאַנד, פון ערדטייל צו ערדטייל. די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן (ס. ס.) האָבן וויטיקדיק איבערגעלעבט די טראַגעדיע פון אידישן לופט־מענטשנטום, פון די אידישע מעקלער־פּרנסות, פון דער אידישער קליינשטעטלדיקער באַלעבאַטישקייט מיט איר קליינהאַנדל און טאַנדעט־מלאכה, מיט איר קלאָגעדיקער קליינאינדוסטריע אין קבצנישע פאַבריקלעך און שווייצוואַרשטאַטן. אין די רעמלעך פון אַזאַ

מין קליינוווירטשאפט האָט דער אידישער ארבעטער געהאט נאָר קנאפּע אַנטוויקלונגס-מעגלעכקייטן, סיי אין כמות, סיי אין איכות. דער קאפּיטאליזם האָט מיט צוויי בייטשן געשמיסן דעם אידישן אַרבעטער, וואָס האָט געמוזט דעם יאָך פון עקספּלאָאַטאציע און אין דער אייגענער צייט ניט באַקומען קיין צוטריט צו דער גרויס-אינדוסטריע מיט אירע מעגלעכקייטן פון פּראָלעטארישער קאָנצענטראַציע און אָרגאַניזאַציע, מיט איר אויסקוק אַף א העכערן און בעסערן לעבנסשטייגער און אַף א לעצטער אָנזאַמלונג פון כחות אין סאָציאַלן קאַמף פאַר דער „לעצטער באַשיידלעכער שלאכט“. די ס. ס. האָבן קריטיקירט דעם שטאָטישן כאראַקטער פון אידישן פאָלק, וואָס די ערד איז אים פרעמד געוואָרן, דאָס אָרעמקייט און שוואכקייט פון זיין עקאָנאָמישער און סאָציאַלער קולטור און זיי האָבן געזוכט די גאולה —

אין דער גרויסער אידישער רעוואָלוציע, וואָס דאַרף באַהעפטן סאָציאַליזם מיט טעריטאָריאַליזם און אופבויען אין א אידיש לאַנד אַף די יסודות פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַל-עקאָנאָמישער פרייהייט א נייע פּראָדוקטיווע, סאָציאַליסטישע אידישע געזעלשאַפט. די באַוועגונג ס. ס. איז צערונען געוואָרן.

ישראל זאַנגוויל האָט איבערגענומען דעם חלום פון הערצל און געזוכט טעריטאָריעס פאַר אידן אין קירענאַאיקע, אַנגאָלא און אַנדערע לענדער. זאַנגוויל, דער געטאָ-טרוימער, איז געשטאָרבן נאָכדעם, ווי זיין חלום האָט דעם לעצטן אָטעם אויסגעעטעמט.

איצטער האָט מען אין ראַטן-רוסלאַנד אָנגעהויבן קלערן וועגן א אידיש לאַנד און אויסגעטיילט א „טעריטאָריע“ פאַר אידן אין סיביר, אין ביראָ-בידזשאַן.

די חלומות שטאַרבן אָפּ, אָבער דער געדאַנק, דער רעיון פון א אידישער טעריטאָריע וואַקסט אַרויס א מוראדיקע לעבנס-קראַפט.

* * *

אָבער וואָס איז דאָס פאַר א געדאַנק?

ס'איז דער ערד-גייסט: א שיטה אין דער אידישער געשיכטע-און קולטור-פילאָזאָפיע און אין דער אידישער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער פּאָליטיק.

„ערדגייסט“ איז די שיטה פון ס. ס. — פון סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם.

* * *

פאַרוואָגלט איז די נשמה פון ס. ס. (ס. ט.). מיט מיינע געזאַמלטע אַרטיקלען, וואָס זיינען געווען געשריבן אין פייער פון קאַמף פאַר אַ נייער אידישער וועלט-אַנשויאונג, וויל איך איר געבן אַ ליטעראַרישן תיקון.

עס וועט קומען אַ צייט און מען וועט דאַטירן אין דער אידישער געשיכטע-פילאָזאָפיע אַ ספּעציעלע שטרעמונג, וואָס האָט בײַ אידן קיין מזל ניט געהאַט: די שטרעמונג פון טעריטאָריאַליזם, דער עיקר אין איר סאָציאַליסטישן, ס.-ס.-ישן נוסח. מען וועט זי ווי אַן עולמשע, וועלטלעכע אידישע שיטה אַנטקעגנשטעלן דער רבנישער אידישער טראַדיציע, דער חיבת-ציון און דעם האַלבן און אויבנאויפיקן, ניט-קריטישן משכיליזם און ראַדיקאַליזם פון דער אידישער גאַס.

סוף 90-ער יאָרן פון 19-טן יאָרהונדערט האָט זיך אין אידישן קולטור-לעבן אָנגעצונדן אַ פייער, אַ נשמה-ליכט פון אַ באַזונדערן קאָליר אין דער אידישער אַרבעטער-באַוועגונג: אין אייראָפּע, בפרט אין רוסלאַנד, האָט דאָס געהייסן ס. ס. (סאָציאַליסטישער ציוניזם), אין אַמעריקע ס. ט. (סאָציאַליסטישער טעריטאָריאַליזם). דערנאָך איז דער פייער אינפלוג פאַרלאָשן געוואָרן, נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעצונדן טויזנטער און טויזנטער אידישע אַרבעטער-הערצער. אין דער אמתן האָט ער אונטערערדיש געפלאַקערט און איז אַוועק גלות אָפּריכטן אין פאַרשיידענע גלגולים: אין אידישער קאָלאָניזאַציע און סאָציאַלפּאָליטיק, אין אידישער וויסנשאַפט און אין פּובליציסטיק, ליטעראַטור און קינסט, אין טעאַטער און מאָלעריי, אין קריטיק און אין קאַמף.

אַ גלגול פון ס. ס. זיינען די אַרבעטער-קאָלאָניעס און די אַרבעטער-באַוועגונג אין ארץ ישראל מיט די סאָציאַל-קולטורישע שיטות פון גאָרדאָן-באָראָכאָוו און זייערע פועלי-ציוניסטישע און ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע אויסשטראַלונגען אין די גלות-לענדער.

אַ גלגול פון ס. ס. איז דאָס „אידיש לאַנד“ אין ביראָ-בידזשאַן (ראַטן-רוסלאַנד).

אַ גלגול פון ס. ס. איז דער אידישער קאַמף פאַר רעכט אַף

אַרבעט, פאַר אַ געהעריקן חלק אין דער פּאָלק־און־ מלוכה־ווירטשאַפט פון די פאַרשיידענע אידישע וואַנדלענדער, דער קאַמף פאַר דער אי־דישער סאָציאַל־עקאָנאָמישער גלייכבארעכטיקונג מיטן אריינ־ציען אידישע מאַסן אין גרויס־אינדוסטריע און לאַנד־ווירטשאַפט.

אַ גילגול פון ס. ס. זיינען געווען אידישע פאַרמעס אין צפון־אמעריקע.

אַ גילגול פון ס. ס. — די משיח־דראַמע פון לעיעלעס־גלאַנץ.

אַ גילגול פון ס. ס. איז דער טעאַטער פון מיכאָעלס־זואָפּסי (דורך אַ זיווג מיט שאַגאַל). אָן דעם גייסט פון ס. ס. וואָלט וואָפּסי דעם מוט ניט געהאַט צו קוקן דעם אידישן גראָטעסק אין פּנים אריין. „איר זייט אַ חלוץ" — האָט אַ אידישער אַרבעטער פון ארץ ישראל געזאָגט צו שאַגאַל, דעם אַנטפּלעקער פון אידישן גראָטעסק־בילד — „אייערע גלות־אידן פליען".

אַ גילגול פון ס. ס. זיינען די אידישע שריפטן וועגן אידישער עקאָנאָמיק, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין די לעצטע צענדליקער יאָרן (למשל יעקב לעשטשינסקי).

פּונקן פון ס. ס.־גייסט זיינען פאַרפלויגן אין וווייטע לענדער מיט גרעסערע און קלענערע אידישע ישובים און האָבן אומעטום באַשאַפן צענטערס פאַר אידישער קולטור (למשל אין דרום־אמעריקע).

* * *

סאָציאַליסטישער טעריטאָריאַליזם איז איינער פון די נוסחאות, פון די וואַריאַנטן אין אידישן משיח־ און־ גאולה־געדאַנק.

אומעטום, וואו מען זעט אין אַ צוקונפטס־בילד די אידישע סאָ־ציאַליסטישע געזעלשאַפט און אידן שטייען פּנים אל פּנים מיט דער־נאַטור און בויען זייער לעבן פריי פון אדונים — דאָרטן רוט די שכינה פון ס. ס.

* * *

אַף איין מאָמענט האָט אונזער פּאָלק דערזען משיחן אין בליץ פון ס. ס.־געדאַנק: דערזען און זיך דערשראָקן. און ס. ס. איז אַוועק גלות אָפּריכטן.

ס. ס. איז געווען דער עיקר אַ תורה שבעל פּה. די פּראָקלאַמאַ־

ציעס, בּאָשורן, פּעריאָדישע צייטשריפטן פון די באשעפּר, גרינדער, פּראָפּאַגאַנדיסטן אין דער באַוועגונג זיינען נאָר אַ שוואַכער ווידערקול פון דעם שטורם און אימפּעט, וואָס האָט אין משך פון יאָרן געטראָגן דעם נאָמען ס. ס. ווארים די תורה פון ס. ס. איז געווען ניט נאָר אַן סאָציאַלפּאָליטישע סיסטעם, נאָר אויך אַ קולטורפילאָזאָפיע, וואָס אין איר שיין האָבן די ס. ס. איבערגעשאצט סקאַרבאָווע אידישע ווערטן און אַלטע אידישע הייליקייטן.

די ערשטע זאמלונג פון מיינע ס. ס.־ישע קאמף־ארטיקלען — „ערדגייסט“ — (אין קיעווער פאַרלאַג פון נחמן מייזל, יאָר 1918) איז געווען אַ פּרוב צו ווייזן עד היכן הדברים מגיעים, — צו געבן אַ השגה בכתב וועגן דעם פאַרנעם פון ס. ס.־ישן געדאנק.

ד"ר. נחמן סירקינס „געקליבענע שריפטן“ (ארויסגעגעבן פון אמע־ריקאנער פּועלי־ציון, יאָר 1925) זיינען געווען אַ צווייטער פּרוב.

די איצטיקע זאמלונג „ערדגייסט“ איז אַ דריטער פּרוב.

* * *

די צווייטע אויסגאַבע „ערדגייסט“ גייט אַרויס מיט הוספות. עס האָט זיך מיר איינגעגעבן טיילווייז אופצוקלייבן סיי מיינע עלטערע אַר־טיקלען, סיי שפּעטערדיקע, וואָס האָבן א שייכות צו דער שיטה „ערדגייסט“.

דער סדר פון די אַרטיקלען איז אַ סיסטעמאַטישער, ניט קיין כראָנאָלאָגישער. פונדעסטוועגן האָב איך מכמה טעמים געהאלטן פאר נויטיק ביי יעדן ארטיקל צו פארצייכענען די צייט (אַף אַ שטח פון 27 יאָר) און דעם אָרט, וואו און ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל געדרוקט.

אַלע יענע, וואָס האָבן מיר געהאָלפן זיי צונויפקלייבן, און בפרט דעם יובל־קאָמיטעט מיט זיין ערן־פאָרזיצער שמעון דובנאָוו, זאָג איך דאָ אַרויס מיין טיפגעפילטן דאנק.

ריגע, אַווגוסט 1932.

# דער אפיקורס אין גלות

אָדער

# הערצל און אחד־העם.

א היסטאָרישער וויכוח *).

הערצל: איך הער פון דערווייטנס דיין קול: הידד, הידד! יאָ, דו קאָנסט זיך פרייען, דיין האַנט איז פון אייבן: איך בין געפאַלן, ניט אויסגעלעבט די יאָרן, דאָס פאָלק איז פאַרבליבן אין גלות, אין חיבת־ציון, דיין ליבע צו ציון, טרייסט די נשמות... אָבער גערעכט ביזטו ניט געווען...

אחד־העם: פון וואַנען ציסטו דיין גערעכטיקייט? פון וועמען האָסטו דיינע סמיכות? די געשיכטע, אונזער געשיכטע, איז קעגן דיר, דו ביזט געקומען און פאַרשוואונדן, אַ געפאַלענער שטערן... אַ ווילע האָסטו געשיינט מיט דיין גלאַנץ איבער אינז, — אָבער ניט אין אונז, און דעריבער ביזטו געפאַלן... דיין שיין איז געווען אַ פאַלשע, זי האָט אינז געקאָנט די אייגן פאַרבלענדן און אויסלעשן, חס־וחלילה, דאָס אינעווייניקסטע פייער, וואָס האָט אינז געפירט, ווי דער עמוד אש אונזערע עלטערן, אין דער וייסטעניש פון צוויי טויזנט־יאָריקן

*) אַפן זעקסטן ציוניסטן־קאָנגרעס אין יאָר 1903 איז הערצל אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּראָיעקט — פאָרגעלייגט פון דער ענגלישער רעגירונג — צו באַזעצן אידן אין אוגאַנדאַ (מזרח־אַפריקע) אַף יסודות פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג. דערמיט האָט הערצל איבערגעריסן די אחד־העמיסטישע חיבת־ציון־טראַדיציע פון פאָליטישן ציוניזם. די ציוניסטן האָבן זיך דענסטמאָל צוטיילט אַף צוויי מחנות „יאָ־זאָגערס“ און „ניין־זאָגערס“. בעת דער קאָנגרעס האָט באַשלאָסן מיט דער מערהייט פון „יאָ־זאָגערס“ צו שיקן אַן עקספּעדיציע קיין אוגאַנדאַ, האָבן די חובבי־ציון צווישן די פּאָליטישע ציוניסטן זיך צעוויינט („הבוכים“). פון אוגאַנדאַ־פּראָיעקט איז גאָרנישט ניט געוואָרן און צום 7־טן קאָנגרעס איז הערצל שוין געווען טויט.

גלות... נאָר מיר האָבן זיך באַצייטנס אַרומגעזען, מיר האָבן דער־פילט אין דעם פירער דעם פאַרפירער, אין דעם בר־כוכבא דעם בר־כוזיבא, מיר האָבן באַצייטנס דערזען אין דיר דעם פאַלשן משיח און מיר זיינען ניצול געוואָרן...

הערצל: ניצול געוואָרן?.. אידן זיינען שוין געראַטעוועט?..

אחד־העם: יאָ, ניצול געוואָרן פון דער גרעסטער פאַרבלאָנ־דזשעניש אין אונזער צייט: פון דיין פּאָליטישער משיחיות. דו ווייסט דאָס ניט און קאָנסט דאָס ניט פאַרשטיין... דו קוקסט אַף אונז, ווי אַן עולמשער איד, מיט אויגן פון פלייש, דו ווייסט אונז ניט דערזען און ניט דערפילן, וואָרים מיר זיינען די לייט פון גייסט... צוליב די בוימער זעסטו ניט דעם וואַלד, און צוליב די אידן פילסטו ניט דאָס אידישקייט, דיינע אויגן זיינען אויגן פון פלייש... אונז אַרט ניט דער יחיד מיט זיינע צרות, מיר ווילן דעם כלל באַוואָרענען, ניט די אידן, נאָר דאָס אידנטום, דאָס אידישקייט...

הערצל: פאַרבלענדעטער גייסט! דו ווילסט דעם כלל העלפן אָן דעם יחיד. דאָס פאָלק ראַטעווען, ניט באַפרייענדיק די מאַסן, דו ווילסט היילן דאָס גאַנצע, ניט געזונט מאַכנדיק די איינציקע חלקים...

אחד־העם: דו רעדסט אַפן שטייגער פון דער וועלט... אין גוף־ און מאַטעריע־ענינים ביזטו געמעכט; איך רייד וועגן אידישן גייסט, וואָס לאָזט זיך ניט טיילן אין חלקים, איך רייד וועגן דעם גאַנצן, וואָס לאָזט זיך ניט שיידן אַף פרטים, איך רייד וועגן דער גייסטיקער פאָלקס־איינהייט, און דו רעדסט מיטן מגושמדיקן לשון פון די מאַסן... בייט דיין קוק און דו וועסט קיין סתירה ניט זען.

הערצל: דו טיילסט אָבער אָפּ די נשמה פונם גוף און מיינסט, אַז דו וועסט ביי עפּעס בלייבן? דו שיידסט דאָס געפיל, דעם געדאַנק פון זייער אָרגאַן און מיינסט, אַז ביי דיר בלייבט אַ ממשות? דו ווילסט ראַטעווען דעם פאָלקס נשמה, זי פאַרפירן קיין ציון, און מיינסט, אַז דעם גוף קאָנסטו איבערלאָזן אין קנעכטשאַפט, אין בבל?

אחד־העם: די ליבע צו ציון האָט דעם פאָלק די נשמה דערקוויקט אין זיין לאַנגער היסטאָרישער וואַנדערונג... זי האָט גע־לעבט אין די מוחות פון זיינע חכמים, אין די הערצער פון זיינע פּאָעטן, אין די טיפסטע זכרונות פון פאָלק. ישראל און ציון זיינען שטענדי־

געווען איינס, און קיין תקופה פון אונזער געשיכטע האָט דעם גייסט פון אידישן פאָלק ניט געקאָנט אָפּרייסן פון דער האָפענונג אף ציון...

הערצל: דאָס איז אַ ניגון פאַר אַ נייער איכה, פאַר אַ נייעם וויי־געשריי, די ליבע צו ציון איז דאָך די אַנדער זייט פון דער ליבע צו קנעכטשאַפט, צום גלות. צוויי טויזנט יאָר האָט ליב דאָס פאָלק ציון, און צוויי טויזנט יאָר איז דאָס פאָלק אין גלות... די ליבע צו ציון האָט פאַרכישופט דאָס פאָלק, זי האָט אים געוויזן די גאולה אין מיסטישע בילדער, אין קבלה־פאַנטאַזיעס און האָט אָפּגעשוואַכט זיין שכל און זיין רצון צו אַן ערנסטן קאַמף, צו אַ ממשותדיקער באַפרייאונג. און די דאָזיקע ליבע צו ציון, דעם דאָזיקן אייביקן חלום פרישסטו אָפּ און פאַר־ליינגערסט דעם גלות, דעם אייביקן שלאָף פון פאָלק... מיר זיינען שוין געווען אַפן וועג צו דער פריי, אונזערע מידע וואַנדערער האָב איך אַ לאַנד באַוויזן, אַ האָפענונג פאַר מיין פאָלק, וואָס לעכצט נאָך זיין אוים־לייז... נאָר דו האָסט מיט דיין ליבע צו ציון פאַרסמט די ערשטע קראַפט־באַוועגונג פון אידישן פאָלק, דעם ערשטן טריט צו אַ זעלבסט־שטענדיקן קיום אין אַן אייגענער מלוכה, און איצט שטייען מיר פאַר אַ נייעם נאַציאָנאַלן חורבן, פאַר אַ חורבן פונם פאָלק... ווער וועט איצט גלויבן אין קיבוץ־גליות נאָך אַזאַ מין מפלה, נאָך אַזאַ בגידה, אַזאַ פאַרראַט פון די „בוכים", וואָס האָבן מיט זייער געוויין זיך איינגעשפּאַרט אַף ניין, וואָס האָבן צוליב דעם לאַנד פון די אָבות זיך אָפּגעזאָגט פון אַ לאַנד פאַר די קינדער און צוליב ארץ ישראל פאַרגעסן זייער צוזאָג צום פאָלק ישראל...

אחד־העם: ניט איך האָב צוגעזאָגט קיבוץ־גליות און ניט איך האָב בוגד געווען...

הערצל: צי איז ניט די גרעסטע בגידה, נישט צו פאַרשפּרעכן קיבוץ־גליות? צי איז ניט דער גרעסטער פאַרראַט, אייביק צו גלויבן אין גלות? צי איז ניט די גרעסטע קנעכטשאַפט און מוטלאָזיקייט, אראָפּ־צוּוואַרפן פון זיך די אחריות פאַר די צעזייטע און צעשפּרייטע? וואָס קען העלפן די ליבע צו ציון אָן דער ליבע צום פאָלק?

אחד־העם: זאָל דאָס פאָלק זיך ראַטעווען אף אַן אַנדער אופן... די ליבע צו ציון איז ניט פאַר די מאַסן באַשאַפן... זאָל די ציוויליזאַציע, דער פּראָגרעס פאַרבינדן און היילן די וואונדן פון גלות...

זאָלן אָרימעלייט וויינען און שרייען ביזן הימל, און דאָס בלוט פון דער נויט זאָל ניט שווייגן אין דער ערד׳ ביז דאָס האַרץ פון דער מענטש־הייט וועט פאַרציטערט ווערן און אָנהויבן קלאַפּן פאַר דעם חברם פּיין ... די ליבע צו ציון וועט באַפרייען די ש כ י נ ה פון גלות. די פאַרגלייווערטע יצירה־קראַפט פון פאָלק, ציון איז ניט פאַרן חיל, און ניט פאַרן כוח, נאָר פאַרן רוח ...

ה ע ר צ ל: אָ, קנעכטשאַפט, וואָס פאַרדעקט איר שאַנד מיט בלישטשענדיקע פליטערלעך, וואָס טאַנצט אין געפּיינגעניש און גלויבט אין איר באַוועגונגס־פרייהייט, וואָס זינגט אין שטייגל מיט דער אייגענער התלהבות, ווי אַ פויגל אין דער פרייער לופט ... דו ווילסט זינגען לידער אין ציון, בעת דאָס פאָלק פאַרבלייבט אין בבל ...

אחד־העם: און דו האָסט געוואָלט זינגען לידער פון בבל אין הייליקן לאַנד ציון ... ניט צוליב דעם האָבן מיר געלעבט, ניט צו־ליב דעם האָבן מיר געליטן. מיר האָבן אונזער אידישקייט אָפּגעהיט אין צוויי טויזנט־יאָריקן גלות און מיר ווילן דאָס איצט אויסלייזן און באַ־פרייען. אונטער זיין ווייַנשטאָק און אונטער זיין פייגן־בוים וועט דאָס אידישקייט אין נחת איינזאַפּן די וואַרימע זונען־שטראַלן פון ציון און וועט זיך אומקערן צו זיין אַמאָליקער גדולה, צו זיין אַמאָליקער גבורה. די פאַרגלייווערטע תורה פון טרוקענעם מוח וועט ווערן אַ פרייע לעבעדיקע תורה פון וואַרימען האַרצן און גאָטס וואָרט וועט ווידער ארויסגיין פון ירושלים און וועט שטאַרקן געפאַלענע און וועט אופהויבן געשטרויכלטע און וועט פאַראייניקן אין גייסט אַלע צעזייטע און צעשפּרייטע ...

ה ע ר צ ל: דו ביסט אַן אייניקל פון די פּרושים, פון די בעלי־התלמוד ... אייער גייסט־באַפרייאונג האָט זיך שטענדיק אויסגעלאָזט מיט אַ גייסט־פאַרשקלאַפונג. איר פלעגט שטענדיק קייטן לייגן אַפן פרייען געדאַנק. נאָר דיינע אבות בין איך מוחל. זיי האָבן געפילט און געטראַכט פאַרן פאָלק און זיינען אויסן געווען זיין קיום. און זיי האָבן דענסטמאָל ניט געקאָנט אַנדערש פילן, ניט געקאָנט אַנדערש טראַכטן. זיי האָבן איבערגענו־מען די שליחות צו פאַרבייטן אַ חרוב פאָטערלאַנד מיט אַ גייסטיק ארץ־ישראל. ניט געוואָרן אַ ירושלים פון דער ערד, האָבן זיי געגעבן דעם פאָלק אַ ירושלים פון הימל, און דאָס גייסטיקע לאַנד, די יהדות, האָט באַדאַרפט זיין אַזוי פעסט און אַזוי זיכער, ווי די ממשותדיקע ערד פון

יהודה. קיין אינדיווידועלע נטיה, קיין פערזענלעכע פניה, קיין מיינונג פון אַ יחיד האָט ניט געטאָרט צעטרייסלען דעם גייסטיקן פאָלקס־בנין: נאָר ביז אַ גרעניץ האָט דער איד געמעגט טראַכטן, נאָר ביז אַ גרעניץ האָט ער געמעגט פילן. פאַרן גוף האָט נאָר דער שבת געהאַט אַ תחום, פאַר דער נשמה האָט אויך די וואָך געהאַט אַ תחום. אָפּטרעטן פון וועג, אַריבערשפּרייזן דעם געשטעלטן תחום איז אין אַ גייסטיק פאָטערלאַנד געגליכן געווען צו נאַציאָנאַלן פאַרראַט. און אַפן מזבח פונם גייסטיקן פאַטריאָטיזם האָט מען געמוזט ברייינגען מענטשן־קרבנות, דאָס זיינען געווען די קדושים פון פרייען געדאַנק. אלישע בן אבויה, אוריאל אַקאָסטאַ, ברוך שפינאָזאַ, שלמה מיימון — זיי האָבן אַלע געמוזט פאַרלאָזן אונזערע הייליקע קהלות און זייער תורה און זייערע נעמען זיינען אויסגעמעקט געוואָרן אויף דורות. און וואָס וואָלט מיטן רמב״ם געוואָרן, ווען ניט דער זכות פון דער „יד החזקה“? צי איז דען נאָך איצט ניט פאַרוואָגלט דער „פירער פון די פאַרבלאָנדזשעטע“?.. וואָס וואָלט געוואָרן מיט שלמה אבן גבירול, ווען ניט דער זכות פון זיינע שירים?.. צי איז דען נאָך איצט ניט פאַרשאָטן זיין מקור חיים, זיין „לעבנסקוואַל“? ווער קען ציילן די קרבנות! וויפיל גרויסע געדאַנקען, וויפיל גרויסע מענטשן זיינען פון אונזער מחנה פאַרשטויסן געוואָרן! און אַלע וואַרטן זיי איצט אויף דער גאולה. אַ פריי אידיש לאַנד, אַ פריי און ע ר ד י ש־ל ע ב ע ד י ק פאָלק דאַרף זיי אויסלייזן פון חרם און צוריקפירן די בנים שובבים צו דער מוטער, וואָס האָט זיי געבאָרן, נאָרים זייער בלוט שרייט פון דער ערד און פאָדערט פון אונז דין וחשבון... און אין אַ צייט פון גאולה, וואָס וויל אַראָפּברייינגען די אמתע ע ר ד י ש ע פרייהייט פאַר דער פאַרשקלאַפטער אידישער נשמה, פאַר אונזער אידיש הימל־פאָלק קומסטו מיט ר׳ יוחנן בן זכאי׳ס עקרים און זיינע פאַרנוצטע אני מאמינס, פאַרקלאַפּסטו מיט נייע טשוועקעס דעם אַלטן בנין, וואו ס׳האָבן גע׳חלשט אין גייסטיקער שטיק־לופט די בעסטע זין פון אונזער פאָלק...

א ח ד־ה ע ם: די פרייהייט פון גייסט איז מיר ניט פרעמד. אינם גלות־טומל מיט זיין פאַלשער פרייהייט, וואָס האָט מיט איר גרינגן טענצערישן גלאַנץ פאַרבלענדעט די אויגן פון דיינע נאָענטסטע פריינט, האָב איך דערזען און דערפילט די קייטן פון דער שקלאַפעריי, די מוטלאָזי־

קיט אין דענקען און פילן, דעם איינגעהאַלטענעם מה־יפית־אָטעם פון דער אידישער גלות־נשמה—איך האָב די „שקלאַפעריי אין דער פרייהייט“ דער־קענט אין אַלע אירע פאַרפוצטע פאָרמעס, אין אַלע אירע שיינענדיקע נוסחאות, און איך האָב די „פרייהייט־שקלאַפן“ געשטראָפט מיט מיינע רייד...

הערצל: דו האָסט שטענדיק גוט געזען דאָס שפּענדל אין דעם אַנדערנס אויג, די שקלאַפעריי אין דער פרעמד... וואָס ווילסטו אָבער באַ זיך אין דערהיים? די אַלטע ישיבה פון יבנה, וואָס האָט אונז, אמת, געטרייסט, אָבער אויך פאַרשפאַרט אין גלות, אָט זי ווילסטו איצט איבערבייען אַף אַ נייעם שטייגער און איינוויגן דאָס פאָלק מיט אַ ניי לידל אין אַלטן גלות־שלאָף. אַ נייע תלמוד־תורה בויסטו, אַ מרכז־רוחני, וואָס זאָל ווייטער זיין כנגד כולם... כנגד פרייהייט, ליכט און לעבן... ניין, ניט קיין נייע רבנות באַדאַרף האָבן דאָס פאָלק... אַוועק מיט די רבנישע זכרונות און די רבנישע ימים־טובים... דאָס פאָלק וויל שיינע טעג פון דער נאַטור, ווי אין די ערשטע אַמאָליקע צייטן, שימחות פון זייען, שניידן און צענויפקלייבן... ניט קיין נייעם שבת, נאָר אַ נייע און אַ גוטע וואָך... צוליב דעם האָב איך גע־לעבט...

אחד־העם: אָט דערפאַר ביסטו געשטאָרבן!..

„דער פריינד“ — 1912, ווארשע

# די שכינה אין גלות

אָדער

## דער מקובל און דער רב.

אַ היסטאָרישער וויכוח.

כל מה שקרוב יותר לזמן הגאולה
מתקרב יותר ביטול הקציצות.
של"ה.
נעענטער צו משיחס צייטן איז ניט
שייך קיין אפיקורסות.

דער מקובל: וואָס באַשערט איז געקומען, און וואָס גאָט האָט אין אָנהויב פאַרטראַכט, איז אַצינד געשען: דער ערב־שבת־קודש איז שוין נאָענט, און דער שבת ווינקט צו אונז. מען מוז זיך גרייטן און אים אַנטקעגן גיין. יאָ, איך זע אים: מיט רמזים איז פול די וועלט. הלוואי זאָל נאָר דער דור זוכה זיין צו דערלעבן דעם אייביקן שבת . . . נאָר אַוועק פון אונז די מרה שחורה פון דער לאַנגער פינסטערער וואָך, די מאָס איז פאַרפולט און די צייט האָט זיך געענדיקט, אָ, איך פיל שוין מיט אַלע מיינע אברים דעם עונג שבת: מיין פאָלק שטייט אויף פון יאָמערטאָל און מיט אונז באַגלייך ווערט די פאַרוואָגלטע שכינה אויסגעלייזט אַצינד . . .

דער רב: גלויב און האָף און קוק אויס אַף אים, וואָרים צוליב דעם זיינען מיר געבוירן, אָבער פאַרשוועך ניט דעם כבוד פון גאָט און צעריים ניט דעם שלייער פון דער צוקונפט. אייל דיך ניט און וויל ניט דערנענטערן דעם קץ, דעם לעצטן טאָג פון אַלע טעג. ס'איז אַ נסיון און אַ זינד אַנטקעגן דעם רבונו של עולם. וואָס אנטפלעקט ניט זיינע סודות פאַר באַשאַפענע פון שטויב און פון אַש...

דער מקובל: ווי צו יענע, וואָס קאָנען נישט וועלן... איז דאָך די אמתע זינד אַרומצוגיין אַזוי פיל יאָרן מיטן אני מאמין פון דער גאולה אַף די ליפּן און נישט צו האָבן אים אין הארצן...

דו וועסט זיך ניט דערוועגן צו גיין אַף נסיונות און פּרואוון די כּוחות פונם וועלט־באַשעפער, וואָרים דיין נשמה איז אָן כּוחות... דו גלויבסט — איך ב י נ ק. דו האָפסט — איך וו אַ ר ט. דו חלומסט — איך זע... די מתנגדים האַלטן אָפּ משיחן... אָבער ער קומט, ער מוז קומען, זאָל נאָר דער דור זיין ראוי דערצו...

ד ע ר ר ב: דיין בּיינקשאַפט איז אומריין — און דיין זען איז נאָר אַ דמיון... די זינד לאָקערט בּאַ דער טיר, מיט רשעים איז פול די וועלט, און דו זעסט אים קומען...

ד ע ר מ ק ו ב ל: אָבער ער האָט אונז אויסגעלייזט מיט זיינע ליידן, און זיינע יסורים זיינען אַ כּפּרה פאַר אונזערע זינד; מיט זיין גלות־אָפּריכטן האָט ער שוין גובר געווען אונזער גלות און מיט אונזער בּיינקשאַפט וועלן מיר אים צוציען צו זיך... קיין כּופרים און מתנגדים טאָרן גישט פאַרבּלייבן צווישן אונז, מ'טאָר נישט איבּערקלערן און מ'טאָר קיין נסים פון אים נישט מאָנען... מיטן זכות פון אונזער ב י נ ק־ ש אַ פ ט וועט צו אונז קומען אַצינד די ישועה, וואָס מיר האָבן אויס־ געקוקט אַף איר אַזוי פיל הונדערטער יאָרן. צי זעסטו נישט, אַז די וועלט איז פול מיט רמזים?..

ד ע ר ר ב: דו לעבּסט אין עולם התהו... אין דמיון זעסטו די גאולה, בּעת אידיש בּלוט גיסט זיך, ווי וואַסער, און ווערט אויסגע־ מישט מיטן שטויב פון די גאַסן. הער זיך צו, מקובל, צו די אידישע ווייגעשרייען, וואָס טראָגן זיך פון דער פּויליש־קאָזאַקישער ערד: דענסט־ מאָל וועט דיין נשמה פאַרציטערט ווערן, און דו וועסט זיך נישט דער־ וועגן מיט פאַלשער נביאות פאַלשן טרייסט צו געבּן...

ד ע ר מ ק ו ב ל: אָ, בּלינדער בּעל רחמנית! דאָס זיינען דאָך די וויי־טאָקן פון דער וועלט, וואָס דאַרף געווינען דעם מלך המשיח...

וואָס מער ליידן — דאָס זיכערער די גאולה, וואָס פינצטערער די ערד, דאָס ליכטיקער דער הימל...

ויער ס'וועט פאַרלענדט ווערן פון דער שווערד, און ווער ס'ייעט אויסגיין פון הונגער — דאָס זיינען דאָך די וויי־טאָקן פון משיחס צייטן, דער סימן פאַר זיין קומען. און נאָך אַלע ליידן, נאָך דער שווערד, דעם הונגער און נאָך דער מגפה וועט גאָט זיך דערבּאַרעמען, וועט אַראָפּנעמען צו דער ערד דעם בּית־המקדש, וואָס איז גרייט פאַר

אונז אין הימל, און דער שארית יעקב וועט ווערן אויסגעלייזט... אָ, איך זע עס באַשיינפּערלעך, די טויטע ביינער וועלן נאָך אופלעבן...

דער רב: דו זעסט משיחן און נישט די קייטן, וואָס האַלטן אים געשמידט... ווער קאָן וויסן, ווען ער וועט זיי קאָנען צורייסן: אונזערע זינד שוואַכן אָפּ זיינע כוחות...

דער מקובל: ס'איז געגליכן מיין געליבטער צום הירש — גרינג און גיך איז מיין „צבי" גובר אלע בערג און בערגלעך און בריינגט פאר אונז די ישועה... אים דריקט נישט קיין זינד און ער וויים ניט פון קיין מרה־שחורה... ער איז מבטל די תעניתים און קומט צו אונז, פאַרביינקטע און פאַרחלשטע, ווי דער אייביקער יום־טוב...

דער רב: געווען באַ אונז אַמאָל נביאים און טרייסטער, געווען אַמאָל חכמים־זעער, גאָר אַנדערע דורות... אַצינד אָבער ווער וועט און ווער טאָר דיר גלויבן?..

דער מקובל: זאָג ניט, אַז ס'איז אינגאַנצן נעלם געוואָרן די חכמה פון אונזערע חכמים. גאָט אַנטפּלעקט דעם טאָג, וואָס ער האָט אים פאַרדעקט, און ער קלייבט זיך אוים אַ צווייט מאָל זיין אתה־בחרתנו־פאָלק. די אידישע נבואה און די אידישע מלוכה באַנייען זיך אַצינד...

נאָר עס באַנייט זיך ניט דיין אויג, און עס אַנטפּלעקט דיר גאָר־נישט דיין אייגענער בליק: אָף הינטערוויילעכס זיינען זיי אויסגעקערט... דו, רב, גלויבסט נאָר אין אַמאָליקע צייטן, דו האָסט ניט קיין בשורה פאר אונזער צוקונפט, ווייל באַ דיר איז קיין איצט נישטאָ... דו גלויבסט, אַז אַלצדינג איז באַ אונז געווען, אַז אַלצדינג איז באַ אונז געשען, אָבער וואָס איז באַ אונז פאַראַן? וואָסערע האָפענונגען גיסטו אונז?... אונזער גוף איז פאַרמאַטערט, אונזער נשמה פאַרביינקט, און אונזער גייסט רופט צו דיר: זאָג אונז, וואָס וועט זיין? וואָס וועט מיט אונז געשען?... דו שווייגסט?... צי טאָר מען זיך אָפּזאָגן פון גרייטן דעם שבת, פון העלפן דער צוקונפט?...

דער רב: די ערשטע דורות האָבן געזען די לעצטע טעג, און איך גלויב זיי... צאָם איין די תאוה פון דיין גייסט: עס טאָר אונז ניט געלוסטן צו דעם, וואָס אמאָל איז געווען...

דער מקובל: אַמאָל געווען, זאָגסטו... אָבער וואָס גיסטו

איצט? מיט וואָס ווילסטו היילן אונזערע איצטיקע וואונדן? צי קאָן מען פון זיך אראָפּטרייסלען די אחריות פאַרן היינט? צי איז ניט אונזער אַלעמענס חוב — פאַרענטפערן גאָט און זיין וועלט? דער אַמאָל אָן דעם איצט איז אַ בנין פון לופט, אַ געדאַנק פון אַ ווינט־היטער, אַ פאַרבייגעפלויגענער שאָטן... דו גלויבסט... דו האָסט אַ שיינע כונה — אָבער וואָס טוסטו?.. דיין שיינענדיקער עבר בלייבט אָן פרוכטן, וואָרים עס פעלן אין דיין קבלה די מעשים...

דער רב: וויפיל גאוה אין דיין קבלה מעשית! דו פאַרמעסט זיך צופיל, דו קאָנסט די אויגן פאַרבלענדן און פאַרשוועכן נאָך חס וחלילה דעם נאָמען, וואָס עס האָבן אים געהייליקט מיט זייער לעבן און מיט זייער טויט אונזערע אַמאָליקע גדולים...

דער מקובל: אַמאָליקע גדולים!.. צי איז ניט אונזער חוב זיי נאָכצוטאָן און מיט הייליקן מוט זיך לאָזן גיין צום שפּיץ באַרג?.. ווי לאַנג נאָך וועלן מיר, אָפּשוואַכנדיק אונזערע כוחות, מעלה־גרה זיין אונזער עבר? ער מוז זיך דאָך אַמאָל אויסלאָזן! מיט וואָס וועלן מיר שפּייזן דעם הונגעריקן אין דער וויסטעניש פון אונזער היינט?.. שווער צו זיין אַ יורש, שווער צו טראָגן די אחריות פאַר דער גרויסער ירושה... מיט וואָס זיינען מיר איצט יוצא פאַר אונזער אַמאָל? צי קאָן מען דען פאַרבלייבן אייביקע יורשים? וואו איז אונזער אייגענע צוואה פאַר די קומענדיקע דורות?.. אָך, טרוקן די מוחות און פאַרשטיינערט די הערצער און מען לעבט מיט דער איינציקער תפילה פון בעטלער, אז זכות אבות זאָל בייסטיין!..

דער רב: מיר זיינען אָפּגעהיט, מיר ווייסן: נישט פאַר אונזער דור איז די צייט און נישט אין חוץ לארץ איז די ערד פאַר נייע הייליקע געשעענישן...

דער מקובל: אָבער וואו זיינען די מעשי־בראשית פון יעדן טאָג? דו זעסט זיי נישט, רב? ביסטו דער אמתער כופר!.. נאָר דאָס פאָלק איז קעגן דיר, עס גייט מיט אונז — עס גלויבט דאָס פאָלק, עס וויל אונז גלייבן, און דו, רב, ביסט פאַרבליבן עלנט, אַליין, ווי אַ פאַרגעסענער זאַנג אָף אַן אָפּגעשניטן פעלד.

דער רב: איך בין דיר ניט מקנא פאַר דעם המון, וואָס לעבצט

נאָך דיינע הבטחות, פאַר דעם עם־האַרציִשן ערב־רב, וואָס לויפט דיר נאָך, פאַרפירט פון דיינע רייד...

דער מקובל: דאָס זיינען דאָך די אָרימע פון מיין פאָלק! זיי זוכן בא מיר הילף... מיט דיר זיינען די גבירים — מיט מיר די אָרעמעליט, מיט דיר די זאַטע — מיט מיר די הונגעריקע, מיט דיר די צופרידענע — מיט מיר די אומגליקלעכע. דער צופרידענער נויטיקט זיך ניט אין דער גאולה ממש, פאַר אים איז גענוג דער גלויבן, ער דאַרף ניט דעם אמת, עס קלעקט פאַר אים דער חלום, די שפיל פונם דמיון. פאַרן גביר לעבט דער רב, דער מאמין, פאַרן המון דער מקובל, דער בעל מעשה: די ליידנדיקע ווילן זען מיט זייערע חושים. וואָס קאָנען זיי טאָן מיט דער גאולה פון אייער אני מאמין? בלייבט זי דאָך ביי אייך נישט מער, ווי א רעיון, נישט מער, ווי א דמיון!...

דער רב: מיר גלויבן און מיר טוען תפילה. עס מוז העלפן א תפילה פון דורות...

דער מקובל: איר טוט, אמת, תפילה, אָבער פאַר וועמען? אַזוי פיל דורות בענטשן, אַזוי פיל דורות בעטן גאָט — פאַר פרעמדע מלכים... שוין לאַנג צייט געוועזן א טראַכט צו טאָן, צי האַלט דאָס ניט אָפּ די גאולה... זעענדיק אונזערע הענט, געהויבן צום הימל פאַר פרעמדע מלכים, צי מוז ניט דער נותן תשועה אין צער און צאָרן פאַרבלייבן צוליב דער אייביקער תפלה פון קנעכטשאַפט? ווען וועט איר שוין העלפן באַנייען די אידישע מלכות? ווען וועט איר שוין בייטן די תפלה פון גלות?..

דער רב: מיר וואַרטן אַף א סימן פון אַן אמתן נביא און פון אַן אמתן מלך. שוין נישט איינמאָל געקומען צו אונז כלומרשטע נביאים און כלומרשטע משיחים. מיר האָבן זיי, די זינדיקע, פון אונזער מחנה פאַרטריבן, מיר האָבן די פאַרפירער פון קהל פאַרשטויסן, מיר זיינען פאַרבליבן געטריי צו זיך אַליין...

דער מקובל: אַך און וויי צו קהל! איך הער די טריט פון די פאַרטריבענע, דעם קרעכץ פון די פאַרבלאָנדזשעטע... א וויי־געשריי איבער אונזערע פאַרלאָרענע כוחות דערגייט צו מיר פון ווייטע און נאָענטע דורות: דאָס קלאָגט און יאָמערט די שכינה איבער די אָפּגעשניטענע גלידער. ווער נישט דערוואַקסן און ווער דערשטיקט, ווער נישט

דערגאַנגען, ווער פאַרטריבן און ווער דעם וועג פאַרלאָרן... און עס דערגרייכט צו מיין אויער אַ בת־קול פון אונזער געשיכטע, דער שופר פון משיח: „די ליבע פאַרדעקט אַלע זינד“... פון די טיפענישן פון מיין האַרצן רוף איך צו אונזערע פאַרטריבענע און פאַרוואָגלטע משיחים, איך וויל מיך באַהעפטן מיט זיי: בין איך דאָך ביין פון זייער ביין, פון גאולה־בייַנקשאַפט זיינען מיר אַלע געבוירן. די ישועה איז נאָך ווייט פון זייער צייט געווען, און די קינדער פון דער גאולה־בייַנקשאַפט זיינען מיט צער און צאָרן אַוועק פון דער מוטער, וואָס האָט זיי געוויינען... נאָר אַצינד, בעת מיר ווערן אויסגעלייזט, קומט אַ סוף צום צאָרן און צו דער שנאה, אַ סוף צו דעם אומעט, די שמחה מאַכט ברייטער דאָס האַרץ, און איך פיל שוין, ווי עס טוליען זיך צו מיר אַלע גאולה־פאַר־בייַנקטע נשמות, פון ישו הנוצרי ביז אונזערע צייטן, אַלע ישועה־אָנזאָגער און „פאַלשע“ משיחים, וואָס אונזער אומעט האָט זיי פאַרטריבן... אָ, איך פיל, עס שפּראָצט אַ נייַ לעבן אין מיר, געבענטשט איז מיין ליבּ, גאָר ווי אַמאָל, מיט אַ שטאַרקער געהויבענער אמונה, מיין ליכטיקייט האָט זיך צו מיר אומגעקערט, איך שטיי אויף און וועל שיינען איבער־אַ־נייס פאַר דער וועלט, איך בין ווידער אַן אָנהויב...

ד.ע.ר. ר.ב.: נאָר דו וועסט אויסלאָזן מיט שמד!..

„אידישע פאָלקסבלאַט“ 1918, קיעוו.

# אידן און אידישקייט

אָדער

# וועגן אידישער אפּיקורסות.

והמשכיל ידום.
און דער משכיל מוז שווייגן.
אבן עזרא.

„דרכן של בני אדם אומרים: תורה קדמה;
אבל אני אומר: ישראל קדמו.
„דער שטייגער פון לייטן איז צו זאָגן: די
תורה איז פריִער און בילכער; אָבער איך
זאָג: אידן זיינען פריִער און בילכער“.
תנא דבי אליהו.

## א.

אָט דאָס איז די געשיכטע, ווי מען האָט פאַרשקלאָפּט דעם אידישן געדאַנק. ס'איז געווען דער אויפטו פון די בעלי־התלמוד, וואָס זיינען די אבות פון אַלע מינים רבנים אין דער אידישער וועלט. גבורה פון נביאים האָבן זיי ניט פאַרמאָגט, האָבן זיי מיט תקיפות אויסגעטייטשט די ווערטער פון דער תורה און פון אַ פאָלק באַשאַפן אַ כיתה מיט איין דעה — אַ סעקטאַנטישע יהדות־אָרגאַניזאַציע. און די דאָזיקע באַשעפער פון אונזער אידישקייט האָבן אַנדערש ניט געקאָנט טאָן, וואָרים זיי האָבן זיך גענומען די שליחות צו פאַרבייטן דעם חורבן פון אַ פאָטערלאַנד מיט אַ גייסטיק ארץ־ישראל. „אָנגעוואָרן אַ ירושלים פון דער ערד, האָבן זיי געגעבן דעם פאָלק אַ ירושלים פון הימל. און דאָס גייסטיק לאַנד, די יהדות, דאָס אידישקייט, האָט באַדאַרפט זיין אַזוי פעסט און אַזוי זיכער, ווי די אמתע ערד פון יהודה. קיין יחידישע מיינונג אָדער שטימונג האָט ניט געטאָרט צעטרייסלען דעם גייסטיקן בנין: נאָר ביז אַ גרעניץ האָט דער איד געמעגט דיינקען, נאָר ביז אַ גרעניץ האָט דער איד געמעגט פילן.

פאַרן גוף האָט נאָר דער שבת געהאַט אַ תחום, פאַר דער נשמה האָט אויך די וואָך געהאַט אַ תחום. אָפּטרעטן פון דער כלל־דעה, אַריבער־שפרייזן דעם געשטעלטן תחום איז אין אַ גייסטיק פאָטערלאַנד געגליכן צו כפירה אין דער אומה, צו פעלשונג אין דער נאַציע. און אַפן מזבח פונם גייסטיקן פאַטריאָטיזם האָט מען געמוזט ברייגען מענטשן־קרבנות, דאָס זיינען געווען די קדושים פון פרייען געדאַנק"...

און ווייל דער אידישער גלות איז דער קוואַל־ברונים פון דער אידישער רבנות, איז די אידישע אפּקורסות פאַרקניפּט מיט דער אידי־שער גאולה.

ס'איז שווער צו פאַרשטיין דעם כוח, וואָס שטעקט אינם רבנישן „שטריימל", און ס'איז דעריבער גרינג פון אים אָפּצולאַכן: ניט פון זעלנער און פון שליפעס ציט דאָס שטריימל זיין תקיפות, און משכילישע לצנות האָט ניט פאַרוואָס מורא צו האָבן. צי קאָן אָבער דער משכיל, דער לץ, האָפן, וואַרטן אַף נצחון? דער ריינער תמימותדיקער משכיל בוודאי ניט... דאָ קען מען שוין ניט אויסקומען מיט קריטיק און מיט סאַטירע, ד. ה., מיטן ריינעם טעאָרעטישן שכל, וואָרים דאָס רבנישע שטריימל ווערט געשפּייזט פון אידישע צרות, און ווער ס'וויל גובר זיין די אידישע רבנות, מוז גובר זיין דעם אידישן גלות... און דאָס איז שוין ניט אַזוי גרינג... די פּראָבלעם פון פרייען אידישן געדאַנק ווערט אַ פּראָבלעם פון פרייען אידישן פאָלק — די פראַגע פון וויסן ווערט אַ פראַגע פון טאָן.

ב.

אונזערע משכילים האָבן דאָס ניט פאַרשטאַנען, און דעריבער האָט דאָס שטריימל זיי גובר געווען. זיי זיינען אַלע געוואָרן בעלי־תשובה... פרץ לאַכט שוין ניט, ווי אַמאָל; ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין די טיפענישן פון דער שטריימל־סימבאָליק און האָט אונז אַנטפּלעקט דעם סוד פון איר נאַציאָנאַלער חשיבות... דער משכיל איז מגולגל גע־וואָרן אין אַ חסיד, פון דער פרייעלכער, לאַכנדיקער וויסנשאַפט איז ער אַריבער צו דער שטילער און שיינער חסידות. און ווי ווייט איז שיינ־קייט פון פרומקייט? צי ווילט זיך אונז ניט כורעים פאַלן אינם בית־

המקדש, וואָס אונזער בייִנקשאַפט נאָך שיינקייט האָט פאַר זיך אויסגע-
בויט? צי בוקן מיר זיך ניט פאַר אונזערע אידעאַלן? אַ תפילה בלחש,
אַ שטיל געבעט, האָבן מיר שוין לאַנג געהערט פון פרצן, איצט דאַוונט
ער אַפן קול. צוזאַמען מיט זיין משפּיליש-חסידישער העלדין לאה, וואָס
האָט אין די יונגע יאָרן געטראָגן צום פינצטערן עולם דאָס ליכט פון
דער השכלה, האָט ער איצט תשובה געטאָן און זיך איינגעקייטלט אין
דער „גאָלדענער קייט“. „קאַלט איז דאָס ליכט, אַזוי קאַלט, און
חרטה האָט זיין האַרץ...“ אמת, הלל צייטלין איז אין דעם פּרט
גערעכט: פּרץ האָט נישט קיין גאָט, ער האָט נאָר אַ הימל. נאָר אַ
ממשותדיקע ערד האָט פּרץ בוודאי ניט, און דעריבער טאַקע רופט
ער אונז אין הימל אַריין... ס'איז אַ שיינער הימל, ער האָט אים
אויסגעצירט מיטן זיבעטן אידישן חן, אָבער פאָרט אַ הימל... וואו איז דער
פרייער אידישער געדאַנק, וואו איז די ממשותדיקע אידישע ערד?

איך ווייס, מיר לעבן אין אַ משונהדיקער צייט. אַף מיין פראַגע
וועלן אפילו היינטמאָדישע אידן ענטפערן: מה רעש? נישקשה, מען
קאָן אויסקומען אָן א פרייען געדאַנק און אָן אַ פרייער אידישער ערד.
ניט פּאָלעמיזירן מיט זיי איז מיין צוועק, מיין מיין איז מער נישט
מסביר צו זיין איין געדאַנק, קלאָר צו מאַכן די שייכות פון דער אידי-
שער אפּקורסות צו דער אידישער פּראָבלעם. אגב וויל איך אָבער
אָנמערקן, אַז ס'לוינט ניט, אַריינצולאָזן זיך אין א וויכוח מיט די דאָזיקע
היינטוועלטיקע „רבנים“: זיי ציען דאָך זייער גאַנצע חיונה פון אונזערע
אַלטע רבנים, וואָס זיינען די אמתע, די אָריגינעלע באַשעפער פון אונ-
זער אידישקייט.

ג.

און אָט די אַלטע רבנים טענהן כסדר, אַז די תורה איז בילכער
פון אַלצדינג... מיר, אפּקורסים, זאָגן, אַז אידן זיינען בילכער, און
ס'אַרט אונז ניט, וואָס די מצוות וועלן בטל ווערן אַבי... און אָט דאָ
דאַרפן מיר זיך דערמאָנען, אַז די מצוות זיינען דער רעליגיעזער טייטש
פון אונזער נאַציאָנאַלער פרייהייט, אַ דמיון, א סימן און אַ משל פון
אַ זעלבשטענדיקן לעבן, און אַז זיי קאָנען בטל ווערן נאָר אינם נמשל,
אין אַ אידיש לאַנד. אינם גרויסן היסטאָרישן וויכוח פונם אידישן לעבן,

אין דער מלחמה צווישן תורה און אידן, צווישן רבנות און עולמות, געטלעכקייט און וועלטישקייט, דאַרפן אַלע אידישע דיינקער אויבקלייבן איינעם פון די צוויי וועגן: אָדער אַ מיסטיש באַהעפטן זיך צו דער אידישער אמונה, אָדער אַ לעבעדיקן צובונד צו אַ אידיש לאַנד.

וואָרים נאָר אין אַ אידיש לאַנד קאָן די אידישע אפּקורסות אַראָפּוואַרפן פון זיך איר נאַציאָנאַלע זינד.

אָדער אין אַ מער אַלגעמיינעם נוסח: די ווייסנשאַפט און די מאָראַל, דער „טעאָרעטישער" און דער „פּראַקטישער" שכל, מיטן לשון פון קאַנט גערעדט, קאָנען ניט לעבן בשלום אין גלות — דער פרייער געדאַנק מוז באַ אונז ווערן אַ חטא, און פאַרקערט, דער פאַרשקלאַפטער געדאַנק, די זינד קעגן דעם הייליקן גייסט, ווערט באַ אונז מגולגל אין אַ מצוה.

דערמאָנט זיך אָן דעם וויכוח, וואָס דער אַלטער רב בנימין פירט מיט די יונגע לייט, די משכילים, אין מענדעלעס „אַלטער מעשה". די יונגע לייט האָבן זיך פאַרזינדיקט: לא די, וואָס זיי האָבן אַליין זיך גע־נומען פאַר בילדונג, האָבן זיי נאָך אַנדערע פאַרפירט אין אַזאַ אומגליק, און ס'איז געוואָרן אין שטעטל אַ מהומה. רב בנימין רעדט זיי אויס גאַנץ דעליקאַט זייער חטא, און בעת די יונגע לייט הויבן אָן לויבן די בילדונג, וואָס איז, לויט זייער מיינונג, לחלוטין קיין עברה ניט, נאָר פאַרקערט, אַ גליק פאַר אידן, ברייננגט זיי רב בנימין דעם משל מיט די בוימער, וואָס גאָט האָט אין זיי אינעווייניק גוט פאַרבאַהאַלטן דעם זאַפט, כדי זיי אָפּצוהיטן פון ווינטער־קעלט. זאָלן קומען פאָקוסניקעס און מיט דער שוואַרצער קונץ מאַכן אַרויסשפּראָצן פאַר דער צייט געמלאָכהטע בלעט־לעך, וועלן זיי, פאַרשטייט זיך, מאַכן אַ תל פון די בוימער. „פאַרוואָס־זשע זאָלט איר, קינדערלעך, אין די אידן אַצינד, באַ זייער הייניטיקער לאַגע, נישט זען די אייגענע גבורות הבורא, וואָס אין דעם בוים ווינטער? אַ־יאָ, דער הימל איז אַצינד אַרום און אַרום באַליגט מיט פינצטערע כמאַרעס, פון אַלע זייטן שטורעמען שטאַרקע, קאַלטע ווינטן. דער איד שאָקלט זיך נעבעך, אָנבויגנדיק דעם קאָפּ אַהין און אַהער, אָן אַ רגע מנוחה. דאַכט זיך — אָט פאַלט ער, און עס ווערט פון אים אַ הויפן ביינער. נאָר דער זאַפט פונם אידישקייט ליגט אין אים גוט באַהאַלטן

ס'איז דאָ טיף אינעווייניק אין אים אַ לעבן, אַ נשמה... לאָז מען זשע אַצינד אים לאָזן צורו, און ניט וועלן מיט גוואַלד, דורך פּאָקוסן, אָנ־הייגגען אים פאַר דער צייט עפּעס בלעטלעך אַזעלכע, וואָס חוץ צרות, קרענקונג און יסורים וועט דערפון קיין פּירות נישט אַרויסקומען. — שפּעטער, אם ירצה השם, אַז עס וועט אַ שיין געבן די ליכטיקע זון, די ווינטן וועלן געשטילט ווערן, אין דרויסן וועט זיין מחיה וואַרעם — דעמאָלט וועט, ווי ישעיה הנביא זאָגט, שפּראָצן און בליען ישראל און אַרויסגעבן פיל פרוכטן"...

אָט אַזוי האָט רב בנימין ניט אַף אַ לאָגישן, נאָר אַף אַ כראָ־נאָלאָגישן אופן פאַרענטפערט די סתירה צווישן טעאָרעטישן און פּראַקטישן שכל. נאָר דאָס האַרץ, האָט אים, ווייזט אויס, געזאָגט, אַז דער ענטפער איז קיין ענטפער ניט, און אַז זיין פּשרה האָט אין זיך געגנוג טראַגיק. וואָרים, אַז די יונגע לייט זיינען אַוועקגעגאַנגען, האָט ער געזאָגט מיט אַ קרעכץ, שאָקלענדיק דערביי מיטן קאָפּ: „וואָס איז שול־דיק דאָס אָרימע קינד, דאָס יתומל, נעבעך, אַז דאָס יונגע בלוט זיינס איז וואַרים? אַז עס גלוסט זיך אים, נעבעך, אויך אָנקוקן גאָטס וועלט, צו לעבן, אַרבעטן, צעפירן אַביסל די הענטלעך אין די יונגע יאָרן ווי אַלע אַנדערע? ניין, יתומל, זאָגט מען אים, דיין בלוט טאָר נישט זיין וואַרים... ניין, נישטאָ פאַר דיר קיין יוגנט!.. לאָז זיך אַן אָרימאַנס אַ קינד נישט גלוסטן! שטופּ זיך ניט צווישן אַנדערע! זיי מעגן און דו טאָרסט נישט, דאָס, וואָס פאַר זיי איז אַ גליק, איז פאַר דיר גאָר אַן אומגליק. שאַ, ליג באַגראָבן!.. אַ רחמנות, כ'לעבן, אַף די דאָזיקע יונגע לייט, זייער וואוילע קינדער!"

נאָר מענדעלעס רחמנות ווערט באַ אונז מגולגל אין אַ היסטאָ־רישן צער, און דער טרויעריקער מזל פון זיינע יונגע לייט, פון די יונגע אידישע קינדער, גיסט זיך באַ אונז צונויף מיט דער טראַגעדיע פון אונזערע גרויסע דיינקער, מיט דער קולטור־טראַגעדיע פון גלות. דערמאָנט זיך אָן אוריאל אַקאָסטאַ, ברוך שפּינאָזא און שלמה מיימון... מיר באַרימען זיך מיט זיי פאַר לייטן, פאַר דער וועלט, — אָבער פאַר אונז אַליין זיינען זיי ווי די חנוכה־ליכטלעך, וואָס מען טאָר פון זיי קיין הנאה ניט האָבן. מיר האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון אונזערע קהלות, מיר האָבן פאַרשלאָסן פאַר זיי אונזערע הערצער און אונזערע מוחות, און

אונזער אומגליק איז געווען, וואָס מיר האָבן דאָס געמוזט טאָן. — צי קענען דען „הייליקע קהלות“ זיך איינלעבן מיטן פרייען געדאַנק? צי איז אונז ווייניק געווען די קלאָג אַף חורבן ירושלים, האָבן מיר נאָך געדאַרפט דערלעבן אַ חורבן פון אונזערע קהלות? צי האָבן מיר געקאָנט גלייכגילטיק צוקוקן, ווי מען מאַכט עולם הזה, די וועלט פאַר אַ גאָט, די דאָזיקע פאַרחושכטע וועלט, דעם עמק הבכא, די וועלט פון קלאָג און פון יאָמער, וואו מיר האָבן אַזוי פיל געליטן און וואו מיר ליידן נאָך איצט אַזוי פיל? מיר און די וועלט — צוויי פאַרביסענע שונאים, ווי דער שוואַכער און דער שטאַרקער, צי האָבן מיר געמעגט דערלאָזן, אַז מען זאָל בײַ אונז אָפּנעמען די איינציקע נחמה, די זיסע נקמה פון מבטל מאַכן די „דאָזיקע וועלט“? — קעגן זייער פרייען געדאַנק האָט פּראָטעסטירט אונזער שקלאַפן־מעמד, קעגן זייער פריילעכן מח — אונזער אומעטיק הארץ, קעגן זייער ווייסנשאַפט — אונזער לעבן. צי האָט בײַ אונז געקענט וואַקסן דער פרייער געדאַנק? און וואָס פאַר אַ פרייער געדאַנק! אוריאל אַקאָסטאַ האָט געלייקנט שכר ועונש און האָט נביאות געזאָגט וועגן נאַטור־רעליגיע, שפינאָזאַ האָט די נאַטור פאַרגעטליכט, און שלמה מיימון האָט די גאַנצע וועלט צונויפגעקליבן אינם מענטשנס גייסט און האָט דערמיט דעם מענטש אַליין געמאַכט פאַר אַ גאָט — צי האָט אַזאַ תורה געפּאַסט פאַר דער אידישער וועלט און פאַר אונזער אָנמעכטיק פאָלק?

ד.

זיי זיינען ריינע תמימותדיקע און דעריבער טראַגישע משכילים געווען: צוליב זייער תורה האָבן זיי געמוזט די אידן מקריב זיין, און זייענדיק פרייע דענקער בײַ אַ רבניש פאָלק, האָבן זיי דורך דעם אַליין פאַרלייקנט זייער פאָלק. דאָס איז זייער פּערזענלעכע טראַגעדיע געווען, און צו דער אייגענער צייט די טראַגעדיע פון אונזער קולטור. אָט אַזוי איז דער גורל פון אידישן געדאַנק פאַרקניפּט מיטן גורל פון אידישן פאָלק. און אַ רמז, אַ סימבאָל פון זייער גליכן מזל האָט אונז איבערגעלאָזט די אידישע געשיכטע: זי האָט שפינאָזיזם און שבתי־צבי־באַוועגונג, די פרייהייט־באַוועגונג פונם אידישן געדאַנק און די פרייהייט־באַוועגונג פון אידישן פאָלק, געלאָזט אויפקומען אין איין צייט, פּונקט, ווי זי וואָלט אונז דערמיט אָן אָנצוהערעניש געגעבן, אַז דער נצחון פון שפּי־

נאָזאַ איז נאָר מעגלעך דורך אַ נצחון פון שבתי-צבי, אַז פּאַנטעאיזם — ערדישע געטלעכקייט, קאָן נאָר לעבן בא אַן ערדיש פאָלק. דאָס איז ניט נאָר אַן אויספיר פון אַ טעאָרעטישער הנחה, מיר האָבן אַף דעם סמנים פון דער אידישער געשיכטע. די אַפּקורסישע קריטיק פון דער אידישער רבנות האָט טאַקע דערפירט שפּינאָזאַן צו אַ אידישן מלוכה-אידעאַל: דער גרויסער פריי-דענקער האָט זיך אָנגעשטויסן אַפן נאַציאָנאַלן ציל פונם גרויסן מיסטיקער.

„ווען דער גייסט פון דער אידישער אמונה, — זאָגט ער אין זיין „טעאָלאָגיש-פּאָליטישן טראַקטאַט“ — וואָלט ניט ווייבעריש-ווייך געמאכט די אידישע נשמה, בין איך בטוח, אַז בא אַ גוטער געלעגנהייט, וואָלטן אידן איבער-אַ נייס געקענט אופבויען זייער מלוכה און ווידער ווערן אַן אויסדערוויילט, געטלעך פאָלק.“ און דאָס איז דער באַהאַלטענער מוסר אינם גאַנצן דריטן קאַפּיטל פונם טעאָלאָגיש-פּאָליטישן טראַקטאַט, וואו שפּינאָזאַ פלייסט זיך מיט טויזנט ראיות צו דערווייזן, אַז די אידישע נביאות איז ניט קיין אויסנאַם-דערשיינונג, אַז אַלע פעלקער האָבן געהאַט נביאים, און אַז ניט צוליב דעם זיינען אידן אויסדערוויילט. „די אייביקע אויסדערוויילטקייט פון אידן, זאָגט שפּינאָזאַ, באַשטייט אפשר אין דעם, וואָס זיי וועלן זיך אומקערן צו זייער מלוכה.“ ערשט איצט קענען מיר פאַרשטיין, וואָס דאָס באַטייט. דאָס איז די ט ע אָ ר ע ט י ש ע אַנטפלעקונג פון דער פּאָליטישער אידישער נאַציע, פונקט אַזוי ווי די שבתאי-צבי באַוועגונג איז געווען די פּ ר אַ ק ט י ש ע אַנטפלעקונג פון דער אידישער נאַציע. דאָס איז די אָנערקענונג פון דער אידישער, נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אידעאָלאָגיע, וואָס די יהדות-שיטה האָט זי אויסגעמעקט אינם זכרון פונם פאָלק, און אפשר דער טיפסטער געדאַנק אין שפּינאָזאַס קריטיק פון דער אידישער רבנות: אַנטקעגן דעם מיסטיש-רעליגיעזן אתה-בחרתנו-אידעאַל פון די רבנים האָט ער אין שטרענג אויסגעהאַלטענע געדאַנקען און קאַרגע ווערטער אָנגעצייכנט דעם אתה-בחרתנו-אידעאַל פון דער ס אָ צ י אַ ל ע ר אידישער מלוכה.

די געשיכטע האָט אונז אויך אַ צווייטן רמז געגעבן אין דעם פּרט. צי איז עס ניט כאַראַקטעריסטיש, וואָס די פאַרטיידיקער פון דער אי-דישער רוחניות, פונם רבניש-גייסטיקן מהות פונם אידישן פאָלק, האָבן ניט אופגעהערט צו שרייען אין איין קול — אַז סיי דער שפּינאָזיזם, סיי

די שבתאי־צבי־באַוועגונג זיינען, רחמנא לצלן, געווען בייזע אָנשיקענישן אַף דעם אידישן פאָלק? אַ בלינדער „רבנישער“ שכל און אַ לעבער־לעבער כּעס האָט נאָך אינם 19־טן יאָרהונדערט געפירט די פען פון פראָפעסאָר היינריך גרעץ, בעת ער האָט געשריבן וועגן די ביידע באַוועגונגען. די רבנישע אידעאָלאָגיע האָט אַף אַזוי פיל פאַרטעמפּט זיין מוח און זיין האַרץ, אַז ער האָט די ברייטע און טיפע שבתאי־צבי־באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע קהילות פון מזרח און פון מערב, פשוט דערקלערט פאַר אַ קבלה־שווינדל. אָט ווען דער אויפגעקלערטער פּראָפעסאָר גרעץ, וואָס ווייס קלאָר, אַז דער זוהר איז פול מיט נאַריש־קייטן, וואָלט דערמאָלט געלעבט, וואָלט די אידישע געשיכטע גאָר אַן אַנדער פּנים געהאַט. און ס'פאַרשטייט זיך, פון דער אַנדער זייט, אַז ווען שפינאָזאַ וואָלט עפּעס געוואוסט וועגן דער דייטשער חכמת ישראל, וואָלט ער ניט געווען קיין אפּקורס און וואָלט גאָר אַנדערש געטראַכט און אַנ־דערש געלעבט. ביידע באַוועגונגען, פון שפינאָזאַ און פון שבתאי־צבי האָבן געהאַט אין אידישן פאָלק איין שונא און איין מזל: די רבנישע תורה האָט זיי גובר געווען. די גאולה איז געבליבן אַ דמיון, אידן זיינען פאַרבליבן אַ ממלכת כהנים, אַ רבנישע אומה, און די רבנים האָבן גע־מוזט דעם כופר דעם פרייידיינקער אַריינלייגן אין חרם. — צי האָט שפינאָזאַ זיך באַדאַרפט אָפּזאָגן אַף אַ וויילע, לויט ר' בנימינס־מענ־דעלעס עצה, פון זיין פרייען געדאַנק און העלפן בויען די יונגע רבנישע קהלה פון אַמסטערדאַם? האָט ער באַדאַרפט מיאוס דיינקען, כדי שיין צו טאָן? נאָר, צי האָט זיך אַזאַ גאון געקאָנט אונטערגעבן? די סתירה צווישן שפינאָזאַס אפּקורסות און דעם אידישן כלל־גלויבן האָט ניט געקאָנט ווערן אויסגעמיטן, און לייקענענדיק ווידער אין דער רבנות, האָט ער בעל כרחו געשלעפּט נאָך זיך די צווייטע עברה, די כפירה אין דער רבנישער אומה און דער אידישער „הייליקער“ עדה: ס'איז אַ טראַגישער קאָנפליקט געווען, און שפינאָזאַ איז אַוועק פונם אידישן קהל.

## ה.

נאָר דאָס איז געווען אַמאָל, וועט מען זאָגן, בשעת די קהלות זיינען געווען הייליק, און בשעת אידן זיינען נאָך געווען הייליק. איצט אָבער זיינען אַזעלכע סתירות און קאָנפליקטן ניט מעגלעך, וואָרים מיר

זיינען אַלע פרייַדענקער (בפרט דער יונגער דור), אַחוץ, אפשר, אייניקע צולהכעיסניקעס, וואָס האָבן זיך דווקא איינגעשפּאַרט און גלויבן מיט געוואַלט און דאַווענען מיט אַ פּניה...

אינדעראמתן זיינען אָבער די דאָזיקע צולהכעיסניקעס פלייש פון אונזער פלייש און ביין פון אונזער ביין, אינדעראמתן שטריכלען זיי מער נישט אונטער אונזערע אייגענע געדאַנקען און געפילן, זיינען זיך מקריב צו ווערן אונזער קאַריקאַטור, כדי צו אַנטפּלעקן אונזער תוך. די סתירה צווישן אונזער פרייען געדאַנק און אונזער חוב לגבי דער אידישער געזעלשאַפט ליגט אין עצם תוך פון אידישן כלל-לעבן אין גלות, און פאַרקערט, בעת מיר ווילן יוצא זיין פאַר דער עטיק, בעת מיר ווילן זיין מאָראַליש, מוזן מיר זינדיקן קעגן דעם פרייען געדאַנק.

אַלע האָבן מסתמא געהערט וועגן דעם איידעלן מאָראַלישן טריט פונם באַוואוסטן סאָציאַל-דעמאָקראַט פּויל זינגער: אַ געבוירענער איד, איז ער אָבער ניט געווען צוגעשריבן צו דער אידישער קהלה: ער האָט געלעבט לויט זיינע טעאָרעטישע איבערצייגונגען, פריי פון יעדער גלויבן-אָרגאַניזאַציע, פריי פון סינאַגאָגע און קלויסטער, און איז געווען, ווי מען רופט עס דאָרטן „קאָנפעסיאָנסלאָז“. נאָר בשעת עס איז אויפגעקומען אין דייטשלאַנד די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג, האָט אים זיין מאָראַלישער חוש אונטערגעזאָגט, אַז זיין אָרט דאַרף איצט זיין אין דער מחנה פון די גערודפטע, באַליידיקטע און דערנידעריקטע, און ער האָט זיך פאַרשריבן אין דער אידישער קהלה. בשעת ער איז געשטאָרבן, האָט מען אים געבראַכט צו קבר ישראל לויטן אידישן דין. האָט דאָ ניט דאָס איידעלע האַרץ גובר געווען דעם פרייען קאָפּ? האָט דאָ ניט דאָס מאָראַלישע געפיל פאַרבויגן דעם פרייען געדאַנק?..

אָבער דאָס זיינען מערב-אידן, קאָן מען צו מיר קומען מיט אַ טענה, מיר, מזרח-אידן, זיינען עפּעס אַנדערש. דער משל פויל זינגער איז ניט גלייך צו אונזער נמשל, וואָרים זיין טעות האָט זיך גענומען דערפון, וואָס אומקערנדיק זיך קאַריק צו דער אידישער קהלה, האָט ער ניט אַנערקענט די אידישע וועלטלעכע נאַציע און דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער אידישער עדה. מיר, נאַציאָנאַליסטן פון אידישן מזרח, זיינען פריי פון אַזוינע סתירות.

אָט די דאָזיקע מיינונג האַלט איך פאַר איינעם פון די גרעסטע טעותן אין אונזער נאַציאָנאַליזם. קודם כל האַלט זי ניט אויס דעם נסיון מיט דער פּראַקטיקע. מיר מעגן זיך האָבן פאַרשיידענע מיינונגען וועגן דעם צוקינפטיקן כאַראַקטער פון דער אידישער קהלה, פונדעסטוועגן וועט קיינער פון אונז ניט לייקענען, אַז איצט איז זי אַ רבניש־טעאָלאָגישער בנין. און מיר קאָנען ווייטער זיין פייערדיקע אָפּטימיסטן, און גלויבן אין נצחון פון וועלטליכקייט צווישן אידן און פונדעסטוועגן וועלן מיר מוזן מסכים זיין, אַז אונזער דור וועט אפשר גאָר איינגאַנצן אויסשטאַרבן, איידער ס'וועט זיך איבעראַנדערשן דער דאָזיקער כאַראַקטער פון דער אידישער קהלה. היינט וואו איז אונזער אויסגעהאַלטנקייט? פון דער שעה פון געבאָרן ווערן ביז צום טויט זיינען מיר, פריידענקער, איינגעזייקלט אין רבנישע דינים, מיר מאַכן פּשרות באַ יעדן טריט און מיר באַרויקן זיך מיט אונזער נאַציאָנאַל־וועלטלעכן אני מאמין. וואו איז דער דרך ארץ פאַר אונזער פרייען געדאַנק? אין דער אמתן אָבער זיינען מיר נאָר כלומרשטע פריידיינקער, און אונזער אומגליק איז, וואָס מיר ווערן ניט נאָר געשטרויכלט באַ אַ פּראַקטישן נסיון, נאָר וואָס מיר האַלטן ניט אויס אויך קיין טעאָרעטישן פּרואוו. די רבנות האָט פאַרשקלאַפּט דעם אידישן גייסט, אַ מרה שחורה אַרופגעוואָרפן אַף דעם אידישן געמיט, און פון קליין ביז גרויס, פון פּשוטן איד ביז צום שטאָלצן פריידיינקער, טראָגן אַלע געדולדיק דעם עול התורה, דעם יאָך פון דעם רבנישן אידישקייט.

וואָרים וואָס איז אַזוינס דער היינטוועלטיקער נאַציאָנאַליזם? נישט מער ווי אַ ניצוץ פון דער אידישער רבנות, וואָס פון איר שעפּט ער זיין גאַנצע חיונה. אין אַן אַנדער אָרט האָב איך אונזער נאַציאָנאַלן כלומרשט־וועלטלעכן רוח כאַראַקטעריזירט בזה הלשון: „ער האָט רבּיים אָן אַ צאָל און לעבט פון אַלעמענס שיריים. אָט קלייבט ער נחת פון אַ חסידישן רבּין, און אָט איז ער אַ משרת באַ אַ מתנגדישן רב. אמת, קיין בעל־תפילה איז ער ניט, וואָרים ער האָט דאַווענען פאַרגעסן. אָבער דער־פאַר גייט ער שטענדיק אַרום מיט אַ טיפער כונה... און בעת אידן זיצן תשעה באב אין שול און זאָגן קינות, זיצט ער אין שטוב און איז מכוון... בעת אידן זיינען מיט אַ באַנייטער נשמה מקבל שבת, דעקט ער צו סימבּאָליש זיין טיש מיט אַ ווייסן טישטוך, צינדט אָן די

שבת־ליכט און איז מכוון דעם עונג שבת. ער איז שטענדיק פאַרטאָן אין כוונות, וואָרים דאַוונען האָט ער פאַרגעסן...“

און די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק פּאַסט פאַר אַלע אונזערע נאַציאָנאַ־ליסטן, אָנגעהויבן פון די פרומע בעלי־תשובה און אויסגעלאָזט מיט אונ־זערע ראַדיקאַלן. די שבת־אידיליע מיט דעם ווייסן טישטוך און מיט די אָנגעצונדענע, אָבער ניט־געבענטשטע ליכט האָב איך דווקא גענומען פון אַ בונדישן ספר.

די דאָזיקע פשרות אַלע זיינען ניט קיין צופעליקע דערשיינונגען באַ אונזערע נאַציאָנאַליסטן, וואָרים זיי בויען דאָך זייער גאַנצן בנין אױף דער אידישער רבנות. וואָס איז דאָס אַזוינס, אין עצם תוך, די נאַ־ציאָנאַלע וועלטלעכע קהלה, וואָס מיר שטרעבן צו איר? אַז מען פאַר־פוצט זי מיט נייע ווערטער, „פּערסאָנאַלע, עקסטעריטאָריאַלע אַווטאָנאָמיע“, גענומען פון געלערנטן סאָציאַלדעמאָקראַט שפּרינגער, קאָן מען באמת מיינען אַז ס'איז עפּעס אַ נייס. אין דער אמתן איז דאָס אָבער די אַלטע באַקאַנטע ישיבה פון יבנה, וואָס רבן יוחנן בן זכאי האָט זי אויסגעפּועלט באַם רוימישן קיסר. נאָך חורבן ירושלים, אַז אידן האָבן אָנגעוואָרן זייערע טעריטאָריאַלע אַווטאָנאָמיע, האָט רבן יוחנן בן זכאי מיט זיינע יורשים באַשאַפן די רוחניותדיקע קולטורעלע אידישע אַווטאָנאָמיע, די גייסטיקע אידישע נאַציע. און זיינע וואַסערן טרינ־קען אונזערע היינטוועלטיקע נאַציאָנאַליסטן עד היום. אַלע זייערע טע־אָריעס, ראיות און אויסדרינגענישן זיינען מער נישט ווי שטראָמען, וואָס גיסן זיך אַריין אין ים, אין ים־התלמוד.

ס'איז פאַראַן נאָר איין היסטאָריש־גרויסער היפוך אין אונזער לעבן, נאָר איין פּרינציפּיעלע קעגנערשאַפט אין אונזער געשיכטע, דאָס איז דער היפוך פון טעריטאָריאַלן און גייסטיקן אידישן פאָלק, פון דער עולמשער און דער רבנישער אידישער נאַציע. און דער דאָזיקער היפוך איז באַשאַפן געוואָרן בקולות וברקים, מיט דונערן און מיט בליצן און מיט טייכן אידיש בלוט אין צוויי חורבנות, און דער דאָ־זיקער בלוטיקער צייכן האָט עדות געזאָגט פאַר דער וועלט־געשיכטע, אַז ס'איז אונטערגעגאַנגען איין אידיש פאָלק, און אַז ס'איז באַשאַפן געוואָרן אַן אַנדער אידיש פאָלק. און אָט דעם בלוטיקן וועלט־

היסטאָרישן פאַקט מיינען אונזערע נאַציאָנאַליסטן אויסצומעקן און פאַר־יועלטלעכן אונזער פאָלק — מיט אַ נייער אידישער ליטעראַטור ? . .

די נייע אידישע ליטעראַטור... וויפיל האָפענונגען האָבן אַף איר די נאַציאָנאַליסטן געלייגט אין עולמשן, וועלטלעכן פרט... און ווי האָט די אידישע ליטעראַטור זיי אָפּגענאַרט . . . אַ חסידישע עסטעטיקע, אַ רעליגיעזע ראָמאַנטיקע איז געוואָרן דער גרונט־טאָן, דער פּאָעטישער תוך פון אַלע נייע ליטעראַרישע שאַפונגען, און וואָלטן אונ־זערע חושים ניט געווען פאַרטעמפּט, וואָלט דער אשמנו־געשריי פון דער אידישער ליטעראַטור פאַרהילכט אונזערע אויערן... מיר זיינען אַף אַזוי פיל אָנגעזאַפּט מיט דער דאָזיקער רעליגיעזער שטימונג, אַז זי איז בּאַ אונז געוואָרן אַ חוש, אַ טייל פון אונזער עסטעטישן גוסט. אָט איז למשל מענדעלע מוכר ספרים. צי נעמט זיך ניט די געוויסע פאַרעל־טערטקייט, אָדער, ווען איר ווילט, קלאַסישקייט, וואָס מיר, הייִנטיקע אידן, פילן אין זיין שאַפן, צי נעמט זי זיך ניט פון דעם, וואָס ער איז געבּליבּן אַ משכיל, וואָס ער האָט צו ווייניק תשובה געטאָן ? . .

און איז עס דען אַ חידוש, ווען דער אידישער נאַציאָנאַליזם שעפּט זיין „וועלטלעך" אידישקייט פונם אידישן רעליגיעזן לעבּן, פון דער גרויסער און אַלטער ירושה, וואָס מיר האָבּן איבּערגעלאָזט פאַר זיך און פאַר דער וועלט? צי קען מען דען מיט אידישקייט קעמפן קעגן דעם אידישן גאָט? צי קאָנען די שטראַלן פאַרשטעלן די זון? צי קאָן מען דען שטרייטן קעגן דעם אידישן הימל, ווען מען גלויבּט ניט אין דער אידישער ערד ? . .

מען האָט בּאַ אונז געמאַכט אַ פּרואוו צו פאַרוועלטלעכן אונזער אידישקייט, פאַרקליידנדיק זי אין אַ „היסטאָרישן בּאַוואוסטזיין". (דובּנאָוו) אָבּער אינם דאָזיקן בּאַוואוסטזיין פאַרנעמט דאָך אונזער אמונה דעם אויבּן־אָן. און ווען מיר שטרעבּן ניט צו נייע געשיכטלעכע אויפטוען, נאָר בּאַרימען זיך בּלויז מיט אונזער געשיכטע, מוזן מיר זיך בּאַרימען אויך מיט אונזער רעליגיע. דאָס האָבּן גוט פאַרשטאַנען די בּאַשעפער פון דער אידישער געשיכט־שרייבּונג, אונזערע מערב־אייראָפּייאישע רעלי־גיאָנס־בּרידער, און האָבּן צוזאַמען מיט דער אידישער געשיכטע בּאַשאַפן די טעאָריע פון דער אידישער רעליגיעזער שליחות (מיסיע).

נאָר וואָס בלייבט בכלל פון אונזער פריידיינקערטום, בעת די קרוין פון אונזער נאַציאָנאַליזם פארבלייבט די רבנישע שבת=און=יום=טוב=אידעאָלאָגיע, וואָס האָט זוכה געווען צו ווערן אַ הייליקער פּונקט אין די ראַדיקאַלסטע פּראָגראַמעס? *) ווי דער וואָלקן באַם באַרג סיני, האָט אונז די רבנישע שבת=און=יום=טוב=שטימונג אַרומגענומען פון אַלע זייטן, און מיר טוליען זיך צו דער רבנישער בּרוסט און עטעמען אין זיך אַריין די ביטול=פּאָעזיע פון דער אידישער נאַציאָנאַלער רו... אַט די גאַנצע אידישע שבת=פּאָעזיע פון נישט=טאָן און פון שוואַכקייט, וואָס נעמט זיך פון דעם ניט פילן קיין אחריות פאַרן קיום פון דער וועלט, וואָס איז דאָך די וועלט פונם שבת=גוי, אַט דאָס אַראָפּוואַרפן די אחריות אַפילו פאַרן אייגענעם פאָלק, אַט דאָס חסידיש=ווייבערישע אידישע שיינקייט און די חסידיש=ווייבערישע תאוה פון מבטל מאַכן דעם אייגענעם רצון, נאָר בכדי צו דערגרייכן אַן אינעווייניקסטן גליק=געפיל, אַט די גאַנצע פּעסימיסטישע און אָנמעכטיקע אידישע עסטעטיקע האָט פאַרשיכּורט אונזערע נשמות און לאָזט אינז אַרומגיין ווי אין עולם התוהו, לאָזט אונז פאַרבייטן אַ נאַציאָנאַל לעבן דורך נאַציאָנאַלע סימבאָלן, דורך מצוות און מנהגים. די מיסטישע שבתאי=צבי=באַוועגונג איז געווען אין דעם פּרט ראַדיקאַלער פון אונז. זי האָט געהאַט דעם מוט צו טראָגן צו די אידישע מאַסן דעם אַפּיקורסיש=רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, אַז אין עולם התיקון, אין דער אויפגעריכטער וועלט, וואָס הויבט זיך אָן שוין איצט אינאיינעם מיט שבתאי=צבים קומען, וועט מען שוין ניט ריידן וועגן היתר און איסור, וועגן דעם, וואָס מע מעג און מע טאָר ניט. די מצוות מוזן בטל ווערן. כמעט אַלע תעניתים האָבן די חסידים פון שבתאַי=צבי איבערגעאַנדערשט אין שימחות, און תשעה באב איז געוואָרן אַ יום טוב, ווען מען פלעגט זינגען און טאַנצן.

ווען מיר וואָלטן, אַחוץ די רבנישע טעג, פאַרמאָגט עולמשע נאַציאָנאַלע יום=טובים, ווען מיר וואָלטן בכלל געהאַט פּאָליטיש=נאַציאָנאַלע וועלטלעכע אינסטיטוציעס, וואָלט, אפשר, די דאָזיקע פשרה פון אונזערע פריידענקער קיין גרויסע ממשות ניט געהאַט. אָבער בּאַ אַ פאָלק אָן נאַציאָנאַלע העלדישע אויפטוען, און דעריבער אָן עולמשע נאַציאָנאַלע

*) למשל אין דער נאַציאָנאַלער און אפילו בונדישער פאָדערונג פון שבת-רו.

יום־טובים, באַ אַ פאָלק, וואָס זיין אַמאָליק נאַציאָנאַל לעבן און זיינע אַמאָליקע נאַציאָנאַלע מעשים זיינען אַזוי שוואַך פאַרבליבן אין ממשותדיקן זיכרון, אַז זיי האָבן געקענט מגולגל ווערן אין אַ רעליגיע, אין מעשה׳ס פון יענער וועלט — באַ אַזאַ מין פאָלק האָבן די דאָזיקע פשרות אַ מסוכנעם באַטייט: דערמיט גיבן אָפּ אונזערע פריידענקער דעם אויבן־אָן, די נאַציאָנאַלע העגעמאָניע, אונזערע רבנים מיט זייערע תלי־תלי־הלכות. ס׳איז אַ קליינע נפקא מינה, וואָסערע כונות זיי האָבן דערביי, אַבי זיי היטן נאָר אָפּ שבת און יום טוב. אָבער אין תוך זיינען אויך זייערע כוונות רבנישע. וואו איז דער נייער וועלטלעך נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר אינ־האַלט, וואָס זיי קאָנען אים אַוועקשטעלן אַנטקעגן דעם רבנישן אינהאַלט פון אונזערע יום־טובים? נאַציאָנאַלע פאַסירונגען, נאַציאָנאַלע העלדן־טאַטן לאָזן זיך ניט אויסטראַכטן, נאַציאָנאַלע ווערטער קאָנען ניט פאַרבייטן אַ נאַציאָנאַל לעבן.

דעם איינציקן פריידענקערישן פרואוו האָט געמאַכט באַ אונז הערצל מיט זיין פּאָליטישן ציוניזם, וואָס האָט געוואָלט באַשאַפן אַ פּאָליטישע, אַן ע ו ל מ ש ע א י ד י ש ע נ אַ צ י ע. אין אַ אידיש לאַנד מוזן בטל ווערן די אידישע מצוות. דעם אָרט פון גלויבן אין דער גאולה האָט באַדאַרפט פאַרנעמען די גאולה אַליין. דעם אָרט פון תפילות פאַר קיבוץ־גליות האָט באַדאַרפט פאַרנעמען דער קיבוץ־גלייות אַליין... דעם אָרט פון שבת־אידישקייט האָט באַדאַרפט פאַרנעמען דאָס אידישקייט פון דער גאַנצער וואָך. — אַנטקעגן דעם אידישקייט פון בית־המדרש — דאָס אידישקייט פון דער מלוכה, פון אַ אידיש לאַנד, און אַפן אָרט פון די רבנישע ימים־טובים — ימים טובים פון פעלד, פון דער נאַטור, ימים־טובים פון זייען, שניידן און צונויפקלייבן... ווי אין אַלטע, גאָר אַלטע צייטן. נאָר די רבנים האָבן גובר געווען, און פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלער אופלעבונג איז געבליבן אַ מין תיקון בדת, אַ מין רעליגיאָנס־רעפאָרמע, אַ דרך תשיבה — אַן אָפגעפרישטער גלויבן אין ישוב ארץ ישראל און אין אידישקייט...

ו.

ווי אַזוי איז דאָס געשען?

אַנאַליזירנדיק דעם גלות־נאַציאָנאַליזם, האָבן מיר זיך געקענט באַ־גנוגענען מיט אַן אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק, ווייל אַחוץ דער אָריגינאַ־

לישער חסידישער ליטעראַטור־עסטעטיקע, האָט ער נישט ב כ ל ל קיין זעלבשטענדיקע אידייעס. זיין גאַנצע אידישקייט שעפּט ער ניט פֿונם מקור אַליין, פֿון דער אידישער רבֿנות, נאָר פֿון אַ פֿאַרמיטלערישן שטראָם, פֿונם צ י ו נ י ז ם. דער קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע, דער פּאַטאָס, די התלהבות פֿונם נאַציאָנאַלן ווידוי, פֿון דער אידישער זעלבס = דערקענונג און זעלבסאָנערקענונג, זיינען ניט מער ווי אָפּגעבליאַקעוועטע ש י ר י צ י ו ן, נישט מער ווי בלאַסינקע „צ י ו נ י ד ן“. אָן די שטורעם־און דראנג=געפילן פֿונם צ י ו נ י ז ם וואָלט דער מאָדערנער גלות=נאַציאָנאַליזם קיין מוט נישט געהאַט אַרויסצוטרעטן פֿאַר דער וועלט מיט אַ אידיש=נאַציאָנאַלער פֿאָן. און דעריבער איז אַ קריטיק פֿון ציוניזם די לעצטע קריטיק פֿון אונזער נאַציאָנאַליזם: פֿאַרמשפּטנדיק די ציוניסטישע באַוועגונג, טראָגן מיר אַרויס אַ פּסק=דין דער געזעלשאַפֿטלעכער קראַפֿט, וואָס טראָגט אַף זיך כמעט די גאַנצע אַחריות פֿאַר דער לעצטער נאַציאָנאַלער תקופֿה אין אידישן לעבן.

* * *

רייך אין מאָטיוון איז די ציוניסטישע באַוועגונג — אפשר די רייכסטע אין דעם פּרט פֿון אַלע אידישע באַוועגונגען אין 19=טן יאָרהונדערט. פּילפּאַרביק איז איר אינהאַלט און פּילזייטיק איר שייכות צו דער אידישער רבֿנות. פֿונדעסטוועגן, אַז מען פֿאַרטיפֿט זיך אין דער געשיכטע פֿון אירע אידייעס, אַז מען טיילט פֿאַנאַנדער די פֿאַרשיידענע שטרעמונגען אינם דאָזיקן ברייטן ים, דערקענט מען דאָרטן אַ געוויסע נאַטירלעכע אַנטוויקלונג, וואָס לאָזט זיך אָנצייכענען מיט באַשטימטע שטריכן און וואָס דערקלערט אונז די איצטיקע ראָלע פֿונם ציוניזם אין אידישן לעבן.

מיט אַ צ ו וו ײ א י ק ן פּרצוף איז דער ריין=ציוניסטישער קאַמף=גייסט אַרויסגעטראָטן פֿאַר דער אידישער וועלט: א י י ן פּנים, דעם ראַציאָנאַליסטיש=קריטישן, האָט ער געווענדט קעגן די רבנים מכל ה מ י נ י ם, אָרטאָדאָקסישע און רעפֿאָרמירטע, מתנגדישע און חסידישע, פֿילאָזאָפֿישע און נאַאיוו=תמימותדיקע, וואָס האָבן אַלע געשטעלט דאָס אידישקייט העכער פֿון דער אידישער נאַציע, וואָס האָבן אַלע פֿאַרטיידיקט אונזער צוויטוויזנטיאָריקן טעות — דעם רעליגיעזן רבניש=מיסטישן מהות פֿונם אידישן פֿאָלק; דעם צווייטן פּנים, דעם ראָמאַנטיש=רעליגיעזן, האָט ער געווענדט קעגן די משכילים, וואָס האָבן צוליב דעם פֿרייען געדאַנק

פאַרגעסן נישט נאָר אין די רבנישע, נאָר אויך אין די נאַציאָנאַלע מאַ־
מענטן פון אונזער אידישקייט. די ר ב נ י ם האָט דער ציוניזם געריפן
פון דער גלויבן־שיבּרות צום קריטישן שכל און צום ממשותדיקן לעבן,
צו אַ גאולה אָן נסים; די מ ש כ י ל י ם האָט ער גערופן צוריק צום
גלויבן אינם לאַנד פון די אבות. בעת די שבתאי־צבי־באַוועגונג פון 17־טן
י"ה איז געווען אַ זיווג, אַ סינטעז פון דער נאַציאָנאַלער קבלה, פון דער
אידישער מיסטיק מיט דער אידישער רבנות, איז די היינטוועלטיקע
משיח־באַוועגונג באַ אידן — דער ציוניזם — געווען אַ זיווג פון דער
השכלה מיט דער אידישער רבנות. צום ריינעם ציוניזם (חיבת ציון)
האָט מען דעריבּער געקאָנט קומען אַף צוויי וועגן: אַפן וועג פון דער
אידישער ר ב נ ו ת, ווען מען האָט מסכים געווען אַביסל צו ראַציאָנאַליזירן
און אַריבּערטראָגן אין דער ממשותדיקער וועלט דעם אַלטן אידישן אני
מאמין אין משיחן; און אַפן וועג פון דער ה ש כ ל ה, ווען מען האָט
מסכים געווען אַביסל תשובה צו טאָן און ווי ווייט מעגלעך איינצאַמען
דעם אימפּעט פונם פרייען געדאַנק, וואָס האָט פון דער אידישער טראַדי־
ציע און דעם אידישן גייסט נים געוואָלט איבּערלאָזן קיין שריד ופליט.
אַף אַזאַ אופן איז די ליבע צו ציון געווען אַ מין גאָטזוכעניש פאַר די
אידישע משכילים און אַ מין רעליגיאָנס־רעפאָרמע פאַר די אידישע רבנים.

אָט די דאָזיקע צוויי פּרצופים זיינען, פאַרשטייט זיך, נאָר געווען
צוויי מידות פון איין עצם, צוויי פאָרמעס פון איין סובּסטאַנץ, וואָס מען
קאָן זיי נאָר שיידן מיט געוואַלט. בכלל אָבער, הייסט עס, איז דער
ריינער צ י ו נ י ז ם (חיבת ציון) געווען אַ מין ר אַ צ י אָ נ אַ ל י ס ט י ש ע
ר ע ל י ג י אָ נ ס ־ ב אַ ו ו ע ג ו נ ג, אַ אידישער לוטעראַנערטום, בעת די
שבתאי־צבי־באַוועגונג פון 17־טן י"ה איז געווען אַ מ י ס ט י ש ע רעלי־
גיאָנס־באַוועגונג. זיי האָבן ביידע געהאַט נאַציאָנאַלע צילן, זיי האָבן ביידע
געוואָלט אופבויען די חורבות פון ירושלים, און זיי זיינען ביידע צום סוף
מגולגל געוואָרן פון אַ פּאָליטישער באַוועגונג אין אַ אינטעלעקטועלער
קולטור־שטרעבונג: די שבתאי־צבי־באַוועגונג איז מגולגל געוואָרן אין דער
אינטימער חסידות און אין דער נייער ראָמאַנטישער אידישער ליטעראַטור־
באַוועגונג; דער ציוניזם — אין חיבת ציון און העבּרייאיזם. סוף כל סוף
האָבן זיי זיך, הייסט עס, אומגעקערט צוריק צו דער אידישער רבנות

און צו איר תּורה וועגן דעם ניט־פּאָליטישן מהות פונם אידישן פאָלק, וואָס איז אויסגעוועבט פון הוילער רוחניות...

דער רעליגיעזער כאַראַקטער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט זיך ניט שטענדיק בולט און קלאָר געגנוג אָפּגעצייכנט אפילו אינם באַוואוסטזיין פון אירע חסידים, ווייל מען האָט אין איר איבערגעשאַצט די ראָלע פון די נאַציאָנאַלע, פון די עולמשע מאָמענטן: פון דעם מלוכה־געדאַנק, פון דער העברייאיסטישער, אַ נאַציאָנאַל־שפּראַך אופלעבנדיקער קולטור־באַוועגונג און פון די קאָלאָניעס אין ארץ ישראל. נאָר אָן דעם אויפגעריכטן און צונויפגעשמידטן פאָלק, אָן דעם אידעאַל פון קיבוץ גליות, וואָס איז פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט הערצלס טויט, ווערן די נאַציאָנאַלע אידעאַלן מגולגל אין נאַציאָנאַלע סימבאָלן, ווי די רבנישע מיצוות און תּפילות: פון דער מלוכה ווערט אַ „ישוב", פון אַ פאָלקס־שטרעבן — אַ נאַציאָנאַלע סעקטע, און פון דער קולטור־באַוועגונג — אַ שפּראַך־באַוועגונג. די קאָלאָניעס זיינען שוין ניט דער עיקר, ניט לשמה, זיי עקסיסטירן נאָר לשם אידישקייט און שפּילן פאַר די אופגעקלערטע אידן אין גלות די אייגענע ראָליע, וואָס ישוב־ארץ ישראל און חלוקה באַ אונזערע פרומע אָרטאָדאָקסן. אחוץ דעם דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז די אידישע אמונה איז בכלל אַ מין פאַנטאַסטישע נאַציאָנאַלע געשיכטע, אַז דער אידישער גאָט איז ניט נאָר אַ מעטאַפיזישער, נאָר אויך אַ היסטאָרישער, און אַז דער גלויבן אינם אידישן משיח איז כמעט געגליכן צום גלויבן אין אידישן גאָט. ניט געקוקט אָבער אַף די עולמשע נאַציאָנאַל־היסטאָרישע מאָמענטן, וועט קיינער ניט לייקענען אין דעם רעליגיעזן כאַראַקטער פון דער אידישער רבנות. דאָס אייגענע איז דאָך געווען מיט דער שבתאי־צבי־באַוועגונג, וואָס איז, ניט געקוקט אַף אירע נאַציאָנאַלע צילן, פאַרבליבן אַ רעליגיעזע באַוועגונג באַ אידן. אויך די חסידות האָט געטראַכט וועגן דער אידישער גאולה און דער בעש"ט איז דערגאַנגען ביז די טויערן פון ארץ ישראל. און נעענטער, ווי ביז צו די טויערן פון ארץ ישראל האָט אויך דער ציוניזם ניט צוגעפירט דאָס אידישע פאָלק און האָט דערמיט באַשאַפן אַ נייעם גייסטיקן שטראָם, וואָס האָט אַ געוויסע השפּעה אין אידישן גלות־לעבן און העלפט אומעטום אָפּהיטן דאָס אידישקייט. דאָס איז געווען די ראָליע פון דער רבנות, דאָס איז געווען

די ראַליע פון דער חסידות און פון אַלע אונזערע רעליגיאָנס־רעפאָרמעס, און דאָס איז אויך געוואָרן די ראַליע פונם ציוניזם: זיי האָבן אַלע גע־טאָן דעם היפוך פונם ותנא דבי אליהו — אָפּגעגעבן די בכורה צו אידישקייט.

* * *

די מטושטשע פאָרשטעלונגען וועגן כאַראַקטער פון ציוניזם האָבן זיך אָבער גענומען נאָך פון אַן אַנדער סיבה, און ס'איז כדאי זיך אַף איר אָפּצושטעלן.

צו דער חיבת ציון, צום ריינעם ציוניזם, האָט מען געקענט קומען נאָר אַף די דערמאָנטע צוויי וועגן: ווען מען האָט מתקן געווען די אידישע השכלה דורך תשובה־געדאַנקען, אָדער פאַרריכט די אידישע רבנות דורכן נאַטירלעכן קריטישן שכל. צום פּאָליטישן ציוניזם איז אָבער געווען נאָך אַ דריטער וועג: צו אים האָט מען געקאָנט קומען דווקא דורך אַ נצחון פונם פרייען געדאַנק, דורך אַ טיפער קריטיק פון דער אידישער רבנות און פונם אידישן טעאָלאָגיזם, אַזוי ווי מיר האָבן דאָס געזען בײַ שפּינאָזאַן; דורך אַ שטאָלצן פּרייהייט־געפיל, דורך פאָלקס־ליבע און דורך אַ הייסן דאָרשט און אַ ברענענדיקער בײַנקשאַפט צו וועלטלעכן עולמשן שאַפן, ווי מיר האָבן דאָס געזען בײַ הערצלען. מען האָט געקאָנט שמידן גאָר אַן אַנדער היסטאָרישע קייט, וואָס אירע רינגען זיינען צעוואָרפן איבערן גאַנצן שטח פון דער אידישער געשיכטע, אָנהויבנדיק מיט דער צייט פון דער אידישער פּאָליטישער זעלבשטענ־דיקייט, מיט די טראַדיציעס פון דוד און שלמה און די וועלטלעכע אי־דישע מלכים, זיך פאַרקניפּנדיק מיט די סאָציאַלע עולמשע אידעאַלן פון אונזערע נביאים, מיט די פרייהייטס־באַוועגונגען פאַרן בית שני און מיט די עולמשע פריידיינקערישע שפּאַנישע, האָלענדישע, בערלינישע און ליט־ווישע קולטור־באַוועגונגען פון אונזער לאַנגער גלות־געשיכטע, וואָס דער ים פון די אידישע צרות, דער אידישער גלות, אינאיינעם מיטן ים התלמוד האָט זיי אַלעמען פאַרטרונקען און אונטערגעגעבן דער אידישער רבנות. מען האָט געקאָנט צוריקרופן די בנים שובבים, די איינזאַמע קינדער אונזערע, אַלע די פריידיינקער, די נע־ונדניקעס, די „פרייע פאַמיליע" פון אבן־עזרא, אוריאל אַקאָסטאַ, ברוך שפּינאָזאַ, שלמה מיימון און זייערע יורשים, וואָס זייערע נשמות וואַנדערן אום איבער דער וועלט און גע־

פינען נישט קיין רו; מען האָט זיי אַלעמען געקענט אויסלייזן פון זייער גלות און שעפן פון זיי די קראַפט אַף בויען אַן עולמשע אידישע נאַציע, אַ וועלטישן „אידנשטאַט“. מען האָט געקענט אַוועקשטעלן אַנטקעגן דער אייביקער תורה דאָס אייביקע פאָלק, דאָס שאַפנדיקע אַרבעט־פאָלק, און אַנטקעגן דעם עם הספר, — דעם עם הארץ, דאָס געזונטע פאָלק פון דער ערד. אַפן אָרט פון צרת היהדות האָט מען געקענט האָבן אין האַרצן צרת היהודים, און אַפן אָרט פון גלות השכינה האָט מען געקענט קלערן וועגן קיבוץ גליות, וועגן צונויפקלייבן די צעזייטע און צעשפּרייטע. און ווייל מען האָט צוליב אַלע דאָזיקע דערמאָנטע מאָטיוון געקאָנט קומען צום פּאָליטישן ציוניזם, האָט אויך דער ציוניזם בכלל צייטנווייז אָנגענומען אַ מטושטשן כאַראַקטער און האָט אַרויסגערופן אַ מיש־מאַש אין די מוחות. נאָר סוף כל סוף האָבן די רבנישע עלעמענטן גובר געווען אינם ציוניזם, און צוזאַמען מיט דעם עולמשן פּאָליטיש־נאַציאָנאַלן רעיון האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים אויך דער פרייער געדאַנק.

ח.

וואָרים יענע, וואָס האַלטן אונטער דעם רוחניות־כאַראַקטער פון דער אידישער נאַציע, שטויסן דערמיט אַליין אָפּ אַלע פרייע און גרויסע גייסטער פונם אידישן פאָלק; דאָס איז אַמאָל געווען, דאָס איז איצט, און דאָס וועט זיין. וואָרים אַ גייסטיקע אומה פאָדערט אַ באַשטימטן כלל־גלויבן. די אַסימילאַציע מיט דער וועלטלעכקייט פון די אומות העולם ווערט בײַ אונז צוליב דעם אַ קולטורעלע נויטווענדיקייט און מיט נאַציאָנאַלע ווערטער וועט מען זי נישט קענען גובר זיין. שפינאָזאַ האָט געמוזט זוכן פריינט בײַ דער האָלענדישער מלוכה און האָט זיי דאָרטן געפונען. שלמה מיימון איז אַנטלאָפן פון פוילישן און ליטווישן רבנישן אידישן קיבוץ און פון די מערב־אייראָפּייאישע קהלות, די קולטוס־געמיינדעס. מאַרקס און לאַסאַל האָבן פאַר זיך און פאַר זייער טעטיקייט געפונען עולמשע נאַציעס; דאָס אייגענע איז געווען מיט לאָרד ביקאָנספילד (דיזראַעלי), וואָס האָט אין זיין פאַנטאַסטישן ראָמאַן „דוד אַלראָי“ מיט אַן אמת נביאישן געפיל באַשריבן דעם טראַגישן קאַמף פון די עולמשע און רבנישע עלעמענטן אין דער אידישער באַפרייאונגס־באַוועגונג. באַגדאַד אָדער ירושלים, אַן עולמשע מלוכה

אָדער אַ גייסטיקער צענטער, אַ מרכז רוחני — דאָס זיינען געווען די צוויי גרויסע היפּוכים, וואָס ביקאָנספּילד האָט זיי דערפּילט און אַרויס־געזען אין אידישן נאַציאָנאַלן לעבן. און ירושלים אָדער די אַנטי־פּאָליטישע, די אַנטי־וועלטלעכע אידייע האָט גובר געווען, פאַרשטייט זיך, נישט ווי אַ ממשותדיקער פאַקט פאַר דער אַרומיקער וועלט, נאָר אין אידישן פאָלק, ירושלים האָט מנצח געווען אין גייסט, אין דמיון, ווי עס שיקט זיך פאַר אַ רעליגיעזן צענטער. זיין עולמשע נאַציע האָט ביקאָנס־פילד געפונען — בײַ די ענגלענדער.

וואָס קאָן שוין דאָ העלפן די אַנטוויקלונג פון אידישקייט? די פאַרשיידענע רעפאָרמעס, מיט אַ רעליגיעזן אָדער נאַציאָנאַלן תוך, וואָס קומען צייטנווייז אויף בײַ אידן און ווילן זיי מאַכן וועלטלעכער, קאָ־נען קעגן דער דאָזיקער אַסימילאַציע מיט די אומות העולם, מיט די פעלקער פון דער וועלט ווייניק וואָס אויפטאָן, ווייל, קודם כל, קומען זיי על פּי טבע צו שפּעט. דער יחיד, דער רעוואָלוציאָנער, דער גייסטי־קער נע־ונדניק שפּרייזט שטענדיק פאָרויס, און אויך דער רעפאָרמירטער „רבי" קאָן אים ניט אַריבערטראָגן. והשנית, רירן ניט אָן אָט די אַלע אידישע רעפאָרמעס דעם תוך, דעם גייסטיק־רבנישן כאַראַקטער פון דער אידישער נאַציע. צי איז דען פאַראַן אַ פּרינציפּיעלער חילוק צווישן די אַמסטערדאַמער רבנים פונם 17־טן יאָרהונדערט, וואָס האָבן מחרים געווען אוריאל אַקאָסטאַ און ברוך שפּינאָזאַ, און די רבנים פונם „אויפגע־קלערטן אידנטום" — משה מענדעלסאָן און היינריך גרעץ, וואָס האָבן נאָך אַלץ געקוקט אַף אוריאל אַקאָסטאַ און ברוך שפּינאָזאַ, ווי אַף שונאי ישראל? ס'איז אויך קיין חילוק ניט פאַראַן צווישן דעם אַמסטערדאַמער רב מאָרטיירא, וואָס האָט געהייסן געבן מלקות אוריאל אַקאָסטאַ — און דעם גבאי פונם אחד־העמישן קלויז, מענדעל אוסישקין, וואָס האָט די שטיצע אָפּגענומען פונם „הפּועל הצעיר" איבער חיים יוסף ברענערס אַ פריי־דיינקערישן אַרטיקל. און זייט זיך אַמאָל משער, אַז די פּראָגראַם פונם בונדישן פּובליציסט וועגן די שבת־ און יום־טוב־כוונות ווערט בײַ אידן אַ מנהג, אַ סימן פון נאַציאָנאַלער התקרבות, צי ווערט נישט דורך דעם אַליין דער פריידיינקער — אַ פאָלקס־פאַררעטער? די סתירה צווישן דעם פרייען געדאַנק און דעם אידישן כלל־לעבן ליגט אינם רבניש־גייסטיקן מהות, אינם סעקטן־כאַראַקטער פון אידישן פאָלק אין גלות, און

מיט רעפאָרמעס, מיט אַסימילאַטאָרישע צופּאַסונגען און נאַציאָנאַלע אויס־טייטשונגען פון אידישע מנהגים און דינים — שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם, וואָס זייער דערפאָלג איז מחמת זייער צוגעקלערטקייט, מחמת זייער אינטעליגענטישן ראַציאָנאַליזם שטענדיק אַ שוואַכער — קען מען דאָ גאָר נישט אופטאָן.

און דעריבער מוז מען דעם צענטר פון דער היינטוועלטלעכער אידישער פילאָזאָפיע אַריבערטראָגן גאָר אין אַן אַנדער אָרט. די שאלה איז איצט ניט וועגן מהות היהדות, נאָר וועגן דעם מהות און דער ראַליע פון אידן. ניט די געשיכטע פון אונזערע רבנים און סופרים, נאָר די געשיכטע פון אונזערע פאָלקס־מאַסן אינטערעסירט אונז בּאַ היינטיקע צייטן (ניט קיין קליינער סימן פאַר אונזער צייט איז, וואָס מיר זוכן איצט אידישקייט ניט אין די בּיכער פון אונזערע געלערנטע, נאָר אין פאָלקסטימלעכע בּאַוועגונגען און „פאָלסטימלעכע געשיכטן“). אָט טאַקע, וואָס איז פריער און בּילכער פון אַלצדינג: תורה, צי ישראל?..

יענע, וואָס בּאַגנוגן זיך מיט יהדות־פילאָזאָפיע, פרעגן נאָר, צי דאָס, צי יענס איז ריכטיק אין דער תורה, און צי איז מסכים די וויסנשאַפט צו דער יהדות־שטה, צי ניט. און ווען די דאָזיקע יהדות־פילאָזאָפן פילן אין זיך שעפערישע כוחות, שפּינען זיי ווייטער דעם יהדות־פאָדים און בּאַווייזן אונז דעם אבן טוב און דאָס ליכט פונם אידישקייט. געפינען זיי אָבער, אַז יהדות איז פאַרעלטערט און פאַרגליווערט, דעמאָלט שוועבּט בּאַ זיי אַרויף די פראַגע וועגן אויסטאָן זיך פון יהדות. אָט טאַקע דער־פאַר, וואָס די תורה איז בּאַ זיי בּילכער פון אַלצדינג, קווינקלען זיי צווישן אידישקייט און שמד.

בּאַ דעם קריטישן אידישן אפּקורוס איז אָבער די פראַגע וועגן מהות היהדות, דעם ווערט פון אירע איינציקע חלקים ניט די ערשטע פראַגע און לחלוטין ניט קיין פראַגע פונם פאָלקס־קיום, זי איז נאָר אַ וויסנשאַפט־לעכע פּראָבּלעם, וואָס האָט איר חשיבות אין די ד׳ אמות פון טעאָריע, און וואָס האָט צייט צו וואַרטן אויף אַן ענטפער. וואָרים זיין עיקר אפּקורסות ליגט גאָר אין דעם, וואָס ער איז בּכלל מבטל די יהדות אין איר בּיז־איצטיקער ראַליע — צו זיין דער מהות, דער אָנהויבּ און דער אויסלאָז פונם אידישן פאָלק. ישראל און אורייתא זיינען פאַרט ניט איינס, וואָרים סוף כל סוף האָט ישראל בּאַשאַפן די אורייתא, ניט פאַר־

קערט (פאַרגעסט ניט, אַז אַן אַפּקורוס גלויבט נישט אין אויסנוויניקסטע נביאישע אַנטפּלעקונגען און אין איבערנאַטירלעכע פּאַסירונגען). אמת, מיר זענען כסדר, אַז פעלקער פאַרשווינדן און זייערע אידייעס בלייבן, דאָס הייסט, אַז זייער קולטור איז פּאַקטיש געוואָרן בילכער פון זיי. נאָר קעגן דעם דאָזיקן פּאַקט שטעלט דער אידישער אפּקורוס אַוועק אַן אַנדער פּאַקט — דעם קיום פון אידישן פאָלק. אידן זיינען געבליבן לעבן — טאָמער זיינען פאָרט „ישראל קודמים“? דאָס פאָלק איז סובערען און לעבט ניט צוליב אידעאַלן, וואָרים די אידעאַלן לעבן צוליב אים, זיי שעפּן זייער חיונה פון זיינע פיזישע און גייסטיקע כוחות. און דאָס סובערענע פאלק באַרעכנט זיך, אַז ס'איז לכל הדעות ניט כדאי צו לעבן צוליב זכות אבות, צוליב דעם יחוס פון דער אַמאָליקער געשיכטע, וואָרים די גרעסטע ירושה קאָן זיך אַמאָל אויסשעפּן, אויב ניט אין איר חשיבות, איז אין איר שעפערישער פּעולה אינם לעבן פון פאָלק.

אָט אַף אַזאַ מין וועג ווערט באַ דעם אפּקורוס דער עם הארץ, דאָס עולמשע פאָלק פון דער ערד, בילכער פון עם הספר, בכל אופן בילכער פון דער פאַרגליווערטער סעקטאַנטישער יהדות־אָרגאַניזאַציע, וואָס די בעלי־התלמוד האָבן זי באַשאַפן.

אין דער באַוואוסטער פּאָעמע פון יהודה ליב גאָרדאָן, „צדקיה בבית הפקודות“, טענהט דער אומגליקלעכער אידישער מלך קעגן גאָט, „וואָס פאַר אַן אומרעכט האָב איך דען געטאָן? איך האָב מיט מיין פאָלק פאַר פרייהייט געקעמפּט? מיט וואָס האָב איך געזינדיקט? איך האָב פאַר ירמיה הנביא דעם קאָפּ ניט געבויגן? אָט פאַר דעם דער־שלאָפּענעם מאַן מיט דעם ווייכן האַרצן, וואָס האָט אונז געהייסן ווי שקלאַפן לעבן און האָט פאַר אונזער נויט נאָר איין מיטל געוואוסט: אַז מען זאָל אום שבת קיין פּאַקן ניט טראָגן? א נייע צוואה האָט ער דעם פאָלק איבערגעלאָזט: פון קליין ביז גרויס זאָלן אַלע זיך פאַרנעמען מיט תורה־לערנען; פון די פעלד־אַרבעטער ביז צו די רעגירער זאָלן אַלע ווערן לערנקינדער, די העלדן זאָלן אַוועקוואַרפן זייערע פּאַנצערס און פיילנבויגן — און זאָלן זיך איינוויקלען אין מגילות און קעמפן מיט פּענעס, ביז ס'וועט קומען אַ צייט, אַז מען וועט אויסזוכן גאַנץ יהודה און מען וועט קיין איינציקן אַרבעטס־מאַן ניט געפינען. אָ, איך זע מיט מיין גייסט די טרויעריקע צוקונפט: די תורה וועט בלייבן און די

מלוכה וועט אונטערגיין, דאָס פאָלק וועט זיין געלערנט, וועט קאָנען אַריינקוקן אין אַ ספר, און וועט אָבער זיין געפּלאָגט און צעריבן ווי עפר ואפר".

דאָ האָט איר די פּראָבלעם פון דער עולמשער און רבני־שער אידישער נאַציי. אין אַ קלאַסישער פאָרמע, און דערמיט אויך די היסטאָרישע פּראָבלעם פון פרייען אידישן געדאַנק. די אידישע אפּקורסות איז פאַרקניפּט מיט דער אידישער גאולה, און די אידישע גאולה נויטיקט זיך אין דער אידישער אפּקורסות. „ווען דער גייסט פון דער אידישער אמונה וואָלט ניט ווייבעריש־ווייך געמאַכט די אידישע נשמה, וואָלטן אידן איבער־אַ־נייס געקאָנט אופבויען זייער מלוכה און ווערן אַן אויסדערוויילט געטלעך פאָלק".

„יודישע וועלט" 1913, ווילנע.

# נאַציאָנאַליסטן

אָדער

# כוונות פון אַן אפּיקורס.

אַ נייער נאָמען „נאַציאָנאַליסטן“, וואָס פּלייסט זיך איינצושלינגען אַלע אַנדערע נעמען; אַ ברייטער ים, וואָס קליגט זיך אַריינצונעמען אַלע שטראָמען פון אידישן לעבן. וואו איז אָבער זיין אייגענער זכות אַף לעבן? און צי לעבט ער גאָר בכלל? אַן אַפּיקורסישע שאלה בײַ היינ־טיקע צייטן. מיט נאַציאָנאַליזם פאַרקלינגט מען אונז די אויערן, מיט נאַציאָנאַליזם בענטשט מען אונזער דור, לכבוד נאַציאָנאַליזם זינגט מען לידער, ווי אַמאָל לכבוד דער השכלה „בת השמים“: דאָס טייערע, דאָס איינציקע, יואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ אונז נאָך אַלע האָפנונגען, נאָך אַלע שטרעבונגען, ציוניסטישע, סאָציאַליסטישע, טעריטאָריאַליסטישע, נאָך אַלע חלומות און אַלע רעיונות...

און ווייל דער נאַציאָנאַליזם איז אַ חורבן־קינד, לאָמיר אַביסל אַריינקוקן אין זיין שיינעם פּנים. ניט אַזוי גרינג איז צו דערגיין זיין ריכטיקן פּרצוף, וואָרים ער באַווייזט זיך נאָר זעלטן, אין אַ אידיש־ליטע־ראַרישן יום־טוב, למשל, אָדער בײַ אידישע וואַלן... אין אַזוינע יחסנישע צייטן דערפילט איר פּלוצים, אַז עפּעס אַ רוח הויבט אָן שוועבן איבערן אידישן תוהו־ובוהו, אַ באַשעפעניש אָן לייב און לעבן הויבט אָן רופן אַף פאַרזאַמלונגען, האַלטן רעדעס, פאָרלייגן וואַל־בלאָקן און נאָכמאַכן אַלע נויטיקע פּאָליטישע העויות... און פרעגט איר בײַ לייטן, ווי מען רופט דאָס באַשעפעניש, דערהערט איר אַ ברייטן פאַרוואָלקנטן נאָמען: נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ס ט ן... פאַראַן תמימותדיקע מענטשן, וואָס גלויבן בכלל אין רוחות, גלויבן זיי אויך אין דעם דאָזיקן פּאָליטיש־ליטעראַרישן רוח,

פירן מיט אים רעאַל־פּאָליטיק, און אין אַ ליכטיקן טאָג ווערט געפּראַוועט אַ מיסטישע חתונה פון לעבעדיקע מיט מתים, און מיטן גאַס ווערט מיט התלהבות געשפּילט אַ סצענע פון אַ פּאָליטישן זוהר...

* * *

און פרעגט איר בתמימות, וואָס איז דער סדר פונם היינטמאָדישן נאַציאָנאַלן רוח, איז אסור, אויב ס׳וויים ווער. וואָרים ער איז צונויפגעשטוקעוועט פון פּיצעלעך פרעמדע נשמות, קיין גלייכער קוק, קיין פּשוטער הילוך, קיין גאַנצער אבר נישט פאַראַן. און לעבן לעבט ער פון שיריים... צי איז גאָר כדאי פאַר ערנסטע אידן, בפרט פרומע אידן מיט אַזוינס צו טאָן צו האָבן?.. וואָס קאָן ער זיי געבן, אַז ער אַליין איז, נעבעך, אַ שטענדיקער מקבל? אַז זיין גאַנצער חיות איז, וואָס ער לעקט אומעטום אָפּ אַ ביינדל? שוין אַ צייט מיט יאָרן, וואָס ער לעבט פון די פּראָצענטן פון חסידישן קאַפּיטאַל. חסידים האָבן געלעבט און האָבן אָנגעלעבט, און ער האָט זיך צוגעקוקט און נחת געקליבן... צי ווייסן זיי ניט, אַז ער האָט פון זייער לעבן אַ ליטעראַטור געמאַכט און צייט דערפון חיונה? צי ווייסן זיי ניט, אַז ער איז זיך מהנה פון זייער אָפּשיין און באַרימט זיך מיט זייער נגידות? אַז ער בלאָנדזשעט נעבעך אַרום צווישן זייערע בערג?..

און טאָמער מיינען זיי, אַז ער איז שוין גאָר אינגאַנצן זייערער, האָבן זיי אַ גרויסן טעות. ער האָט רביים אָן אַ צאָל און לעבט פון אַלעמענס שיריים. און ער איז אומעטום און אין ערגעץ ניט, אַ רוח, וואָס שמעקט זיך אָן פאַרשיידענע ריחות און שוועבט אַרום אין אַלע גאַסן. אָט קלייבט ער נחת פון אַ חסידישן רבין, און אָט איז ער אַ משרת באַ אַ מתנגדישן רב. אמת, קיין בעל־תפילה איז ער ניט, וואָרים ער האָט דאַוונען פאַרגעסן. אָבער דערפאַר גייט ער שטענדיק אַרום מיט אַ טיפער כוונה... און בעת אידן, ערנסטע אידן, זיצן תשעה באב אין שול און זאָגן קינות, זיצט ער, דער נאַציאָנאַליסט, אין שטוב און איז מכוון דעם אידישן תענית... בעת אידן זיינען מיט אַ באַנייטער נשמה מקבל שבת, דעקט ער סימבאָליש זיין טיש צו מיט אַ ווייסן טישטוך

און איז מכוון שבת־רו און עונג שבת. ער איז שטענדיק פאַרטאָן אין כוונות, וואָרים דאַוונען האָט ער פאַרגעסן...

אידן לעבן און ליידן... שוין צוויי טויזנט יאָר... גזירות, גירושים, חורבנות... און דער נאַציאָנאַלער רוח? ער האָט אַלץ פאַרשריבן אין זיין נאַציאָנאַלן פנקס און פון דער גאַנצער אידישער געשיכטע אַ ריינע כוונה געמאַכט...

דערפאַר אין אומרואיקע צייטן, בעת דער „אייביקער איד" פון אונזער היסטאָרישער ק ב ל ה הויבט אָן קלאַפּן אין די טויערן פון דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט, בעת אידן ווילן ניט אָפּקומען מיט הוילע כוונות און הויבן זיך אָן גרייטן צו היסטאָרישע מעשים און אופטוען, דעמאָלט פאַרגנבעט זיך אויך צום רוח אַ שיין פון זייער ברען, ער הויבט אָן נתגלה ווערן און איר דערפילט אין אים אַ וואַרימקייט...

„איך בין אַ איד, זאָגט דעמאָלט דער נאַציאָנאַלער רוח, און וועל בלייבן אַ איד"... ס'איז אָבער אַ ניצוץ פון אַ פרעמדער נשמה, און גלויבט איר בכלל אין רוחות, מעגט איר אים אויך גלויבן...

עס טרעפט ניט זעלטן, אַז די פּיצעלעך נשמות אין נאַציאָנאַלן רוח צוקריגן זיך אָפן קול און ס'הויבן אָן פליען ווערטער אין דער לופטן: העברייאיש, אידיש, גלייכבאַרעכטיקונג, ישוב ארץ ישראל, חדרים, שולן, תורה, וויסנשאַפט, עמיגראַציע, קאָלאָניזאַציע, אידישער קאַפּיטאַל און אידישע אַרבעט — און מיט גרוים פּאַראַד איז דעמאָלט דער רוח מודיע, אַז דאָס איז ז יי ן פּראָגראַם. „איך בין אַ איד, און וואָס ס'איז נאָר אידישלעך איז מיר ניט פרעמד. קומט אַהער אַלע „אַמאָליקע מענטשן" פון אַלע פאַרטייען און דערקוויקט זיך מיט מיינע געריכטן: דאָ געפינט איר שיריים פון אַ ל ע טישן..."

נאָר וואָס וועט זיין, אַז אַלע, וואָס האָבן אַ חלק אין אים, וועלן צונעמען זייערס? אַז חסידים, מתנגדים, ציוניסטן, אַסימילאַטאָרן, בורזשואַס און סאָציאַליסטן וועלן נעלם ווערן פון דער אידישער גאַס? וואָס וועט זיין, אַז דער „נאַציאָנאַלער" רוח וועט בלייבן, חלילה, אַ ל יי ן, אַ בן־יחיד בא קהל?..

איר ווילט טאַקע וויסן, וואָס וועט זיין?..

אַ אידישע ליטעראַטור־געשיכטע וועט בלייבן ... אַ צוגאָב צו דער „חכמת ישראל“, צו דער וויסנשאַפט פון אידנטום ... ס'איז געווען אַמאָל — וועט אָנהויבן דער היסטאָריקער ... ס'איז געווען אַמאָל — וועט אויסלאָזן דער היסטאָריקער ...

אָט כדי אייך מתרה צו זיין פון אַזאַ חורבן, שרייב איך די דאָזיקע שורות: ניט חברט זיך צופיל מיט אַ גרויסן בעל־חוב און געדיינקט, אַז אויך דער „ליטעראַרישער נאַציאָנאַלער רוח“ באַלאַנגט צו אַל די רוחות ...

„דער פריינד“ 1912.

# אַ תיקון פאַרן אייביקן איד

אָדער

# אחד־העם און אונזער פאָלקס־איך.

א.

די אויבערשטע פון די שאלות, וואָס אַף זיי האָט זיך אָנגעשטויסן דער היינטיועלטלעכער אידישער געדאַנק, איז געווען די פּראָבּלעם פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט. אין דער רעליגיעזער תקופה פון מענטשלעכן דענקען, וואָס מע צאַמט זי איין אָפיציעל אין די טעג פון מיטלעלטער, האָט מען די דאָזיקע פראָבלעם ניט געפילט אין אַזאַ שאַרפער פאָרמע. דאָס אידנטום האָט דעמאָלט מער מורא געהאַט פאַר רדיפות ווי פאר וויכוחים, וויאָס זיינען געווען פאַר די צוררים, נישט מער ווי תירוצים, האָט מער זיך געשראָקן פאַר פיזישע פּראַקטישע שונאים, ווי פאַר גייסטיקע טעאָרעטישע קעגנער, וואָרים מיט זייערע רעליגיעזע נייעסן און אויפטועכצן האָבן די אומות העולם ניט געקענט פאַרשיטן דעם קוואַל און פאַרלייקענען די מוטער פון די פאַרשפּרייטסטע אמונות — דאָס אידישקייט מיט דער תורה. טיפע און פעסטע וואָרצלען האָט דעמאָלט דאָס שטאָלצע אידישע איך־באַוואוסטזיין, דאָס אתה־בחרתנו־געפיל געהאַט אין דער אידישער נשמה: דאָס איז געווען אַ ממשותדיקער כוח, וואָס האָט געטרייסט דאָס פאָלק און געשפּייזט זיין אינעוויינִיקסטע גייסטיקע חשיבות, זיין הויכן יחוס פון אַ גייסטיקן אַריסטאָקראַט. אין דער מיסטישער מיטלעלטערלעכער סביבה, וואו עס האָבּן ארומגעשוועבט פאַרשיידענע רוחות, האָט זיך דער אידי־שער רוח, דער משונהדיקער „אייביקער איד“ געפילט היימיש, ווי אַ

ממשותדיקע נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט, וואָס סײַ פּריינט און סײַ
פּיינט האָבן אין איר געמוזט מודה זיין: זיין „איך“ האָט זיך דערמאָלט
זיכער און פעסט געוועבט זיינע פעדים פון צוויי דינע מיסטישע מאַטעריעס,
וואָס האָבן דוקא צוליב זייער פאַנטאַסטישן כאַראַקטער געהאַט פולע ביר=
גערעכט אין דער גלויביקער, ראָמאַנטישער מיטלעלטערלעכער וועלט.
אָט די מיסטישע מאַטעריעס זיינען געווען: זכרונות פון אַ רייכער
רעליגיעז=היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט און האָפענונגען אױף אַ
מיסטישער מיט שכינה=שטראַלן באַשיינטער היסטאָרישער צוקונפט.

נאָר אָט האָט זיך פאַרענדיקט דער מיטלעלטער און פון דער רענע=
סאַנס=תקופה אָן, ווען עס האָט אויפגעלעבט די גריכישע וויסנשאַפט און
קונסט, האָט גאָר אַן אַנדער שונא זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער מלחמה
מיטן אידנטום: דער באַפרייטער מענטשלעכער שכל.

קודם כל האָט אין אים געשטעקט אַ סכנה צוליב דעם, וואָס
ער האָט אין גאָרנישט ניט געוואָלט גלויבן, ווייניקער פון אַלץ אין
פאַרשיידענע רוחות און שדים, — וואָס ער האָט געוואָלט אַלצדינג אויס=
פּרואוון און שעפּן זיינע קענטעניש פון דער נאַטור, מיטן דרך הטבע,
פון אייגענע נאַטירלעכע קוואַלן. אומנאַטירלעכע דמיונות און איבערנאַ=
טירלעכע נביאות, אַנטפּלעקטע רעליגיעס און, פאַרשטייט זיך, אויך זייער
טרעגער און פאַרשפּרייטער, האָבן בײַ דער שיין פון באַפרייטן שכל אָנ=
געוואָרן צוזאַמען מיט זייער חן אויך אַ גרויס טייל פון זייער ממשות.
נאָר נאָך מער ווי אין זיין טעאָרעטישן פּרינציפּ האָט געשטעקט אַ סכנה
אין זיין פּראַקטישן אויספיר: דער פרייער מענטשלעכער שכל
האָט געוואָלט צופּאַסן צו זיך די גאַנצע געזעלשאַפט, ער האָט זי גע=
וואָלט ראַציאָנאַליזירן אָדער הומאַניזירן אין אַלע אירע פאָרמעס. צוזאַמען
מיטן פרייען שכל האָט מען דעמאָלט ארויפגעזעצט אַפן כסא הכבוד דעם
פרייען יחיד, דעם אינדיווידיאום, וואָס האָט מיט אַ ביטול=שמייכעלע
אַראָפּגעקוקט אַפן קיבוץ, אַפן קאָלעקטיוו, אױף די מיטלעלטערלעכע קאָר=
פּאָראַציעס, שטאַנדעס, צעכן און חברית מכל המינים. אַ קריטישע צייט
האָט זיך דעריבער אָנגערוקט אױף דער אידישער נאַציאָנאַלער פּערזענ=
לעכקייט, אָט דער משינהדיקער מיטלעלטערלעכער „קאָרפּאָראַציע“, וואָס
איז געווען אַזוי צוגעפּאַסט צום מיטלעלטערלעכן בין=השמשות. ווי אױף אַ
פאַנטאַסטישן רוח האָט דער פרייער שכל געקוקט אױף די מיסטישע

געשטאַלט פון „אייביקן איד“, וואָס וואַנדערט אום פון איין לאַנד אינם צווייטן און לעבט אומעטום, ווי אַ פאַרגליווערט רעשטל פון אַן אַלטער פאַרגאַנגנהייט, מיט דער משונהדיקער רעליגיעז־ראָמאַנטישער בּיינקשאַפט נאָך אַ גואל, וואָס וועט אים צוריקפירן על פּי נס אינם לאַנד פון די אבות. די פאָרמעס פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פערזענלעכקייט, וואָס האָט זיך געוועבט פון רוחניות־פּעדים און קבלה־חלומות, וואָס איז געווען אויסגעטאָן פון גשמיות, פון טעריטאָריע, מלוכה וכדומה, וואָס האָט איר מהות, איר עצם־וועזן איינגעוויקלט אין מגילות און טליתים, אין תפילות און מנהגים, אין די שאָטנס פון בית המדרש, אָט די דאָזיקע רעליגיעז־סימבּאָלישע פאָרמעס פונם אידישן „איך“ האָבּן ניט געקאָנט אַריבּערטראָגן די שיין פון בּאַפרייטן שכל, און צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונגען פונם אבערגלויבּישן מיטלעלטער, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פאַרשיידענע רוחות, האָט אינפלוג בּאַדאַרפט אויסגעמעקט ווערן פון פרייען בּאַוואוסטזיין אויך דאָס מיסטישע „איך“ פונם אידישן קיבּוץ. אַף אַזאַ מין אופן איז דאָס אידישע פאָלקס־איך געוואָרן אַ פּראָבּלעם.

די נייע געשיכטע פונם אידישן געדאַנק איז אַ געשיכטע פון תשובות אַף דער דאָזיקער האַרבּער קשיא פון דער נייער צייט.

## ב.

דעם ערשטן פּרוואוו פון אַ תשובה האָבּן געמאַכט מיט זייער שיטה די אופּטימער פון דער בּערלינער השכלה מיט משה מענדעלסאָן בּראש. זיי האָבּן זיך געקליגט צו בּאַשיצן דאָס אידישע „איך“ פאַרן מדת הדין פון פרייען שכל דערמיט, וואָס זיי האָבּן דערוויזן פאַרן אידנטום די מעגלעכקייט ראַציאָנאַליזירט צו ווערן, ד. ה., אַז דאָס אידישקייט לאָזט זיך אויסטייטשן לויט די פאָדערונגען פון פרייען געדאַנק. דאָס אידנטום דאַרף חלילה נישט מורא האָבּן פאַרן שכל, וואָס וויל ניט וויסן פונם גלויבּן מיט זיינע אני מאמינס, מיט זיינע דאָגמעס, ווייל דאָס אידנטום אַליין איז קעגן אני מאמינס, וואָס פאַרשקלאַפן דעם שכל: ווער ס'איז בּאַקאַנט מיט דער געשיכטע פון אידישן דת, האָט געטענהט משה־מענדעלסאָן, יענער וויים, אַז די אני מאמינס געפינען זיך נישט אין דער תורה און נישט אין תלמוד, אַז זיי האָט ערשט מתקן געווען

דער רמב"ם. דער גלויבן ביז צו אַ סתירה מיטן שכל—quia absurdum—איז לחלוטין ווייט פון אידישקייט. אַלע טעאָרעטישע אמתן פון דער אידישער אמונה, דער גלויבן אין אייניאייניציקן גאָט און אין השארת הנפש, אין אַ לעבן נאָכן טויט, לאָזן זיך אויסדרינגען פון פשוטן מענטשלעכן שכל, און מען האָט זיי ניט צוגעבונדן איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו הייליקע ווערטער פון הייליקע ספרים. אונזערע עשרת הדברות הויבן זיך דעריבער ניט אָן מיט א דעקלאַראַציע פון מאָנאָטעאיזם, אז ס'איז פאראן איין גאָט אף דער וועלט, ווי א שטייגער: „איך בין דער אייביקער, דיין גאָט, דאָס מיטוועגדיקע, זעלבסטשטענדיקע מהות (וועזן), וואָס פאַרמאָגט אלצדינג, און וויים אלצדינג, וואָס גיט דעם מענטשן אף יענער וועלט זיין שכר ועונש לויט זיינע מעשים".

ניין, די עשרת הדברות הויבן זיך אָן גאָר אף אן אנדער אופן. „איך בין דיין גאָט, וואס האט דיך ארויסגעפירט פון לאנד מצרים". אַ היסטאָרישער פאקט, ניט קיין פילאָזאפיש־מעטאפיזישער אמת ווערט דאָ אנטפלעקט; טעארעטישע, מעטאפיזישע רעיונות ווערן בא אידן ניט פאר־גליווערט אין ווערטער, כדי זיי זאָלן בלייבן אן אייביקער לעבעדי־קער כוח, וואס אנטוויקלט זיך מיט דער צייט אין הארמאניע, בשלום מיטן פרייען מענטשלעכן שכל.

אָבער ניט נאָר די געזעצן פון מענטשלעכן שכל, נאָר אויך די אַלגעמיינע געזעצן פון דער מענטשלעכער מאָראל פאדערן דאס אייגענע, וואס דאָס אידישקייט פאָדערט. אידישקייט איז אן אוצר פון אייביקע מאראלישע ווערטן און אפילו „ירושלים" איז א וועלט־אידייע, א אוני־ווערסאלער רעיון, וואָס האָט אַ קנאפע שייכות צום פאליטישן לשנה הבאה... ירושלים באטייט רעליגיאנס־פרייהייט, אן אידעאלע גייסטיקע מלוכה, אן איידעלע געזעלשאפט אָן מלוכה־צוואנג מיט א בנעימותדיק־אָנשטענדיקער דיינק־פרייהייט, וואס איז גלייך ווייט פון אַטעאיזם, רחמנא לצלן, און פון פינסטערן פאנאטיזם חס וחלילה... דארטן רודפט מען ניט פאר אידייעס, און מען ווארפט ניט אריין אין תפיסה פאר הרהורים און רעיונות, נאר מען ווירקט אף דעם זינדיקן דורך מדות און גוטע דרשות; מען שטויסט ניט אָפּ דעם ניט־גלויביקן מיט חרמים און אנדערע צואנגס־מיטלען, מען איז ניט נושא פנים און מען גיט ניט קיין פריווי־לעגיעס פאר געוויסע רעליגיאָנס־איבערצייגונגען, ווייל דאָרטן איז ניטאָ

קיין העכשנדיקע אמונה. אָט דאָס איז די ירושלים־אידייע, אָט דאָס איז אונ־זער אידנטום, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויסבילדן אין דער אידישער מלוכה, וואו מען פלעגט שטראָפן פאַר עברות, אָבער ניט פאַר געדאַנקען, און וואָס האָט זיך באַוויזן אין זיין באַשיינפּערלעכן גלאַנץ נאָכן חורבן אין גלות, וואו מיר האָבן בכלל פאַרלאָרן די וועלטלעכע מאַכט און וואו איבער־ציינגדיקע דרשות זיינען פאַרבליבן אונזער איינציקער כלי־זין. מיט אַזעלכע אייביקע אמתן האָט דאָס אידנטום ניט וואָס מורא צו האָבן פאַרן שכל, ווארים די אייגענע אידישע אידעאַלן קאָנען און וועלן נאָכאַמאָל אנגענו־מען ווערן פון דער גאָרער מענטשהייט. אידיש איז אַלגעמיין־מענטשלעך, וויל אַלגעמיין־מענטשלעך איז אידיש.

אַף וויפיל די דאָזיקע שיטה האָט געראַטעוועט דאָס אבסטראַקטע אידנטום, דאָס אידישקייט, איז ניט איצט די צייט זיך פאַנאַנדערצוקלייבן. איין זאַך קאָנען מיר אָבער זאָגן אַף געוויס: אַף זייער וועג, מיט זייער שטייגער צו ראַטעווען דאָס אידישקייט האָבן די בערלינער משכילים די אידן אָנגעוואָרן. פונם אייביקן איד, אָט דער איינציקער פּערזענ־לעכקייט פון דער אידישער געשיכטע, מיט זיין מיסטישער נשמה, מיט זיין גלויבן אין אַן אויסלייזונג, אין אַן אייגן קולטור־לעבן אַף דער אייגע־נער ערד, האָבן זיי געמוזט זיך אָפּזאָגן: וואָרים אין דער אַלגעמיין־מענטשלעכער שיטה האָט דאָס, פאַרשטייט זיך, ניט אַריינגעפּאַסט. אונ־זערע משכילישע ראַציאָנאַליסטן האָבן זיך געפּלייסט צו ראַציאָנאַליזירן דאָס אידישקייט, אַרויסשיילנדיק זיינע אַלגעמיין־מענטשלעכע מאָטיוון, און אַלס אַ קרבן אַפן מזבח פונם פרייען שכל האָבן געמוזט פאַלן די נאַציאָנאַלע סימנים פונם אידישן „איך“. אַף דער אייביקער שאלה, וואָס איז בילכער: תורה צי ישראל, האָט די דאָזיקע שיטה געענטפערט אין היפּוך צום בעל־האגדה, אַז דווקא די תורה, דאָס אבסטראַקטע אידנטום איז בילכער. מענדעלסאָן אַליין האָט זיך נאָך געקווייקלט און געזוכט פאַרשיידענע תירוצים פאַר די נאַציאָנאַלע סימנים פונם אידישן „איך“, ער איז אָבער דערביי אַריינגעפאַלן אין מוראדיקע סתירות, און זיינע יורשים, די „מחדשים“, ליבעראַלע רעליגיאָנס־רעפאָרמאַטאָרס, האָבן שוין געוואָלט זיין לאָגיש ביזן סוף און זיינען דעריבער פאַרבליבן הוילע און גאַקעטע „אוניווערסאַל־אידן“ אָדער „אוניווערסאַל־מענטשן“. בא זיי האָט זיך שוין די רעליגיאָנס־ און דענק־פרייהייט לחלוטין ניט

געפאָרט אפילו מיטן ירושלים־סימבאָל; דאָס אידנטום איז בא זיי גע־וואָרן אַן אבסטראקטע, אלגעמיין־מענטשלעכע תורה און האָט זיך אינ־גאנצן אָפגעשיידט פונם אידישן פאָלק, וואָס האט געמוזט איבערלאָזן זיין מיסטיש „איך" אלס ירושה דעם פינסטערן מיטלעלטער מיט זיינע פארשיידענע רוחות. אַף אזא אופן איז די פראָבלעם פון דער אידישער נאציאנאלער פערזענלעכקייט געבליבן ניט פארענטפערט.

ג.

און דאָ הויבט זיך אָן מיט אַן אסמכתא אַפן לעבנס־אופטו פון פרץ סמאָלענסקין די קריטישע און שעפערישע אַרבעט פון אחד העם.

ווי פאַר די באַשעפער פון דער בערלינער השכלה איז אויך פאַר דעם גייסטיקן אויג פון אחד העם מיט זיין פילאָסאָפישער התפעלות געשטאַנען די מיטלעלטערלעכע קבלה־פאַנטאזיע, די מיסטישע געשטאַלט פונם „אייביקן איד" און האָט געפאָדערט אַ תיקון. וואָרים ס'איז קלאָר געווען, אַז צו דער היינטוועלטלעכער תקופה פון דזשאָן־סטואַרט מיל, דאַרווין און ספענסער איז דאָס תמימותדיק־נאַאיווע מיטלעלטערלעכע אידישקייט שוין לחלוטין ניט צוגעפאַסט. די פראָבלעם פון דער אידישער נאַציאָנאַ־לער פערזענלעכקייט האָט איצט באַדאַרפט אָנעמען נאָך אַ שאַרפערע און בולטערע פאָרמע צוליב די שטורעמדיקע נצחונות פון פרייען שכל אין 19־טן יאָרהונדערט, וואָס האָט זיך באַוואָרנט מיט אַזעלכע כלי זין, ווי די פאָזיטיוויסטיש־מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע, די עקספּערימענטאַלע וויסנשאַפט און די רעוואָלוציאָנערישע טעכניקע. און די דאָזיקע כלי זין זיינען געווען פול מיט קריטישן סם, וואָס האָט אונטערגעפרעסן די יסודות פון דער אידישער טראַדיציע, דעם גלויבן אין גאָט, דעם וועלט־באַשעפער, ד. ה., אין אַ באַוואוסטזיניקער סיבה און צוועק פון דער נאַ־טור, דעם גלויבן אין משיחן, ד. ה., אין אַן אידעאַלן צוועק פון דער געשיכטע, און דעם גלויבן אין הייליקע ספרים, ד. ה., אין דער תקיפות, אינם אַוטאָריטעט פון אַנטפלעקונגען.

פון דער אַנדער זייט ווידער האָט דער פרואוו פון די בערלינער משכילים אין צופאַסן דאָס אידישקייט צו די פאָדערונגען פונם מענטש־לעכן שכל געפירט צו אַן אָפּזאָג פון דער לעבעדיקער אידישער פאָלקס־

פערזענלעכקייט, צו דער אַסימיליאַציע, און האָט שוין צוליב דעם אַליי
ניט געקאָנט איינשטילן די גייסטיק־מאָראַלישע אומרו פון אַ אידישן
דיינקער. אָט צווישן די דאָזיקע צוויי אידנפיינטלעכע בערג איז שוין
גאָרניט קענטיק געווען די שמאָלע אידישע טאָל־גאַס, און די שאלה פון
„זיין אָדער ניט־זיין" האָט זיך נאָך אַמאָל געשטעלט פאַרן אידישן איך־
געפיל. ווי זשע האָט אַף איר געענטפערט דער אייראָפייער אחד־העם?



זיין תשובה האָט אחד העם געפונען אין דער אייגענער שיטה פון
די בערלינער משכילים, אינם ראַציאָנאַליזם פונם 18־טן יאָרהונדערט,
וואָס דער עוואָלוציאָניסטישער פּאָזיטיוויזם פונם 19־טן יאָרהונדערט
האָט אים פאַרריכט און אויסגעבעסערט. מער נישט, ער איז ניט אַוועק־
געגאַנגען מיט זייער וועג, נאָר האָט זיך אַף דעם דאָזיקן ברייטן איי־
ראָפּייאישן שליאַך אויסגעקליבן זיין באַזונדער סטעזשקעלע: אַרויסראַטע־
ווענדיק דאָס אידישקייט פון זיינע מיסטישע בגדים, האָט ער ראַציאָ־
נאַליזירט און פאַרענטפערט פאַרן פרייען שכל ניט אַזוי די אַלגעמיין־
מענטשלעכע מעטאַפיזישע און מאָראַלישע הנחות, ווי דווקא די נאַציאָ־
נאַלע סימנים פונם אידישן גייסט. פאַרן בית־דין פונם היינטוועלטלעכן
פאַרשטאַנד האָט ער פאַרענטפערט דאָס אידישע „איך" דערמיט, וואָס
ער האָט זיינע מיסטישע נאַציאָנאַלע דערקענונגס־צייכנס — דאָס הייליקע
לאַנד פון די אבות, די הייליקע שפּראַך, די הייליקע תורה, די ישיבה
פון יבנה און דאָס מיטלעלטערלעכע אתה־בחרתנו־געפיל — אָט די
גאַנצע, אין הייליקייט פאַרגליווערטע, אידישע ירושה צוגעפּאַסט צו די
פאָדערונגען פונם פרייען שכל אין אונזער פרייער צייט.

אין דער בין־השמשות־שטימונג פון בית־הכנסת, צווישן די מענטשן־
שאָטנס, וואָס גייען דאָרטן אום באַ אונז אין אַ ראש־השנה און יום־
כפּור, פלעגט דער אויסגעשריי „לשנה הבאה בירושלים"
אַרופוואַרפן אַן אימה אַפן פרייען מענטשלעכן שכל. האָט אים אחד העם
אַרויסגעפירט פון זיין מיסטישער סביבה פון בית־מדרש און אים באַהעפט
אין זיין שיטה מיט דעם היינטוועלטלעך־ראַציאָנעלן באַגריף פון אַ טערקישן
פירמאַן פאַר אַ אידישן ישוב, מיט ראַציאָנאַל־פּראַקטישע קאָלאָניזאַציע־
אידייעס — און ירושלים האָט זיך אָנגעהויבן ליגן אַפן שכל.

די הייליקע שפראַך פון די אבות האָט ער זיך געפּליטשט אויס־צוטאָן פון איר עלטע קבלה־פאַרקליידונגען און אפילו פון די משכילישע מליצות, וואָס האָבן זי נאָך אַלץ אָפּגעשיידט פון לעבן און ער האָט געמאַכט פון איר אַ פּשוטע קלאָרע ליטעראַטור־שפּראַך, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דער פּשטות און נאַטירלעכקייט פון מענטשלעכן שכל. און ס'האָט זיך אים מאַקע איינגעגעבן איבערצוגיסן די מזרחיש־לירישע העברייאישע שפּראַך, די שפּראַך פון התלהבות און דמיונות, אין שמריינגע אייראָפּייאיש־ראַציאָנאַליסטישע פאָרמעס און אויסשמידן פון איר אַ כלי־זין פאַר אַ לאָגיש־אויסגעדאַלטענער סיסטעם, וואו די געדאַנקען קייטלען זיך, געמאָכטן און געוויאָוויגן, איינער נאָכן אַנדערן אין אַ גלייכער קלאַ־סישער ליניע.

די ישיבה פון יבנה, וואָס איז שוין גאָרניט קענטיק געוועזן אין דער ווייטער וועלט צוליב די מיטמיישע שאָטנס פון בית־המדרש מיט זיינע אַלטע לוחות און ספריב־שמות, און וואָס ס'האָבן זי שוין באַוויינט מיט רחמנות־מרערן די בית־המדרש־ראָמאַנטיקער מכל המינים, אָט די דאָזיקע, אינפלוג אָפּגעלעבטע, ישיבה פון יבנה איז באַ אחד העמען מגולגל געוואָרן אינם רעיון פון אַ היינטוועלטלעכן קולטור־צענטר, אַ מרכז רוחני, אין אַ זאַמלפּונקט פאַר די אידישע אָריגינעל־שעפערישע כוחות, וואָס האָבן באַדאַרפט, זיך באַהעפטנדיק מיט דער מוטער־ערד, מיט ארץ ישראל, פאַרשפּרייטן זייער השפּעה אַפן גאַנצן שטח פונם אי־דישן גלות און אַף אַזאַ אופן פאַרקניפּן דעם איבערגעריסענעם פאָדים פון דער אָריגינעלער אידישער קולטור. און דער פּועל־יוצא וואָלט דער־פון געווען, אַז די פאַרגליווערטע הייליקע תורה וואָלט איבעראַניים אָנ־הויבן חיונה ציען פונם מקור פון דער פאָלקס־נשמה און ווערן אַ תורה פון האַרצן, וואָס גייט־מיט מיטן לעבן און אַנטוויקלט זיך צוזאַמען מיט זיינע באַדערפעניש.

ד.

די אייגענע ראַציאָנאַליסטישע מעטאָדע האָט אחד־העם אָנגעווענדט אַפן מיסטישן אתה־בחרתנו גופיל און האָט אים איבערגעאַנדערשט אין אַ היינטמאָדישן גאַציאָנאַלן שטאָלץ פון אמת־אידישן שיינקייט.

דריי מאָטיוון, ווי דער דרייפאַכיקער פּאָרדים, וואָס לאָזט זיך ניט איבעררייסן, האָבן אינאיינעם באַשאַפן אונזער מיטלעלטערלעך אתה־

בחרתנו־געפיל. די מאָראַלישע, גייסטיקע און פּאַקטישע אויסדערוויילטקייט פון אידן איז געווען דער השובסטער, הגם אין ערגעץ ניט פאַרשריבענער, אני מאמין פון די פאָלקסמאַסן.

די מאָראַלישע רוסישע תפילה־ליד: „פיר מיך אַוועק צו דער מחנה פון די עלנט־פאַרלאָזענע", וואָס קלינגט בײַ דעם רוסישן משורר מער נישט ווי אַ בײנקשאַפט אין אַ מאָמענט פון פּאָעטישער התלהבות, איז בײַ אידן געווען אַ לעבנס־פּאַקט און האָט געשפּײזט זײער מאָראַלישן שטאָלץ־געפיל. שײן און שאַרף זאָגט דאָס אַרויס דער בעל־האגדה. „ישראל נרדפים מפני האומות ובחר הקב"ה בישראל" — אידן ווערן פאַרפאָלגט פון די נאַציעס, און דעריבער מאַקע האָט דער אויבערשטער זיך אויסגעקליבן אידן פאַר אַ פאָלק.

די גײַסטיקע אויסדערוויילטקייט האָט זיך געשטיצט אַף דער בכורה פון דער רעליגיעזער וועלט־אָנשויאונג אין די טעג פון מיטלעלטער. אין אַ צייט, ווען גאָט־זוכעניש און גאָט־וויסנשאַפט איז געווען די אויבערשטע פון אַלע חכמות, איז אויך דאָס פאָלק, וואָס האָט געגעבן אַ גאָט, דעם מלך איבער אַלע מלכים פאַר די גוים פון אייראָפּע, אַזיע, אַפריקע, געווען אָן ספק דער גייסטיקער אַריסטאָקראַט צווישן די פעלקער. „כל ישראל בני מלכים הם" — אַלע אידן זיינען פּרינצן — זאָגט אונז דער בעל־האגדה אין הסכם מיטן פאָלקס־געפיל.

ניט קיין קלענערע ראיה פאַר דער אהה־בחרתנו־אידייע איז אָבער געווען אויך די פּאַקטישע אויסדערוויילטקייט, די אייביקייט פונם פאָלק. אין אמתן אידישן גייסט דריקט דאָס אויס דער בעל־האגדה: „בײַ אים איז מער אָנגענומען די קללה פון אחיה השלוני, וואָס האָט אידן צוגעגליכן צו אַ ים־טשערעט, איידער די ברכה פון בלעם הרשע, וואָס האָט זיי געבענטשט מיט אַ צעדערבוים. דאָס ים־טשערעט דרייט זיך אין אַלע זייטן און אַלע ווינטן פון דער וועלט קאָנען אים ניט רירן פון אָרט, בעת דער צעדער־בוים, ווען עס פאַלט אַף אים אָן אַ דרום־ווינט, ווערט אויסגעריסן פון דער ערד און איבערגעקערט מיטן פנים אַראָפּ".

אָט דער דאָזיקער דרייפאַכיקער פּאָדים האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן סמנים פון שוואַכקייט אין דער נייער צייט און איז כמעט ווי איבערגעריסן געוואָרן אין 19־טן יאָרהונדערט.

רעליגיע און טעאָלאָגיע האָבן אָנגעוואָרן זייער חן אין דער נייער וועלט און אַפּן כסא הכבוד פון איר קולטור האָט אייראָפּע אַרויפגעזעצט חכמות חצוניות, חכמת יון, די וויסנשאַפט פון די גריכן. ישראל סבא, דער אַלטער ישראל מיט זיין דעת אלהים, מיט זיין באַוואוסטזיניקייט אין געטלעכקייט, האָט שוין ניט געקאָנט פאַרנעמען דעם אויבנאָן אפילו אין די אייגענע אויגן. צוזאַמען מיט דעם באַטרעף פון די „אויסוויייניקסטע חכמות" האָט זיך אויך געהויבן די חשיבות פון די פעלקער, וואָס האָבן זיי באַשאַפן און פאַרשפּרייט, און דאָס אידישע גייסטיקע אתה־בחרתנו געפיל איז ממילא אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

די מאָראַלישע אויסדערוויילטקייט ווידער האָט זיך, אמת, לייג־גער געהאַלטן, אָבער אויך אין דעם פרט איז פאָרגעקומען אַ נייע אָפּ־שאַצונג און איבערשאַצונג פון די אַלטע מעלות. אַף אַ פּאַסיוו אָנמעכטיק ליידן האָט די וועלט אָנגעהויבן קוקן מיט חשד, און דער טראַגישער יחוס פון די נרדפים, פון סתם־און גלאַט־ליידנדיקע, איז שטאַרק געפאַלן. ממילא האָט זיך אויך געמינערט דער באַטרעף פון דער פאָלקס־איי־ביקייט, וואָס איז פון אַן אינהאַלט־רייכער איכות געוואָרן אַ ליידיקע כמות, אַ צייט־שטח סתם, אמת אָן אַ סוף, אָבער אויך אָן אַ זינען, אָן אַ אינהאַלט און אָן אַ צוועק. פאַמעלעך אָבער זיכער האָט די מזרחיש־גוזמאַדיקע אתה־בחרתנו־אידייע געפירט צו אַן אָנווער פונם איך־געפיל בכלל און איז סוף כל סוף פאַרביטן געוואָרן אין דער תקופה פון אַסי־מילאַציע מיט אַ שקלאַפן־באַוואוסטזיין, וואָס איז תלוי בדעת אחרים, מיט אַ קריינקלעך־און קליינלעך געפיל פון אָפּהענטיקייט, וואָס פּרואווט כסדר זיך אָנשפּאַרן אַף דער מיינונג פון דער אַרומיקער וועלט...

און אָט די דאָזיקע קראַנקע אידישע נשמה האָט אחד־העם זיך גענומען היילן מיט זיין ראַציאָנאַליסטישער מעטאָדע.

די אידייע פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטאַכטונג, וואָס מיר געפי־נען זי אין דער גוזמאַדיקער מיסטישער אתה־בחרתנו־פאָרמע באַם מיטלעל־טערלעכן איד, וועמען זי האָט געגעבן דעם כוח מיט אַן אינעווייניקסטן ביטול־געפיל גובר צו זיין אַלע זיינע אויסוויייניקסטע שונאים, האָט צוריק אויפגעלעבט אין דער געדאַנקען־סיסטעם און אין דער ליטעראַרישער אַרבייט פון אחד־העם. אַרויסגייענדיק פון דאַרווינס שיטה, וואָס זעט אין

דעם לעבנס=קאַמף דעם פאָרויסטרייבנדיקן כוח פון דער נאַטור, האָט אחד העם געוועקט דאָס פארחלשטע אידישע „איך“ צו אַ גייסטיקן און מאָראַלישן עקסיסטענץ=קאַמף. אידן דאַרפן באַ זיך ניט אַראָפּפאלן און דאַרפן זיך אפילו ניט שרעקן פאַר אַסימיליאציע, ד. ה., אַז זיי וועלן בטל ווערן אין דער אַרומיקער קולטור, וואָרים זיי ווערן געשפּייזט און באַוואָרנט פון אַ גייכט, וואָס קאָן פארדייען פרעמדע שאפונג און אַנדערשט=איבער דאָס בלינדע נאָכמאַכן אין אַ נאַציאָנאַלער קולטור=קאָנקורענציע. אַזוי איז דאָס געווען אין דער העלעניסטישער צייט, וואָס האָט אונז געגעבן פילאָן דעם אַלעקסאַנדריער מיט זיין אַפּאָלאָגיע, דער פארטיידיקונג פון אידישקייט; דאָס אייגענע זעען מיר אין דער אַראַבישער קולטור=עפּאָכע, בעת אַריסטאָטעלעס און פּלאַטאָן זיינען אַף אַזוי פיל היימיש געוואָרן אין דער אידישער וועלט, אַז מען האָט זיי כמעט פאררעכנט פאר אידישע גאונים. די אייגענע סימנים זיינען קענטיק אויך אין דער נייער צייט און ניט נאָר דווקא אין די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען פון די מזרח=אידן, נאָר אפילו אין די יהדות=תקונים פון אונזערע מערב=אייראָפּעאישע ברידער, וואָס האָבן באשאַפן אַ זיווג פון אייראָפּעאישקייט און אידישקייט. אומעטום און צו יעדער צייט האָט דאָס אידישע פאָלק דערוויזן, אַז עס האָט אין זיך דעם כוח איינצוזאַפּן די אַרומיקע אידייעס, נאָכצוגיין פרעמדע שיטות און איבערנעמען אַפן בעסטן אופן פרעמדע לעבנס=שטייגערס, ניט פארלירנדיק דערביי דעם אייגענעם פּרצוף, די אייגענע גייסטיקע פיזיאָנאָמיע. און ווייל מיר פארמאָגן אַזאַ שטאַרקע, פון די אבות צוגעגרייטע פאַרדייאונגס=קראַפט, וואָס גיט אונז די מעגלעכקייט צופּאַסן צו אונזער פאָלקס=גאונות פרעמדע קולטור=אוצרות, ווערן מיר, חלילה, ניט בטל צווישן די פעלקער און דאַרפן זיך שרעקן, ניט אַזוי פאר אסימיליאציע ווי פאר צעשיידונג. ניט אונטערגיין, נאָר פונאנדערגיין קאָנען מיר זיך לויט די לענדער=געצעלטן, אין וועלכע מיר וואוינען, לויט די פעלקער, צווישן וועלכע מיר לעבן, לויט די פארשיידענע צענטערס, וואָס זייער קולטור נעמען מיר איבער. נאָר צו דער דאָזיקער סכנה איז פאראַן אַ מיטל: כדי פון די פארשיידענע אידישע שבטים, וואָס זיינען גייסטיק צעשפּרייט און צעשיידט, זאָל ווערן איין פאָלק, כדי די רוסלענדישע, פּוילישע, פראַנצויזישע, ענגלישע און אַמעריקאַנישע אידן זאָלן מגולגל ווערן אין אידן סתם, אין איין פאָלק אין

גייסט, דאַרף באשאַפן ווערן אין ארץ ישראל א קולטור־צענטר, אַ מרכז רוחני, וואָס די אויגן פון גאנצן פאָלק זאָלן זיין געווענדט צו אים.

אָנפירנדיק אונזער קולטור־קאַמף האָט אחד־העם געגעבן די כלי־זין אויך צו דער מלחמה פאַר אונזער מאָראַלישער אומאָפּהייננגיקייט, און אויך אין דעם פּרט איז שיין און איידל נתגלה געוואָרן אין אחד־העמס לעבנסאַרבעט די אויסגעלייטערטע אתה־בחרתנו־אידייע, דאָס שטאָלצע אידישע איך־געפיל, וואָס האָט געגעבן דעם מיטלעלטערלעכן איד דעם כּוח מיט אַן אינעווייניקסטן חוש פון גייסטיקן אַריס־טאָקראַט גובר צו זיין דעם אויסנווייניקסטן שונא. אפן פאָן פון אונזער פילשפּראַכיקער פּאַרטיידיקונגס־ליטעראַטור (אַפּאָלאָגעטיקע), פון דער מליץ־און־שתדלן־טראַדיציע אין אונזער זשורנאַליסטיק, וואָס ווענדט זיך דער עיקר אין דרויסן צו די אַנטיסעמיטן, באַווייזט זיך די אחד־העמישע פּובּ־ליציסטיק ווי אַ ליכטשטראַל פון אונזער מיטלעלטערלעכן עבר: איר געפינט ניט אין איר קיין איינאיינציקע שורה, וואָס זאָל לויט איר געדאַנק אָדער איר פאָרם געווענדט זיין אַף אויסנווייניק צו זיי, צו אונזערע שונאים, נאָר פאַרקערט, זי שטאַרקט אייך פון אינעווייניק מיט אַן איידעלן שטאָלץ־געפיל. אַפילו דאָס פּיקוח־נפש פונם בלוט־בּילבול איז בּאַ אחד־העם ניט דוחה זיין פּובּליציסטישן שבת, און דעמאָלט, בּעת אַלע אַנדערע שרייבּער שאַרפן זייער כלי זין קעגן דעם אויסנווייניקסטן שונא, שעפּט ער אין אונזער אומגליק אַ נחמה פאַר דער נשמה און אַ שטיצע פאַרן אידישן שטאָלץ. וואָרים וואָס אין דער אמתן קאָן נאָך מער פונם בלוט־בּלבול שפּייזן אין אונז דעם פאַראַכטונגס־געפיל צו דער וועלט־מיינונג וועגן אידן, צו אַלע די פאָראורטיילן, וואָס זיינען פאַרשפּרייט וועגן אונז אין דער אַרומיקער וועלט? וואָס קאָן נאָך מער פונם בלוט־בּלבול פאַרפעסטיקן אין אונז דעם מוט צו אַן אומאָפּהייננגיקער מיינונג וועגן זיך? היינט־וועלטיקער איד! ווען דו פילסט זיך אָפּגעשוואַכט און מאָראַליש געדריקט פון דער אידנפיינטלעכער שטימונג אין דער אַרומיקער סביבה, דערמאָן זיך אינם בּלוט־בּלבול „וואו אידן זיינען ריין, ווי די מלאכים פון הימל. אַ איד און בּלוט — צי איז דען פאַראַן נאָך אַ גרעסערע סתירה? און פונדעסטוועגן ווערט די וועלט נישט מיד צו טענהן איר ווילדע טענה"—

ניט שווין־זשע איז אַזאַ וועלטמיינונג ווערט, אַז דו זאָלסט צוליב איר בויגן דיין „איך" צו דער ערד?

אַף אַזאַ מין אופן ראַציאָנאַליזירט און פאַרטייטשט אחד העם דאָס מיסטישע אתה־בחרתנו־געפיל, באַפרייט אים פון די אָריענטאַלישע גוז־מאות און באַשאַפט פון אים פאַר דער קראַנקער נשמה פון אונזערע היינטוועלטיקע אידן אַ קוואַל פון אינעווייניקסטער פרייהייט.

אָט דאָס זיינען די עלעמענטן פון דער אידישער נאַציאָנאַלער מיסטיקע — דאָס הייליקע לאַנד, די הייליקע שפּראַך, די פאַרהייליקטע ישיבה, די הייליקע תורה און דער פאָלקסטימלעך־הייליקער גלויבן אינם אתה־בחרתנו, וואָס זיינען אַריין אין אַ היינטוועלטלעכער צורה אין דער ראַציאָנאַליסטישער סיסטעם פון אחד העם, אין דער שיטה פון חיבת ציון, פון דער גייסטיקער ליבע צו ציון. די גרויסע פשטות פון מתנגדישן שכל האָט זיך באַ אחד העמען באַהעפט מיט די אומבאַוואוסטע טיפע־נישן פונם חסידיש־מיסטישן געפיל און ס'איז געשען אַ נס: אונזער נאַציאָנאַלע קבלה־פאַנטאַזיע, דער אייביקער איד מיט זיין אייביקן חלום וועגן משיחן, אָט דער מיטלעלטערלעכער רוח מיט די מיסטישע העזיות, האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן סימנים פון לעבן, האָט זיך צוגעפּאַסט צו די היינטוועלטיקע פאָדערונגען פון פרייען שכל און איז געוואָרן אַ גייסט מן הישוב, אַ היינטוועלטלעכער גייסט, וואָס קאָן זיך ווייטער לאָזן ווייזן צווישן לייט . . .

ה.

די געניאַלע פשטות פון אחד העמס תשובה אַף דער פּראָבלעם פון דער אידישער פאָלקס־פּערזענלעכקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן אויך אין איר קריטישן כוח. באַוואָרנט מיט די כלי זין פון די ראַציאָנאַליסטן, מיט דער פרייהייטס־דאָרשטיקער נאַטור פון מענטשלעכן שכל, האָט אחד העם פאַרפירט אַ מלחמה קעגן די ראַציאָנאַליסטן פון מענדעלסאָנס חדר, קעגן אַלע טעאָרעטיקער פון אַבסטראַקט־קאָסמאָפּאָליטישן אידנטום און האָט זיי אופגעוויזן זייערע חטאים קעגן דעם פרייען גייסט.

דער ראַציאָנאַליסטישער אָפּזאָג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט האָט געמוזט פירן אונזערע מערב־אייראָפּייאישע משכילים צו אַ צווייאיקער קנעכטשאַפט, אַ מאָראַלישער און גייסטיקער.

די טעאָריע, אַז אידן זיינען אַ גרופּע אוניווערסאַלמענטשן אָן אַ נאַציאָנאַלן „איך“, האָט געמוזט איינפלאַנצן בּאַ די זעלבסטמאָרד־טעאָרע־טיקער אַ מאָראַלישן פּחד פאַרן אידישן פאָלק, וואָס פלעגט זיך טאַקע בּאַווייזן איטלעכס מאָל, ווען אין אייראָפּע פלעגט אַרופשווימען די אידן־פראַגע. לייקענענדיק אין אידן, האָבּן זיי, נאַטירלעך, געמוזט לייקענען אין דער עקסיסטענץ פון אַ אידן־פראַגע, וואָס נאָר בּלינדע עם־האַרצישע אַנטיסעמיטן מיט זייערע מיטלעלטערלעכע השגות האָבּן זי גע־קאָנט אופהויבּן. און איין עבירה שלעפּט נאָך זיך די אַנדערע, און דער תהום פון דער מאָראַלישער קנעכטשאַפט ווערט נאָך טיפער. ווייבּאַלד די אידישע נאַציאָנאַלע פערזענלעכקייט איז גאָרניט פאַראַן בּמציאות, ווייבּאַלד ס'איז ניט פאַראַן קיין ספּעציפיש־אָפּגעזונדערט אידיש „פאָלקס־איך“, מוזן אידן ממילא אָנווערן די זכיות, וואָס דער פילאָזאָף קאַנט פאָדערט פאַר יעדער פערזענלעכקייט: אַז מען זאָל קוקן אױף איר ווי אױף אַ זעלבּסטצוועק. דעריבּער קאָן מען אידן און זייער עקסיסטענץ פאַר־טיידיקן נאָר דערמיט, וואָס זיי דינען גוט אַנדערע פעלקער, וואָס זיי זיינען אַ גוט מיטל פאַר פרעמדע צוועקן. ממילא ווערט טעאָ־רעטיש און פּראַקטיש איבּערגעריסן דער בּונד צווישן די אידישע שבטים, די צעזייטע און צעשפּרייטע אידן ווערן מגולגל אין קנעכט צו די פאַר־שיידענע בּעל־הבּתישע נאַציעס, און אַלצדינג, וואָס דערמאָנט נאָר אין אידן, ווי אין אַ זעלבּסטצוועק, אין דער אחדות און זעלבּשטענדיקייט פון אונזער פאָלק — זיינע נאַציאָנאַלע זכרונות און נאַציאָנאַלע האָפענונגען — מוז אויסגעמעקט ווערן פון שרעקעדיקן זיכּרון.

ניט קלענער אָבּער פון דער מאָראַלישער קנעכטשאַפט, איז אויך די גייסטיקע פאַרשקלאַפונג בּאַ די אַבּסטראַקטע בּערלינישע אידנטום־טעאָרעטיקער. זיך צופּאַסנדיק צו די פאָדערונגען פונם פרייען שכל, האָבּן זיי אַרויסגעשיילט פונם אידישקייט נאָר די אַלגעמיין־מענטשלעכע מאָטיוון, אָפּוואַרפנדיק ווי אַן אומנוציקע שאָלעכץ די נאַציאָנאַלע בּער־זענלעכקייט־סימנים. און אָט צוליבּ דעם טאַקע האָט דאָס רעשטל אידישע „איך“־געפיל פון אונזערע מערבֿ־אייראָפּייאישע בּרידער ניט געפונען אין זייער שיטה קיין נאַטירלעכע בּאַפרידיקונג פון זיינע בּאַדערפעניש און האָט זיך געמוזט זוכן קינסטלעכע תירוצים פאַר זיין עקסיסטענץ, אַ געמאַטערטע בּאַרעכטיקונג פאַרן קיום פון אידן. אױף אַזאַ מין אופן איז

באשאַפן געוואָרן די תורה פון דער אידישער שליחות (מיסיע) צווישן די פעלקער, וואָס איז סותר אַלע עקרים פון דער היינטוועלטיקער וויסנשאַפט און האָט מורא פאַר דער ליכטיקער שיין פונם פרייען שכל.

אידן האָבן לויט דער דאָזיקער מיסיאָנס־טעאָריע אַ באַזונדער שליחות אין דער וועלט: זיי דאַרפן באַוואָרענען דעם קיום און די חשיבות פון דער הייליקער תורה צווישן די אומות העולם. און ווייל אידן עקסיסטירן נאָר צוליב אָט דער הייליקער שליחות, מוז יעדע פריי־קריטישע באַציאונג צו דער תורה, יעדע פאָדערונג פונם פרייען שכל, אָפּגעוואָרפן ווערן ווי אַ טריף־פסול, ווי אפּקורסות, רחמנא לצלן. אַזוינע שיטות ווי דאַרוויניזם, וואָס זיינען סותר די ביבלישע קאָסמאָגאָניע און לייקענען אין מעשי־בראשית, אין די ווערק פונם וועלט־באַשעפער, לויט ווי זיי זיינען באַשריבן אין דער הייליקער תורה; מעכאַניסטיש־מאַטע־ריאַליסטישע וועלט־אנשויאונגען, וואָס וואַרפן אָפּ באַוואוסטזיניקע צוועקן, אַ מחשבה תחילה אין דער נאַטור און אין דער געשיכטע און האַלטן נישט פון פאָלקס־מיסיעס — מיט איין וואָרט אַלע שטורעמדיקע נצחונות פון פרייען וויסנשאַפטלעכן געדאַנק אין 19־טן יאָרהונדערט מוזן חרום ומוחרם ווערן און טאָרן זיך ניט באַווייזן צווישן אידישן קהל, ווייל זיי זיינען אַ סכנה פאַר זיין הייליקער שליחות און ממילא אויך פאַר זיין קיום צווישן די אומות העולם.

אָט די דאָזיקע גייסטיקע קנעכטשאַפט, דער קאַמף קעגן אַלע ראַדיקאַלע אויספירן פון דער היינטוועלטיקער וויסנשאַפט, וואָס איז גע־לעגן ווי אַ חוב אַף די טעאָרעטיקער פונם אבסטראקטן אידישקייט, האָט ניט עקסיסטירט פאַר אחד־העמס שיטה פון דער אידישער נאַציאָנאַ־לער פערזענלעכקייט, וועלכע האָט לחלוטין זיך ניט באַדאַרפט שרעקן פאַרן פראָגרעס פון פרייען שכל. וואָרים לויט אחד־העמען זיי־נען אידן ניט קיין מלמדים און רבנים, נאָר אַ פאָלקס־פערזענלעכ־קייט, וואָס איז לחלוטין נישט צוגעבונדן צו באַשטימטע מיינונגען און מעגן זיי אפילו שטאַמען מן התורה, אַזוי ווי אַ נאָרמאַלער מענטש איז ניט צוגעבונדן איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו געוויסע נשמה־צושטאַנדן. און אַזוי ווי דאָס איך־באַוואוסטזיין באַשאַפט די אחדות אינם פילפאַרביקן לעבן פונם יחיד מיט דער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט פון אַ נאַטור־דער־

שיינונג, אזוי גלויבט אויך דאָס אידישע נאַציאָנאַלע „איך“ מיט זיכער־קייט אין זיינע פילפאַרביקע און פילזייטיקע אנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן, צאַמט זיך ניט איין אין די ד׳ אמות פון דער טראַדיציאָנעלער הלכה און שמידט אפילו אין קאַמף פון די קינדער קעגן די עלטערן, פון די נייע אפקורסישע געדאַנקען קעגן די אַלט־פרענקישע, די גאָלדענע קייט פון אידישן פאָלקס־איך.

אָט אזוי האָבן די פאָדערונגען פונם שכל אליין, וואָס די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע אידעאָלאָגיע פון אחד־העם האָט זיי ארויסגעשטעלט אף איר פאָן, אונטערגעגראָבן די ק אָ ס מ אָ פּ אָ ל י ט י ש־ראַציאָנאַליסטישע שיטה פון דער מערב־אייראָפּייאישער השכלה, און ס׳איז באַשאַפן געוואָרן די פערל אין אחד־העמס שרייבער־ און־ דיינקער־קרוין: „עבדות בתוך חרות“, די קנעכטשאַפט אין דער פרייהייט, — דער פרואוו צו באַהעפטן די פאָדערונגען פון פרייען שכל מיט די אינטערעסן פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פערזענלעכקייט, פונם אייביקן איד, וואָס איז אינפלוג שוין נעלם געוואָרן אינם תהום פון מיסטישן מיטלעלטער. פ ר י י ד ע נ ק ע ן א ו ן נ אַ צ י אָ נ אַ ל דענקען חד הוא, איז איינס! — האָט געוואָלט זאָגן מיט זיין שיטה אחד העם. דאָס איז געוועזן אַ היינטוועלטלעכער ראַציאָנאַליסטישער תיקון פון דער אַלטער אידישער כלל־נשמה, וואָס האָט איצט איר צווייטוויזנטיאָריקן קרעכץ פון מיסטישער בענקשאַפט — דעם לשנה הבאה בירושלים — באַנייט אינם היינטמאָדיש־צאַרטן ליבע־וואָרט: חובבו ציון, האָט ליב ציון...

ו.

נאָר... אחד העמס תיקון איז געבליבן נישט מער ווי אַ פרואוו. די סיסטעם פון אחד העמען האָט זיך אָנגעשטויסן אף אַ נייער גייסטיקער קראַפט, וואָס האָט זיך אויסגעקליבן אַ נייעם וועג. דער אייגענער איי־ראָפּייאישער פראָגרעס, וואָס האָט דעם פילאָזאָפישן ראַציאָנאַליזם פאַר־ביטן אַפן וויסנשאַפטלעכן רעאַליזם מיט זיינע מאַטעריאַליסטישע טענדענצן, האָט אויך ניט געקענט דערלאָזן, אַז דער אידישער געדאַנק זאָל פאַר־גליווערט ווערן אין די ראַציאָנאַליסטישע שיטות פון דער בערלינער השכלה און פון חיבת ציון. וואָרים אין דער אמתן האָט מען אַף דער פּראָבלעם פון דער נייער אידישער געשיכטע — אַף דער סתירה צווישן

דער אידישער נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט און דעם פרייען מענטשלעכן שכל — געקאָנט געבן נאָך אַ דריטע תשובה: איידער צו ראַציאָ־נאַליזירן דעם אַלטן אידישן גייסט, אַלצאיינס, צי זיינע אַלגעמיין־מענטשלעכע מאָטיוון, ווי עס האָבן געטאָן די בערלינער, צי זיינע נאַציאָנאַלע סימנים, ווי עס האָט געטאָן אחד העם, האָט מען געקאָנט שטרעבן צו רעאַליזירן דאָס אידישע פאָלק; נישט פאַרענטפערן און אויסטייטשן דעם מיסטישן אייביקן איד, נאָר מאַכן פון אים אַ לעבעדיקן אַקטיוון כּוח פון דער געשיכטע און מאָדערניזירן אונזער נאַ־ציאָנאַלע פּערזענלעכקייט דורך דער אויפלעבונג פון די אידישע פאָלקס־מאַסן. ניט פריי דיינקען און נאַציאָנאַל־דיינקען, נאָר פריי דיינקען און נאַציאָנאַל לעבן איז דעריבער געוואָרן דער סימן און דער אויס־געשריי פון דער נייער צייט.

אַף פאַרשיידענע וועגן און מיט פאַרשיידענע מיטלען האָט זיך דאָס אידישע לעבן געגרייט צו דער דאָזיקער רעאַליסטישער תשובה וואָס האָט געדאַרפט פאַרבייטן אחד העם׳ס ראַציאָנאַליזם: מיט דער אויפלעבונג פון דער אידישער פאָלקס־שפּראַך, מיטן אַרויסטריט פון די ברייטע אידישע מאַסן אַף דער פּאָליטישער אַרענע, מיט נייע וואַנדערונגען, וואָס האָבן נייע אידישע צענטערס באַשאַפן, און מיט דער קראַפט פון אַ נייעם נאַציאָנאַלן אידעאַל, וואָס האָט געזוכט נתגלה צו ווערן אַף פאַרשיידענע אופנים — אין חסידישער עסטעטיקע, אין העברייִ־אישער ראָמאַנטיקע און נאַציאָנאַלער מאַסן־באַוועגונג (קעגן דער כּיתה־שיטה פון אחד העם, בני משה), אין אידישן סאָציאַליסטישן אַרבייטער קאַמף, און האָט אין הערצלען געשטרעבט צו דער העכסטער מדרגה פון ממשות, צו דער רעאַלסטער פאַרקערפּערונג פון דער פאָלקס־פּער־זענלעכקייט, צו דער מלוכה. דער „אידנשטאַט“ פון הערצלען האָט באַדאַרפט פאַרבייטן די נאַציאָנאַלע ציון־מיסטיק פון גלות, די צוויי־טויזנט־יאָריקע קבלה, מיט אַ ממשותדיק־היינטוועלטלעכן קיבוץ־גליות, מיט אַ צונויפקלייבן פון די צעזייטע און צעשפּרייטע, און דעם פאַנטאַסטישן אייביקן איד, דעם שאָטן צווישן די פעלקער, פאַרוואַנדלען אין אַ לעבעדיק אידיש פאָלק. ס׳איז גרינג צו פאַרשטיין, אַז אחד העם האָט געמוזט ווערן הערצלס נאַטירלעכער קעגנער. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה צווישן צוויי פיינטלעכע נאַציאָנאַלע שיטות, און אין משך פון

דער מלחמה האָט בײַ אחד העמען דער פֿאַנאַטישער מאמין גובר געווען דעם פֿרייען דײַנקער. אין דער דאָזיקער לעצטער מלחמה פֿון זײַן דײַנ־קער־לעבן האָט ער דערקלערט דעם שׂכל פֿאַר באַנקראָט און האָט גע־ביטן זײַן כּלי־זין: די פֿרייהייט פֿון גייסט אַף דער פֿרייהייט פֿון גלויבן.
דער מתנגדישער ראַציאָנאַליסט האָט אָפּגעטראָטן זײַן אָרט דעם ראָמאַנ־טישן חסיד, און מיט אַן אמתער חסידיש־מיסטישער התלהבות האָט אחד העם אויסגעשריען: אנו מאמינים באמונה שלמה... מיר גלויבן, מיט דער קראַפֿט פֿון אַן אינעווייניקסטן וויסן, אין אייביקן היסטאָרישן צובונד פֿונם פֿאָלק ישׂראל צו ארץ ישׂראל, און מיר דאַרפֿן דערצו קיין לאָגישע ראיות נישט האָבן. אַלע נייעסן פֿון דער היינטיקער צײַט — מאַסע, פֿאָלק, דעמאָקראַטיע, עקאָנאָמישע אינ־טערעסן, מאַטעריאַליסטישע היסטאָרישע וויסנשאַפֿט וכדומה, וואָס אין זייער נאָמען האָט מען געוואָלט צונויפֿקלײַבן די צעזייטע און צעשפּרייטע— וועלן אונז ניט אַראָפּפֿירן פֿון אונזער היסטאָרישן וועג. חובבי ציון! די וויסנשאַפֿט איז ניט פֿאַר אײַך, איר מוזט גלויבן. און די ליבהאָבער פֿון ציון האָבן זיך צוגעהערט צו זײַן קול...

נאָר דאָס איז שוין ניט דער קול פֿון פֿרייען שׂכל און פֿונם דאָרשטיקן לעבנסגעפֿיל, וואָס אחד העם אַליין האָט זיך צו זיי אַזוי אָנ־געטרויט אין אָנהויב פֿון זײַן ליטעראַרישן שאַפֿן און האָט געקוקט אַף זיי ווי אַף אַ בית דין של מעלה, ווי אַף דער העכסטער אינסטאַנציע. די שטורמישע אופֿטועכצן פֿון פֿרייען שׂכל האָט אחד העם אָפּגעוואָרפֿן, זיך צוגעטוליעט צו דער ברוסט פֿון דער אַלטער אידישער קבלה און האָט צוזאַמען מיטן ציוניזם, מיט דער קראַפֿט פֿון אַ צוויי־טויזנט־יאָריקער רגילות, מנצח געווען אין אידנטום...

נאָר טאַקע צוליב דעם בלײַבט די פּראָבלעם פֿונם אידישן פֿאָלקס־איך ניט פֿאַרענטפֿערט, אַ תּיקו פֿאַרן פֿרייען שׂכל, און דער „אייביקער איד“ וואַרט נאָך אַלץ אַף אַ גואל...

פּעטערבורג—קאַזאַן 1914—1915.

# „ישראלס נשמה". *)

א ציוניסטישע געשיכטס־פילאָזאָפיע פון ד"ר פאַסמאַניק.

ווען ד"ר פאַסמאַניק רעדט מיט התלהבות וועגן „איזראַעלס זעעלע", דערוועקט זיך אין מיר אַ גרויסער חשק צו ריידן מיט פּשוטע ווערטער וועגן דער פּשוטער אידישער נשמה. און ניט מחמת דעם, וואָס מיר פעלט, חס ושלום, יראת הכבוד פאַר דער אידישער געשיכטע, פאַר דער גרויסער אידישער פאַרגאַנגנהייט, פאַר אונזערע גיבורים פון אמאָ־ליקע צייטן . . . אויך ניט צוליב דעם, ווייל איך קלייב נחת פונם איצ־טיקן דיר מיט זיין קליינעם קעגנוואַרטס־לעבן, פון די קליינע מענטשע־לעך מיט זייערע קליינע השגות, — ניין, ניט צוליב דעם האָב איך אזוי פיינט פאַסמאַניקס „איזראַעליטישע" התלהבות און האָב אזוי ליב אונזער פּשוטע אידישקייט: גאָר אנדערע סיבות דערוועקן אין מיר אַ שנאה צו „איזראַעליטנטום" . . .

ווען ס'וואָלט טאַקע געווען דער ריכטיקער גייסט פון דער גע־שיכטע, וואָס די הערן פאַסמאַניקס ווייזן אונז, וואָלט עס געווען ניט שלעכט, ווייל אונזער געשיכטע האָט טאַקע פאַרמאָגט גייסט, און אָפּט־מאָל גאָר אַ גרויסן. די צרה איז, וואָס די דאָזיקע הערן ווייזן אונז נאָר זייער אייגענעם גייסט . . .

קודם כל וויל ה' פאַסמאַניק פון זיין היסטאָרישער תורה (פילו־סופיה בלע"ז) מאַכן פאַר אונז אַ הלכה למעשה. ער נעמט אָן די פאָזע

---

*) „Israels Seele" Dr. D. Pasmanik. Jüdischer Verlag.

פון משה רבינו, דעם בארג סיני שטעלט ער אוועק איבער אונזערע קעפ. הגם ער טענהט אליין, אז די סאָציאָלאָגישע וויסנשאפט האָט נישט צו טאָן מיט דער צוקונפט, אז זי קאָן נישט ענטפערן אף דער פראַגע: „וואוהין?“, איז דאָס אַלץ גערעדט, ווען מען האָט צו טאָן מיט „מאַרקס תלמיד“ אָדער מיט דעם „השערות־מאַכער קויטסקי“ (עניוות איז גאָר אַ באַזונדערע מעלה פון הערן ד"ר פאסמאניק). פאסמאניקס תורה, ווייזט אויס, איז גאָר פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן... נאָר דאָס איז מער ניט ווי אַ לאָגישע סתירה, און ס'וואָלט געווען קליינלעך, אמתע דקדוקי עניות, ווען מען וואָלט אָנהויבן זוכן לאָגישע סתירות אין אַ בוך, וואָס איז אָנגעשריבן מיטן לשון פון אַ נביא, אין אַ בוך, וואָס ווענדט זיך צום אידישן געפיל און אידישן רצון און זייער ווייניק צום אידישן שכל... אמת, אביסל ממושטש מוז אויך דער רצון ווערן, ווען מען זאָגט אים בנשימה אחת פון איין זייט, די טעאָריע פון דער אידישער מיסיע, פון דער אידישער שליחות צווישן די אומות העולם איז לעכערלעך, ווייל אַ פאָלק לעבט ניט צוליב אַ מיסיע, צוליב אַן אידעאַלער שליחות, און פון דער אַנדער זייט, אז דאָס אידישע פאָלק איז אייביק, ווייל עס מוז פאַרווירקלעכן אייביקע אידעאַלן, אַז דאָס פאָלק האָט די אידעאַלן ארויס־געפירט פון ארץ־ישראל און האָט צוליב זיי ניט געקאָנט אונטערגיין אין גלות און מוז אַלץ צוליב די דאָזיקע אידעאַלן זיך ווידער אומקערן קאַריק קיין ארץ ישראל.

ווי געזאָגט, מען ווערט אביסל ממישטש פון אזעלכע סתירות און מען ווייס צום סוף ניט, וואו מען האַלט אף דער וועלט. נאָר פונדעסט־וועגן איז דאָס ניט אַזוי שלעכט. וואָרים סוף כל סוף זיינען דאָס ניט פאסמאניקס, נאָר אחד־העמס'ס געדאנקען, און ער קאָן דעריבער ניט נעמען פאַר זיי די פולע אחריות אַף זיך. אין אַ געוויסער מאָס קאָן מען דאָס זאָגן וועגן גאנצן ווערק, „איזראעלס זעעלע“ און ה' פאס־מאַניק זיינען צוויי פאַרשיידענע זאַכן, און אַ קריטיק פון בוך, רירט, חלילה, ניט אָן דעם כבוד פון מחבר... די געדאַנקען באַלאַנגען צו אחד־העם, מער ניט, ה' פאסמאניק האָט זיי אביסל „בריי̇טער“, ווי זיין שטייגער איז, מסביר געווען. אויסנוצן אונזערע היסטאָרישע זכרונות און תפילות, וואָס זיינען פאַרפולט מיט ליבע צו ארץ ישראל, ווי אַ ראיה פאַרן

ציוניזם, און מאַכן פון זיי אַ הלכה למעשה, אויף דעם איז צוערשט אחד־העם געפאַלן. די אידייעס וועגן דער וועלטלאָזיקייט פון אידישן שאַפן אין גלות, וועגן דעם קריזיס פון דער אידישער נשמה אין דער צייט פון דער אידישער עמאַנסיפּאַציע (דער אָנווער פונם אתה־בחרתנו־געפיל, די קנעכטשאַפט און צוויי־פּנימדיקייט פון דער אסימילאַציע) און די נויטווענדיקייט און די מעגלעכקייט ווייטער צו אנטוויקלען די אידישע קולטור אין ארץ ישראל, און נאָר אין ארץ ישראל — דאָס זיינען עיקרים פון אחד־העם'ס פּובליציסטיק, און ניט פאסמאניק וועט זיך דארפן פאר זיי פאַרענטפערן. *) מער נישט, עס פעלט אין בוך אחד־העם'ס ערלעכקייט. אחד־העם איז מודה, אז ער איז ניט אויסן מיט זיין פּאַ־לעסטיניזם אויסצולייזן דאָס אידישע פאָלק, אז אים איז נוגע נאָר די פראַגע פון „יודנטום", פון אידישקייט, פון אידישן גייסט, פון דער אידי־שער קולטור. מיט „קיבוץ גליות" וויל ער זיך ניט פאַרנעמען. ווי א ראַ־ציאָנאַליסט און אופגעקלערטער איד גלויבט ער שוין אפשר ניט, אז די נבואה פון „קיבוץ גליות" וועט ווען ניט איז מקוים ווערן . . . פאס־מאניק, אָבער זעט איר, איז אונז מבטיח א סך מער. ער וועט אוים־לייזן סיי אונזער גוף און סיי אונזער נשמה. דער עיקר איז, פארשטייט זיך, די נשמה (די באלעבאטישע מיט דעם גאנצן קלאַפּערגעצייג פון שינאה צו „זשאַרגאָן" און פון ליבע צום „הייליקן טעמפל" אפן הייליקן באַרג ציון"), אָבער אויך דער גוף וועט אַזוי כלאחר יד אוים־געליזט ווערן. פאסמאניק פאַרשפּרעכט (פארוואָס ניט ? — קלערט ער), וואָרים פאסמאניק גלויבט, און אמונה איז דאָך עוקר הרים. די צרה איז, וואָס דער גלויבן קומט אָן אזוי גרינג ביי לייט פון פאס־מאניקס שניט. ניט ער, וועלן אנדערע פאַרענדיקן די אַרבעט, ניט דער

*) אין אַ פּאָר ערטער איז נאָר איבערגעאנדערשט דער נוסח, די פאָרמולירונג פון דער אידישער גלות־פּסיכאָלאָגיע, אָט אין די ערטער, וואו סע ווערט באַשריבן די סתירה צווישן אונזערע הויכע סוביעקטיווע אידעאַלן און אונזער אָביעקטיוון ווערט (חשיבות) אָדער באטרעף אין דער וועלט, אָדער מיט פשוטע ווערטער: די סתירה צווישן דער אינעווייניק־סטער אידישער רוחניות און דער אויסנווייניקסטער פאַרשקלאפונג, וואָס גייט דורך ווי א ־ויטער פאָדים דורך דער אידישער געשיכטע. דאָס זיינען, אגב אורחא, די בעסטע זייטן אין בוך: אַן אַלטער און פאַלשער געדאנק, אָבער מיט אַ פרישן געפיל אָנגעשריבן.

איצטיקער דור, איז אין קומענדיקע דורות. און סוף כל סוף איז דער גלויבן אליין אַ גרויסע זאך, אפילו אויב ער ווערט ניט מקוים. אָט דאָס איז דער בולטסטער סימן פונם בוך: דער ציוניזם אלס גלויבן, אַלס נייע אָפּגעפרישטע אידישע אמונה — ובזכות זה ובא לציון גואל. לאָמיר דעריבער זאָגן אמן און זיך שיידן מיטן העד פּאסמאניק.

„דער פריינד“ 1911.

# די תורה פון אסימילאציע און דער אידישער ארבעטער

אָדער

# אידישע עקאנאמיקע און אידיש דיינקן.

.1

## קעגן דער „וויסנשאפט פון יודנטום“ און פארן היסטארישן מאטעריאליזם.

די מוראדיקע אָרימקייט אין וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור בנוגע ענינים פון אידישער ווירטשאַפטסגעשיכטע אָדער וועגן דעם עקאָנאָמישן געביי און דער סאָציאַלער סטרוקטור פונם אידישן פאָלק, מוז ניט ווייניק איבעראַשן איטליכן, וואָס גרייט זיך שרייבן וועגן עקאָנאָמישע און סאָציאַלע דערשיינונגען אין אידישן לעבן. גאַנצע בערג שריפטן זיינען פאַראַן וועגן דער אידן=פראַגע: טייל זיינען פול מיט שבחים און פילאָסעמיטיש=סענטימענטאַלע פראַזעס וועגן אידישע צרות; טייל — מיט זידלערייען און ליגנס, געכאַפט מיט אַנטיסעמיטישער העזה פון דער לופטן, וועגן אידישער עשירות, אידישן פינאַנסיעלן כוח, אידישן אינטערנאַציאָנאַל און אַזוי ווייטער. יאָ, אַסך, מען קען זאָגן צופיל איז גערעדט, געשריבן און געדרוקט געוואָרן וועגן אידישער אָרימקייט און אידישער רייכקייט, אָבער זייער ווייניק, כמעט גאָרנישט קאָנטיקס און גרונטיקס וועגן אידישער עקאָנאָמיק, אידישער ווירטשאַפט. *) טייל פלעגן קריכן פון דער הויט אַרויס, בכדי אונז צו פאַרטיידיקן, אַנדערע ווידער פלעגן אויסזוכן כלערליי המצאות און בילבולים אַף אונז צו פאַר=

---

*) דער דאָזיקער אַרטיקל איז געווען געשריבן נאָך איידער עס האָט זיך באַוויזן זאָמבארטס ווערק „די יודן און דאָס ווירטשאַפטסלעבן“

שוואַרצן. ווייניק אָבער, זייער ווייניק אין צאָל זיינען געווען יענע, וואָס פּלעגן זיך מטריח זיין אומפּאַרטייאיש אויסצופאָרשן ווער מיר זיינען אין דעראמתן, וואָסער חשיבות האָבן אידן אין דער ווירטשאַפט פון דער וועלט, וואָסער כאַראַקטער האָט אונזער עקאָנאָמישער געביי און וואוהין פירט אונז אונזער גורל, די היסטאָרישע נויטווענדיקייט.

די סיבות פון אַזאַ משונהדיקער דערשיינונג, פון אַזאַ אָרימקייט אין עקאָנאָמישע פאָרשונגען, נאָכמער משונהדיק בײַ דעם „עם־הספר" מיט זיין אַלטער און רייכער ליטעראַטור, זיינען פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער און אויך פון ספּעציעל־אידישער נאַטור.

עס איז קיין חידוש ניט, וואָס די ווירטשאַפטס־געשיכטע פון אי־דישן פאָלק איז געווען כמעט אינגאַנצן ניט באַוואוסט ביז צום ניינ־צענטן יאָרהונדערט, ווייל די געשיכטשרייבונג בכלל איז נאָך ביז צו יענער צייט ניט געשטאַנען אַף דער וויסנשאַפטלעכער מדרגה, אַף וועל־כער מיר געפינען זי איצטער, בעת די עקאָנאָמישע דערשיינונגען, וואָס מען האָט אין זיי דערקענט די עיקר־כוחות פון דער וועלט־געשיכטע, ציען אַף זיך די אופמערקזאַמקייט פון אַלע ערנסטע פאָרשער. אָבער דער 19־טער יאָרהונדערט, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט אַזאַ גרויסן אופּבלי אין די סאָציאַלע וויסנשאַפטן, האָט אונז שוין יאָ געמעגט געבן אַ השגה אויך וועגן דער אידישער עקאָנאָמיק. און אויב אויך דער היסטאָ־ריש־מאַטעריאַליסטישער, ווירטשאַפטס־געשיכטלעכער ניינצענטער יאָרהונדערט האָט אונז אין דעם פּרט אָפּגענאַרט, זיינען דערין שולדיק ספּעציעל־אידישע סיבות, געוויסע מידות פון אידישן לעבן, די ספּעציעלע גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין אים אונטער דער השפּעה פון די אייראָפּייאישע דעמאָקראַטישע באַוועגונגען.

די בירגערלעך־רעוואָלוציאָנערע אופקלערונגס־פילאָזאָפיע פון 18־טן יאָרהונדערט, וועלכע האָט געבראַכט צו אַזאַ וויכטיקער איבערקערעניש אין דער אייראָפּייאישער אידייען־וועלט, האָט אויך אַריינגעטראָגן אירע השכלה־שטראַלן אין אידישן געטאָ, וואו דער אידישער גייסט האָט זיך געמאַטערט אין די ד' אמות של הלכה. און ס'איז געשען אַ נס. דער פאַרטריקנטער למדן מיטן תלמודיש־פאַרפּלאָנטערטן קאָפּ האָט אופגעוואַכט צו אַ נייעם לעבן, האָט אויסגעגלייכט דעם קרומען מח, און פון סכאָ־לאַסטישן פּילפּול איז אויסגעוואַקסן די אידישע געשיכטס־וויסנשאַפט, די

חכמת ישראל, די וויסנשאַפטלעכע היסטאָרישע קריטיק, און פונם פאַרגליווערטן דאָגמאַטישן גלויבן — די נייע אידישע רעליגיאָנס-פילאָזאָפיע. עס האָט זיך אָנגעהויבן בויען און אַנטוויקלען אַ „וויסנשאַפט פון יודנטום", וואָס אַף איר איז געפאַלן דער גורל אָפּצוטאָן אַ באַזונדערע סאָציאַל-פּאָליטישע שליחות — געבן פאַר דער מערב-אייראָפּייִשער אידישער בורזשואַזיע די תורה פון אַסימיליאַציע.

און בשעת די שטרעבונגען צו עמאַנסיפּאַציע און צו אַסימיליאַציע פון דער אידישער בורזשואַזיע האָבן אָנגעהויבן אָנצופילן אַלע אידישע הערצער, האָבן זיי אַריינגעצויגן אין זייערע סאָציאַלע שטרעבונגען אויך די אידישע געלערנטע, די אידישע פאָרשער. דורך דער באַגרינדונג און אויסאַרבעטונג פון דער „יודנטום-וויסנשאַפט" האָט דער אידישער געלערנטער געשטרעבט צו ברענגען די ראיה פאַר די אומות-העולם, אַז מיר אידן האָבן שוין דערגרייכט צו דער גייסטיקער עמאַנסיפּאַציע און בכן קומט אונז על פי לאָגיקע און על פי יושר אויך די בירגערלעכע, פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג. און אָט צוליב דעם דאָזיקן סאָציאַל-פּאָליטישן תכלית האָט מען אַף גיך די העברייאישע שפּראַך פון די ערשטע משכילים, פון אַ קראָכמאַל און אַ ראַפּאָפּאָרט און פון די „מאַספים" אויסגעביטן אַף דער פראַנצויזישער שפּראַך פון מונק און אַף דער דייטשער שפּראַך פון צונץ און גייגער.

אָט אַזוי האָט די אידישע וויסנשאַפט זיך געמוזט צופּאַסן צו די באַדערפעניש פונם אידישן קאַפּיטאַל, וועלכער האָט זי געשטיצט מיט זיינע מאַטעריעלע און גייסטיקע כוחות. די רעפאָרמירטע סינאַגאָגע מיט איר אָרגל, אירע פריידיגערס (דרשנים), מיט דעם רעפאָרמירטן סידור, דעם אידישן זונטיק — דאָס זיינען געווען די פּראַקטישע פּרוכטן פון דעם בונד, וואָס די אידישע וויסנשאַפט האָט אים געשלאָסן מיט דער אידישער בורזשואַזיע. טעאָרעטיש האָט זיך די בורזשואַזע כוונה פון דער אידישער וויסנשאַפט אַרויסגעוויזן סיי אין דעם, וואָס זי האָט געדרשנט, סיי אין דעם, וואָס זי האָט פאַרשוויגן...

פּונקט ווי די ריטער פון מיטלעלטער פלעגן שרייבן און זינגען וועגן זייערע וואַנדערונגען און אַוואַנטיורעס, פאַרגעסנדיק אָנצואווייזן, אַף וועמעס הוצאות זיי האָבן געוואַנדערט און פאַרפירט די ליבע-אַפערעס, אַזוי האָט אויך די אידישע וויסנשאַפט פון אונזערע געלט-ריטער זיך באַ-

שעפּטיקט על פּי רוב מיט די גייסטיקע שטרעמונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לעבן פון אידישן פאָלק, פאַרגעסנדיק אָנצואווייזן די אידישע פּרנסות, ניט זעלטן פּאַראַזיטישע, ניט שטענדיק פּראָדוקטיווע, אַף די קוואַלן און דעם כאַראַקטער פון דער אידישער עקאָנאָמיקע. און די אידישע וויסנשאַפט האָט געמוזט מאַכן דעם איינדרוק, פּונקט ווי אידן וואָלטן אינדעראמתן געווען אַן עם כוהנים, אַ פאָלק פון רבנים, למדנים און מלמדים, וואָס איז פאַרנומען דורכאויס מיט שרייבן שאלות ותשובות אָדער קבלה־ספרים אין פינסטערע צייטן און פילאָזאָפישע טראַקטאַטן אין ליכטיקע קולטור־תקופות. די איינציקע זייט פון ממשותדיקן אידישן לעבן, וואָס האָט זיך יאָ אָפּגעשפּיגלט אין דער אידישער וויסנשאַפט, זיינען געווען די אידישע צרות, וועלכע מען האָט גענוי באַשריבן, כדי אַרויס־צורופן געפילן פון רחמנות און יושר באַ די באַלעבאַטים, באַ די אומות־העולם. די אידישע קאַפּיטאַליסטן האָבן ניט געוואָלט, מען זאָל ריידן וועגן אידישע פּרנסות, און די „וויסנשאַפט פון יודנטום" האָט זיי גע־דינט באמונה שלמה און געשוויגן וועגן דער אידישער עקאָנאָמיקע.

אין דעם ווידער, וואָס די אידישע וויסנשאַפט האָט יאָ געפאָרשט און גע־דרשנט, אין די מעלות, מיט וועלכע זי האָט אויסגעצירט איר אידישקייט־אידעאַל, האָבן זיך ערשט אַף אַן אמת אַרויסגעוויזן אין גאָל־דענעם גלאַנץ די כוונות, פּניות און תכליתים פון אידישן קאַפּיטאַל.

וואָרים וואָס איז דאָס אַזוינס באמת געווען די אַזוי־גערופענע מי־סיאָנס־טעאָריע, די שיטה, אַז אידן האָבן אין גלות די שליחות פון מאָנאָטעאיזם און מוסר אין דער וועלט?

די מיסיאָנס־טעאָרעטיקער האָבן אָפּגעלייקנט אַלע נאַציאָנאַלע סימנים באַם אידישן פאָלק און געקוקט אַף אידן, ווי אַף אַ כיתה, ווי אַף אַ רעליגיעזער געמיינדע, וואָס איז געשיקט פון גאָט אין גלות, כדי צו פאַרשפּרייטן דעם גלויבן אין גאָט און אין דער הייליקער תורה.

דער פּרצוף פון דער דאָזיקער שיטה זאָגט אַף איר עדות, אַז זי איז קאָנסטרואירט געוואָרן פון דער יודנטומס־וויסנשאַפט פאַר דער אידישער בורזשואַזיע, וואָס איז איר געווען ליב און טייער און נאָענט צום האַרצן, אַז מען האָט די נייע תורה קונציק צוגעפּאַסט צו די אינטערעסן פון אידישן קאַפּיטאַל.

בעת די אייראָפּייאישע בורזשואזיע דאָס אָפּגעשאַפט דורך אירע רעוואָלוציעס אַלע שטערונגען אפן וועג פון קאַפּיטאַליזם, בעת די וואַקסנ־דיקע פּראָדוקטיווע כוחות פון דער געזעלשאַפט האָבן אָנגעהויבן צונויפ־צושמעלצן שוואַכע פעלקער אין מעכטיקע נאַציעס מיט שטאַרקע רעגי־רונגען און גרויסע אַרמייען, האָבן זיך פאַר דעם אידישן קאַפּיטאַליסט געעפנט נייע גלענצנדע האָריזאָנטן, און ער האָט באַקומען חשק אויס־צונוצן פאַר זיין קאַפּיטאַל. אַלע בורזשואזע פּריוויליעגיעס, לאָזן דינען פאַר זיינע צוועקן די בורזשואזע נאַציאָנאַלע רעגירונגען. און דאָ איז אים גע־קומען צונויף די אַסימילאַטאָרישע מיסיאָנס־טעאָריע פון דער „חכמת ישראל“. אויב אידן זיינען ניט קיין נאַציע מיט אַ באַזונדערן עקאָנאָמישן כאַראַק־טער און ספּעציעלע סאָציאַל־עקאָנאָמישע צילן, אויב זיי זיינען ניט מער, ווי אַ רעליגיעזע געמיינדע, פאַרבונדן דורך דעם גלויבן אין איין גאָט, דע־מאָלט קען זיך יעדער איד מיט אַ גרינגער האַרץ אָנערקענען ווי אַ בירגער און פּאַטריאָט ניט נאָר פונם לאַנד, נאָר אויך ווי אַ מיטגליד פון יענער נאַציע, אין וועמענס לאַנד ער לעבט. אַף אַזאַ אופן האָט זיך געבילדעט אַ נייער מין אידן: פראַנצויזן, דייטשן, ענגלענדער פון משה רבינוס גלויבן, וועלכע האָבן, פאַרשמייט זיך, געקאָנט פאָדערן דאָס איי־גענע עקספּלאָאַטאַציע־רעכט פאַר זייערע קאַפּיטאַלן, ווי די אמתע דייטשן, פראַנצויזן א. א. וו.

די „וויסנשאַפט פון יודנטום“ האָט אוועקגעלייגט אַ סך כוחות אַף צו באַגרינדן אָט די שיטה פון אסימילאַציע און האָט אונז דעריבער געגעבן גרויסע און קליינע ווערק וועגן אידישער רעליגיע, אידישער מאָ־ראַל, אידישער ליטעראַטור און — כמעט ניט קיין איין איינציקע אויס־פאָרשונג וועגן דער היסטאָרישער און געגנוואַרטיקער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון אידישן פאָלק. און ווען די אינטעליגענטע בורזשואזיע, אונזערע רייכע קרובים פון מערב־אייראָפּע מיט זייערע פאַרבינדעטע, די ליבהאַרציקע, הומאַנע פילאָסעמיטן פלעגן זיך יאָ אמאָל אַראָפּלאָזן צו די ברייטע אידישע פאָלקסמאַסן און באַשרייבן די לאַגע פון אידישן פּראָלעטאַריאַט, פלעגט דאָס אַלעמאָל געשען מיט דער אָפענער כוונה צו פאַרטיידיקן דורך די אידישע אָרימע פּראָלעטאַריער די מיליאַרדן־רייכטימער פון אונ־זערע ראָטשילדס, בלייכרעדערס א. א. וו.

„זעט אנטיסעמיטן“ — הערט איר אין יעדער שורה, וואָס סאָלאָ־וויטשיק האָט, למשל, געשריבן איבער דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט: *) „איר שרייט וועגן אידישע רייכטימער, אידישע אוצרות, איר האַלט אלע אידן פאַר גבירים! זעט, וואָס איך וועל אייך ווייזן: אָט האָט איר איין אידישן אַרבעטער, דאָ א צווייטן, דאָרטן א דריטן, אלע האָרעווען בּאַ די שרעקלעכסטע תנאים. קוקט זיך צו און לאָזט מיר אין רו די ראָט־שילדס, בּלייכרעדערס א. א וו. לאָזט זיי למען השם הנאה האָבן פון זייערע רווחים, פון זייער מערוועט אין זכות פון דער אידישער פּראָלע־טאַרישער אָרימקייט“.

אָט מיט אזא מין פּובּליציסטישער פרייד באשרייבּט סאָלאָוויטשיק די שוויין־וואַרשטאַטן (סוויטינג־סיסטעם) פין די אידישע אַרבּעטער אין איין לאַנד, און מיט דער שמחה פון אן אנטפּלעקער ציילט ער איבּער די הייפּעלעך אידישע פּראָלעטאַריער איבּער דער גאָרער וועלט.

ס'איז קלאָר, אַז בּאַ אזעלכע בּאַציאונגען צום אידישן פאָלק, צו דער אידישער געגנוואַרט און צוקונפט, האָט די אידישע בּורזשואזע אינטעליגענץ ניט געקאָנט שאַפן קיין וויסנשאַפטלעכע פאָרשטעלונגען וועגן דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער אידישער נאַציע. די אסימי־לאציע־אינטערעסן, דער קאַמף מיטן אנטיסעמיטיזם האָבּן מיט זייערע אפּאָלאָגעטישע תכליתים געפירט דערצו, אז מען האָט פארמאכט די אויגן אף דער אידישער עקאָנאָמיקע, ספּיריטואַליזירט (פארגייסטיקט) און אידעאַליזירט דאָס אידישע לעבּן און איגנאָרירט די ניט־גאָר בּאקוועמע אידישע פאָלקסווירטשאַפט, וועלכע פלעגט פאַרשאַפן אזוי פיל דאגות און אופגעבּן אזוי פיל פּראָבּלעמען.

*) אין זיין בּוך: Un prolétariat mèconnu (דער ניט־בּאַוואוסטער פּראָלע־טאַריאַט).

.2

## קעגן אסימילאטארישן סאציאליזם.

די אייגענע אידעאָלאָגישע אַנטוויקלונג, אמת, אין מיניאַטוּר „בֿזעיר
אנפּין“ אוּן אין אַ בּיסל געענדערטער פֿאָרמע מוּזן מיר קאָנסטאַטירן בּאַ
דער רוּסיש=אידישער בּוּרזשואַזיע, בּעת אירע סאָציאַלע פֿאַרהעל=
טענישן אוּן אינטערעסן האָבּן בּאַקוּמען אַ געוויסע ענלעכקייט צוּ די גע=
זעלשאַפֿטלעכע לעבּנס=תּנאים פֿוּן אירע מערבֿ=אייראָפּייאישע בּרידער.
נאָר קוּקנדיק אַף די פֿאַרהעלטענישן אין רוּסלאַנד, וואוּ עס זיינען
קאָנצענטרירט גרויסע אידישע אַרבּעטער=מאַסן, וואוּ ס'איז
אוּפֿגעקוּמען די ערשטע אידישע סאָציאַליסטישע מאַסן=בּאַוועגוּנג,
שטייט פֿאַר אוּנז אוּך אַ פּיל וויכטיקערע פֿראַגע: פֿוּן וואַנען
שטאַמט דאָס, וואָס די אידישע פּראָלעטאַרישע אינטעליגענץ מיט
איר היסטאָריש=מאַטעריאַליסטישן קוּק אַף דער געשיכטע, האָט בּיז דער
לעצטער צייט געהאַט אַזאַ אויבּנאוּפֿיקע השגה וועגן דער אידישער עקאָ=
נאָמיקע? מיט וואָס דערקלערט זיך, וואָס אין דער אידישער סאָציאַליס=
טישער ליטעראַטוּר ווערט אַזוי גרוּנטיק אוּן וויסנשאַפֿטלעך גערעדט וועגן
אַרבּעטער בּכלל, וועגן עקאָנאָמיקע אין אַלגעמיין, אוּן אַזוי דילעטאַנטיש
אויבּנאוּפֿיק וועגן אידישע אַרבּעטער אוּן אידישער עקאָנאָמיקע? וואוּ
שטעקט די סיבּה, וואָס איר געפֿינט אין דער גאַנצער אידישער סאָציאַליס=
טישער ליטעראַטוּר כּמעט ניט קיין איין איינציקן אַרטיקל וועגן די בּאַזוּנ=
דערע כאַראַקטעריסטישע שטריכן אין דער לאַגע
אוּן אין די אַרבּעטס=מעגלעכקייטן פֿוּנם אידישן אַרבּעטער? (עס איז
כאַראַקטעריסטיש, אַז דער בּוּנדישער ענטפֿער, וועלכער דערקלערט די
שוועריקייטן אין דעם פּראָלעטאַריזירוּנגס=פּראָצעס פֿוּן די
אידישע מאַסן, די מניעות, וואָס שטעלן זיך אין וועג דעם אידישן אַר=
בּעטער בּאַ זיין אַריבּערגיין צוּ פֿאַבּריק=אַרבּעט, דוּרך געוויסע רעליגיעזע
פֿאָרשטעלוּנגען בּאַ אידן פֿוּן איין זייט אוּן מיט דער עקסיסטענץ פֿוּן
דער צאַרישער זעלבּסטהערשוּנג פֿוּן דער אַנדער זייט — אַז דער דאָ=
זיקער זעלטענער אַרטיקל וועגן דער ספּעציעלער לאַגע פֿוּן דער אידישער

אַרבעטערשאַפט אין דער בינדיישער ליטעראַטור האָט אויך געקאָנט אַרויסגערופן ווערן נאָר דורך אַ פּ אָ ל ע מ י ק מיט די פּועלי־ציון).
נאָכדעם, וואָס מיר האָבן אויבן געזאָגט, דאַרפן מיר נאָר ווענדן אונזער אויפמערקזאַמקייט אַף איין שטריך אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד און די סיבה פון אָט דער משונהדיקער דערשיינונג וועט גרינג זיין אויפגעדעקט.

די ערשטע תקופה פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז אויסגעפאַלן אין איין צייט מיט דעם פּאָליטישן שטרעבן פון דער אידישער ב ו ר ז ש ו אַ ז י ע צו גלייכבאַרעכטיקונג. דאָס האָט גע־פירט דערצו, אַז די אידישע סאָציאַליסטישע אינטע־ליגענץ איז ניט אַלעמאָל געשטאַנען אַף דעם קלאַסן־שטאַנדפּונקט פון אידישן אַרבעטער און האָט באַ דער פאַרטיידיקונג פון אידישע דע־מאָקראַטישע אינטערעסן איבערגענומען די גייסטיקע ירושה פון אירע טאַטעס, פון די שוין אַסימילירטע אָדער ערב אַסימילירטע בורזשויעס, צוגעבנדיק דערמיט דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג אַ ב י ר ג ע ר ל ע ך־אַ ס י מ י ל אַ ט אָ ר י ש ן כאַראַקטער. דער אידישער סאָציאַליזם, אַף וויפיל מען קען די אידישע אינטעליגענץ רעכענען אַלס זיין פאָרשטייער, איז ביז דער לעצטער צייט, מען קען אפילו זאָגן, ביז די לעצטע פאָר יאָר, געווען קאָסמאָפּאָליטיש, דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון אַסימיליאַציע, וועל־כער האָט זיך אַרויסגעוויזן הן אין דעם פאַרשטיין די אידן־פראַגע בכלל און די אידישע אַרבעטער־פראַגע בפרט.

ליידנדיק ווי אַ יחיד, ווי אַ פּרט פון דער ניט־נאָרמאַלער לאַגע פון דער אידישער נאַציע און פאַרצווייפלענדיק אין די מעגלעכקייטן פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, האָט די אידישע סאָציאַליסטישע אינ־טעליגענץ געטראָגן אין האַרצן אַ נאַציע־פאַרניכטנדיקן קאָסמאָפּאָליטישן־סאָצי־אַליסטישן אידעאַל, וואָס איז געווען אויפגעבויט אַף דער שטימונג און דעם יאוש־אויסגעשריי: „תמות נפשי עם פלישתים!“ — זאָלן אַלע נאַציעס אונטער־גיין מיט אידן אינאיינעם! צו דער אידישער מאַסע איז זי געקומען אָן אַ געפיל פון נאַציאָנאַלער ווערדע און אין איר שטרעבן צו אויבנאויפיקער גלייכמאַכעריי האָט זי זיך ניט מטריח געווען אויסצוטייטשן ממשותדיק פאַר דער אייגענער נאַציע דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, אים אַרונטער־ציען פון דעם אַבסטראַקטן קאָסמאָפּאָליטישן הימל און אויסמישן מיטן

רעאַלן עיד־געראָך פון דער אידישער גאַס. שטרעבנדיק ניט צו גלייכהייט מיט אַנדערע פעלקער, וואָרים דאָס וואָלט דאָך געהייסן זיין דווקא נאַציאָנאַל, נאָר צו ענלעכקייט, צו אויסמישונג מיט די אַנדערע פעלקער, האָט דער אידישער אַסימילאַטאָרישער סאָציאַליסט געהאַט אַ פּריינטלעך אויג נאָר פאַר די אַלגעמיין מענטשלעכע שטריכן אין דער אידישער ווירקלעכקייט, האָט ער באַמערקט נאָר יענע מידות, וואָס אין זיי איז דער אידישער אַרבעטער גלייך צו אַלע אַנדערע פּראָלעטאַריער און איז אין אַריסטאָקראַטיש־אַסימילאַטאָרישער פאַרבלענדעניש פאַרבייגעגאַנגען ניט זעענדיק די באַזונדערקייטן הן אין דעם קולטורעלן פּרצוף, הן אין דעם עקאָנאָמישן כאַראַקטער פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט און אַ פשיטא שוין אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער אידישער נאַציע.

אָט אַזוי האָבן מיר ביז דער לעצטער צייט געהאַט אידן־סאָציאַליסטן, אָבער ניט קיין אידישן סאָציאַליזם. דער אידישער סאָציאַליסט איז ניט אַרויסגעגאַנגען פון די ממשותדיקע מיט אַ ספּעציעלן קלאָר אויסגעפּאָרבענע אינטערעסן באַ די אידישע אַרבעטער־מאַסן, נאָר האָט, פאַרקערט, געזוכט אין דער אידישער אַרבעטער־מאַסע אַ שטיץ־פּונקט פאַר דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, קוקנדיק אַפן אידישן אַרבעטער ווי אַף אַ „שמיר־אייל פאַר דער רעוואָלוציע“. באַ דעם אידישן אַסימילאַטאָרישן סאָציאַליסט האָט דער אידישער פּראָלעטאַריאַט ניט געהאַט די שליחות, ווי באַ די פּראָלעטאַריער פון אַלע אַנדערע נאָרמאַלע נאַציעס, צו פאַרווירקלעכן אין זיין אייגענעם לעבן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, ניין, צו דעם דאָזיקן געדאַנק האָט זיך זיין אַסימילירטער גייסט ניט געקאָנט דערשלאָגן: אין זיינע אויגן איז די אידישע אַרבעטער־מאַסע נאָר געווען אַ מין קוואַל, אַ רעזערוואואַר פון סאָציאַליסטישע אינטעליגענטן, אַף וועלכע מען האָט—איבערנעמענדיק די טעאָריע פון דער אַסימילאַטאָרישער רעליגיעזער מיסיע — געקאָנט אַרופלייגן די ספּיריטואַליסטיש־פילאַנטראָפּישע שליחות צו זיין אַ לערער פון סאָציאַליזם, אַן אַגיטאַטאָר אַף צו וועקן, מיט דער הילף פון זיינע צעשפּרייטע איבער דער וועלט אָרגאַניזאַציעס, סאָציאַליסטישע געפילן באַ די פּראָלעטאַריער פון די אומות העולם. אין דעם האָט דער אידישער אַסימילאַטאָרישער סאָציאַליסט געזען די באַרעכטיקונג פאַר דער נאַציאָנאַלער עקסיסטענץ פון אידישן אַרבעטער.

איז מען אָבער ניט מערער פון אַן אידייעס-פאַרמיטלער, דענסט-מאָל, פאַרשטייט זיך, אַז די לערערס מוזן צופּאַסן זייער געדאַנק און געפיל צו די פאַרהעלטעניש פון די שילער, פון די אומות העולם, אַז מען מוז זיך האַלטן אינם קאָסמאָפּאָליטישן סאָציאַליזם; איז מען אַן אַרמיי פון אינטעליגענטן פאַר דער מאַסע פון וועלט-פּראָלעטאַריאַט, דענסטמאָל פאַרלירט שוין זיין חשיבות דער עקאָנאָמישער יסוד פונם אייגענעם פאָלק, עס פאַרלירט דעם ווערט די אופשטעלונג פון עקאָנאָמישע אנטוויקלונגס-געזעצן פאַר זיין געשיכטע; וואָרים אלס אינטעליגענט מיט דער רגילות צו אבסטראקטן דיינקן קען מען צוטראַכטן און צופילן דאָס, וואָס סע פעלט אויס אין דער עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט. אָט אזוי איז אופגעקומען די אסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע פונם אידישן געטאָ, געטראָגן און פאַרשפּרייט פון מאַרקסיסטן מיט בורזשואזע אינסטינקטן, וועלכע האָבן דעריבער ניט געקענט שאַפן א פּאַרטיי מיטן אידעאַל צו באַגלייטן דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט אף זיין אייגענעם וועג צום סאָציאַליזם, א פּאַרטיי, וואָס זאָל זיין בכח אים פאָרצוצייכענען זיין עקאָנאָמישן אנטוויקלונגס-גאַנג. ניט האָבנדיק דעם חשק און דאָס באַדערפעניש צו פאַרבינדן זייער גורל מיט דער צוקונפט פון אידישן ארבעטער, האָבן זיך די אסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטן באַגנוגנט מיט אַן אבסטראַקטן סכעמאַטישן סאָציאַליזם, וואָס איז ווייניק געווען צוגעפּאַסט צו דער אידישער ווירקלעכקייט. די אַסימילאַטאָרישע שטרעבונגען און אינסטינקטן האָבן מיט נויטווענדיקייט געמוזט שאַפן אַן אַסימילאַטאָריש דיינקן, און דערי-בער האָט די אידישע עקאָנאָמיקע, דער אידישער ארבע-טער אויסגעפעלט אין די פילאָזאָפיש- און- היסטאָריש-מאַטעריאליסטישע השגות פון אונזערע סאָציאַליסטן.

אנדערש האָט עס אָבער געמוזט ווערן מיטן אופקום פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין סאָציאַליזם, מיטן אריינדרינגען פון נאַציאָנאַלע געפילן, נאַציאָנאַלע אידעאַלן אין דער אידישער ארבעטער-מאַסע. די גלות-נויט, אָט די כראָנישע קריינק פון דער אידישער גע-שיכטע, האָט מיטאַמאָל אָנגענומען אין די אַכציקער יאָרן מיט זייערע פּאָגראָמען אַ שאַרפן כאַראַקטער און האָט רעוואָליוציאָניזירנדיק דעם

פאָלקס־באַוואוסטזיין געוועקט אינם גאַנצן פאָלק געפילן פון נאַציאָנאַלער ווערדע און שטרעבונגען צו נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט. די אידישע פאָלקסמאַסע און מיט איר אַ טייל פון דער אידישער אינטע־ליגענץ האָט זיך אויסגעהיילט פון דער געווישנטער שקלאַפישער רגילות זיך אופצוורעגן איבער די אַנטיסעמיטישע זידלערייען און זיך צו פרייען איבער פילאָסעמיטישע חניפות. די אידעאַלן פון זעלבסטהילף, פון זעלבסט־באַפרייאונג (אַווטאָ־עמאַנסיפּאַציע) האָבן געגעבן אַ טויט־קלאַפּ דער אַפּאָלאָגעטיש־אַסימילאַטאָרישער ריכטונג פונם אידישן דיינקן, האָבן על פּי הכרח געוועקט דעם שטרעבן פאַר זיך אַליין קלאָר צו מאַכן די סאָציאַלע דערשיינונגען אין לעבן, זיך אַליין צו ענט־פערן וואָס מיר זיינען און וואוהין סע פירט אונז דער היסטאָרישער גורל. די נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט געמוזט שאַפן אַ נאַציאָ־נאַלע דינק־ריכטונג. באַ היסטאָרישע מאַטעריאַליסטן, באַ פּראָלעטאַרישע אידישע גייסטער, האָט זי געוועקט אַן אינטערעס פאַר דער ספּעציעלער לאַגע פונם אידישן אַרבעטער, געוועקט דעם שטרעבן טיפער צו פאָרשן די אידישע עקאָנאָמיקע, גרונטיקער צו דערגיין די עקאָנאָמישע געזעצן אין דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט, כדי צו ווערן איר טרייער באַגלייטער אַפן וועג צום לייכטנדיקן סאָציאַליסטישן אידעאַל.

.3

## אפן וועג צום אידישן סאָציאַליזם.

אַ גרויסן טריט פאָראויס אַפן וועג פון זיך אַליין דערקענען, און דעריבער אויך אַפן וועג פון זיך אַליין באַפרייען האָט דער אידישער פּראָלעטאַריאַט געמאַכט, בעת ער האָט אין די ראַמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער אַר־בעטער־באַוועגונג אָנגעהויבן זען פאַר זיך ספּעציעל אידיש־נאַציאָנאַלע אופגאַבן, וואָס מען דאַרף זיי אונטער־שטרייכן אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף פאַר דער סאָ־ציאַליסטישער צוקונפט, פאַר אַ נייער סאָציאַליס־

טישער געזעלשאַפט, בעת ער האָט אָנגעהויבן שאַפן נאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געווען אָנגעזאַפּט מיטן גייסט פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג. אין דער צייט, ווען די אידישע אינטעליגענץ, וועלכע האָט געקענט האָפן צו געפינען אין די פאָרן פון דעמאָקראַטישן רוסלאַנד אַ גענוג גרויסן אַרבעטס=פעלד פאַר אירע שעפערישע כוחות, האָט פאָרגעשטעלט דעם אַסימילאַטאָרישן פאַקטאָר אין דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז די אידישע מאַסע געווען פאַרקערט דער נאַציאָנאַליזירנדיקער כוח, וועלכער האָט די נאַציאָנאַלע נאַטור, וואָס די באַלעבאַטישע אַסימילירטע אינטעליגענטן האָבן זי פאַרטריבן דורך דער טיר, אַריינגעבראַכט צוריק דורכן פענצטער. *)

צום קלאָרן באַוואוסטזיין אָבער פון דער נאַציאָנאַלער זייט פון דער אַרבעטער=עקסיסטענץ איז דער אידישער פּראָלעטאַריאַט געקומען ערשט אין משך פון אַ לאַנגן היסטאָרישן פּראָצעס נאָך אַ שווערער און גרויסער אידייען=אַרבעט.

אין אָנהויב פון זיין אַרויסטרעטן ווי אַ רעוואָלוציאָנערער כוח אַף דעם נאַציאָנאַל=פּאָליטישן שלאַכט=פעלד, האָט דער אידישער אַרבעטער מיט זיין באַגייסטערטן בליק, וואָס אין אים האָט געשטראַלט די גרייטקייט זיך מקריב צו זיין פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט, געזען נאָר די צעטיילונג אַף אונטן און אויבן, די גרויסע האָריזאָנטאַלע שפּאַלטונג, וועלכע גייט דורך ווי אַ גוואַלטיקער ריס דורך אַלע נאַציעס און פעלקער און טיילן זיי אין צוויי פיינטלעכע מחנות פון פּראָלעטאַריער און בורזשואַזיע. דער קעגנזאַץ און די קעגנערשאַפט פון אָרים און רייך האָט אין אידישן געטאָ באַקומען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג און זיין אַבסטראַקטער אלוועלטלעך=קאָסמאָפּאָליטישער געשטאַלט. פילנדיק אַ ברענענדיקע פיינטשאַפט צום נאַציאָנאַלן אַנטאַגאָניזם, האָט דער אידישער פּראָלעטאַריאַט פאַרבייגעזען אויך די נאַציאָנאַלע אונטערשייד, און אינם שטרעבן צו אַ

*) זע די בונדישע בראָשור „אויטאָנאָמיע אָדער פעדעראַציאָן" און די געשיכטע פון דער באַציאונג פון בונד צו דער אַגיטאַציע=שפּראַך — רוסיש אָדער אידיש.

האַרמאָנישן געזעלשאַפטס־אידעאַל האָט ער זיך באַגייסטערט פאַר אַן איינפאַרביק צוקונפטס־בילד, וואָס האָט די נאַציאָנאַלע סיכסוכים ניט פאַרענטפערט, נאָר פאַרווישט, ניט אָפּגעשאַפט, נאָר איג־נאָרירט. פאַר דעם פּאַריאַ, דעם עבד עבדים צווישן אַלע פּראָלעטאַריער, פאַר דעם אידישן אַרבעטער פון רוסלאַנד, וואָס האָט געליטן אונטער דעם דרייפאַכן יאָך פון צאַרישן אַבסאָלוטיזם, קאַפּיטאַליזם און אַנטי־סעמיטיזם, איז דער קאָסמאָפּאָליטישער שלאַכט־רוף: ניטאָ קיין עלין, ניטאָ קיין איד, געווען די אידעאַלע בייַנקשאַפט, אַף אַרויסצוגיין פון זיין עמק הבכא און פּטור ווערן פון דער פאַרפלאָנטערטקייט פון זיין לעבן דורך אַן אַריבערגאַנג אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָסמאָפּאָלי־טישער געזעלשאַפט, וואָס האָט געהאַט אין זיך דעם חן פון שיינקייט און פשטות. אָט טאַקע, ווייל די ווייטיקן האָבן זיך סוביעקטיוו אַזוי שטאַרק געפילט, האָט די היילונג ניט געוואָלט וויסן פון אָביעקטיווע מניעות און תנאים; ווייל די ליידן זיינען געווען אַזוי קאָנקרעט־ממשותדיק, איז די גאולה געווען הימליש־אַבסטראַקט; ווייל דאָס געטאָ איז געווען אַזוי שמאָל, האָט דער אידעאַל געמוזט זיין אַזוי ברייט.

אָבער די ברייטקייט פונם סאָציאַלן קאָסמאָפּאָליטישן אידעאַל האָט זיך ניט געגומען דערפון, וואָס ער האָט צונויפגעקליבן, סינטעזירט און פאַרענטפערט אַלע ווייטיקדיקע סתירות פון טראַגישן לעבן: ניין, דער אידעאַל איז געווען אַזוי הומאַניסטיש ברייט, ווייל ער האָט זיך אויס־געטאָן פון די אומגליקלעכע היפוכים און ווידעראַנאַנדן פון דעם אידישן געטאָ. און טאַקע דעריבער האָט ער געשוועבט אונטער די ברייטע הימלען, וואו עס איז ניטאָ קיין שטעג און קיין וועג...

און דער קאָסמאָפּאָליטישער סאָציאַליזם האָט טאַקע דעם אי־דישן פּראָלעטאַריאַט קיין וועגן גישט פאָרגעצייכנט. מיט דער פשטות פון זיין קלאַסנבאַוואוסטזיין, אַ פשטות פון פּרימיטיווקייט, האָט דער אידישער אַרבעטער צו יענער צייט געשוועבט אין דער לופטן, וואָרים ער האָט געקוקט אַף זיך, ווי אַף אַ פּראָלעטאַריער סתם, אָן דעם חוש פון צוגעהעריקייט צו אַ נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם, ער האָט זיך ניט געפילט אפילו ווי אַ פּראָלעטארישע נאַציע, און דעריבער האָבן נאָר סאָציאַלע ראָמאַנטיקער, אָדער פאָלקספאַררעטערישע פּאָלי־

טיקער געקענט קלאָגן און יאָמערן, בעת דער סאָציאַליסטישער אידעאַל פון אידישן. געטאָ האָט פארלאָרן זיין „ברייטקייט“ און האָט אָנגעהויבן שיינען אין רעאליסטיש=נאַציאָנאַלע פארבן. דאָ הויבט זיך אָן די נאציאָ=נאלע תקופה פון דער אידישער אַרבעטער=באַוועגונג, די תקופה פון אידישן סאָציאַליזם. דער אידישער אַרבעטער איז פון די אבסטראקטע הימלען אַראָפּ אַף דער ערד און זיך ווארפנדיג אין פּאָליטיש=רעוואָלוציאָנערן קלאסנקאמף, אין א מלחמה מיט דער רוסיש=צארישער הערשונג און מיטן קאַפּיטאליזם, האָט ער אויך דערפילט זיין נאַציאָנאלן איך און די גרויסע טראַגעדיע פון דער אידישער גלות=נויט, ער האָט „אָנגעהויבן“ אונטערצושטריכלען אינם רעוואָלוציאָנערן קאמף ספּעציעלע אידיש=נאציאָנאַלע אויפגאבן און שאפן צוליב זייער אויספירונג נאציאָנאלע פּראָלעטארישע אָרגאניזאציעס, וואָס זיינען געווען אָנגעזאפּט מיטן גייסט פון נאציאָנאלער און סאָציאַלער באפרייאונג“.

## .4

## קעגן פארמאסקירטער אסימילאציע און פארן סאציאליסטישן טעריטאריאליזם.

ניט גאָר גיך האָבן אופגעהערט עקסיסטירן די אַסימילאַטאָרישע שטימונגען, און ניט מיטאַמאָל האָבן זיי פארלאָזט זייערע קאמפס=פּאָזי=ציעס. דערפילנדיק דעם שטארקן דעמאָקראטישן אָטעם, און די נייע נאציאָנאלע אידייעס, האָבן די אַסימילאטאָרן געביטן זייער טאַקטיק, כדי ניט צו פארלירן די שטיצע פון די פאָלקסמאַסן. די אַסי=מילאַציאָנס=אידייעס, וועלכע זיינען אַראָפּגעשטויסן געוואָרן פונם אויבער=פלאַך, פונם אויבן=אָן אין אָפענעם און קאָנטיקן פּאָליטישן גאַסן=לעבן דורך דער פונאנדערגעוואַקסענער נאציאָנאַלער באוועגונג (דער עיקר דורך דער פארשפּרייטונג פון ציוניסטיש=טעריטאָריאליסטישע אידעאלן), האָבן אָנגעהויבן פירן אַן אונטערערדישע עקסיסטענץ זיך באווייזנדיק אין אידישן געטאָ נאָר אין דער מאסקע פון נאציאָנאלע ווערטער, וואָס נאָך זיי זיינען קיינמאָל ניט געקומען און האָבן ניט

גערארפט קומען קיין נ א צ י אָ נ א ל ע מ׳עֲשׂ י ם. עס האָט זיך באוויזן די פארמאסקירטע אַסימילאציע, אָדער אַ מין „אסימילאטאָרישער נאציאָנאליזם“.

די אַסימילאטאָרישע סאָציאַליסטן, אינאיינעם מיט די אידישע ליבעראלן און דעמאָקראַטן, וועלכע גרופּירן זיך ארום דעם רוסיש־אידישן פּעטערבורגער זשורנאל „וואָסכאָד“, האָבן פארפּלייצט די פּובליציסטישע ליטעראַטור מיט „נאַציאָנאלע“ אַרטיקלען, וואָס פלעגן צו קיין זאך ניט מחייב זיין, וואו מען פלעגט אופוויזן, אז אידן מ ע ג ן זיך רופן נאציע, אז זיי האָבן אַ מאָראַלישע רעכט אַף קולטורעלער זעלבסטבאשטימונג, און דוקא נאָר אַף רוחניותדיק־קולטורעלער עמאנסיפּאציע, אַז מען דארף הויך האלטן דעם נאָמען „איד“ און זיך מיען אים כבוד צו פארשאפן אין די אויגן פון די הערשנדיקע פעלקער [1]

פארשטייט זיך, אז אָן דעם גלויבן אין אַ זעלבשטענדיקער נאציאָנאלער צ ו ק ו נ פ ט פון אידישן פאָלק האָט דער אסימילאַטאָרישער נאציאָנאליזם געמוזט ליידן פון אַ האלבקייט, ניט געקאָנט זיין אויסגעהאלטן און אופריכטיק, ניט געקאָנט פארבלייבן, בפרט אין פּראקטישן לעבנס־קאַמף, אַפן פּראָקלאמירטן שטאַנדפּונקט פון נאציאָנאלער ווערדע און ערע . . . [2] די אַפּאָלאָגעטיקע און דער אוטיליטאריזם, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, דאָס פלייסן זיך צו רעקלאַמירן די מעלות און אופּטועכן פון אידישן פאָלק און אופצואווייזן די נוצלעכקייט פון זיין דערוויילעקער, צייטלעכער נאציאָנאלער עקסיסטענץ — אָט די צוויי עיקר־מאָטיוון פון דער אסימילאַטאָרישער תורה האָבן ניט אופגעהערט צו קלינגען אין די נאציאָנאלע דרשות פון די פארמאסקירטע אסימילאטאָרן, וואָס האָבן קיינמאָל ניט פארלאָרן די אינעווייניקסטע שטילע מהיפות־שטימונג און מיינונג, אז דאָס אידישע פאָלק קאָן און טאָר ניט קוקן אַף זיך ווי אַף

[1] זע דעם לייט־אַרטיקל אין ערשטן נומער „דער בונד“ און די נאציאָנאַלע אַרטיקלען אין „וועסטניק בונדא“.

[2] ווי ווייניק נאַציאָנאַלע ווערדע און ערן־געפיל צייגט למשל די פירונג פון די בונדיסטישע דעלעגאטן אַפן צווייטן צוזאמענפאָר פון דער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי, און ווי ווייניק אידישע שטאָלץ פילט זיך אין איר.

א ז ע ל ב ס ט ש ט ע ק און זיך פילן ווי א גלייכער צווישן גלייכע פעלקער און נאציעס.

אָט די דערמאָנטע האַלבקייט און אומאופריכטיקייט האָט זיך אויס־געדריקט דערינען, וואָס מען האָט אָנגעהויבן אויסברייטערן אוטיליטאַריס־טישע און אַפּאָלאָגעטישע פראַזעס אין פאָרם פון פארשטעלטע נעגאַטיווע הנחות. א „נאַציאָנאַלער" אַרטיקל אין „וואָסכאָד" פלעגט זיך, למשל, אָנהויבן מיט דער ראיה, אז אידישע וואוכערניקעס נעמען גאָרניט אַזויפיל פּראָצענט, וויפיל די אַנטיסעמיטן שרייען, אַז דאָס אָפּשאַפן פון תחום המושב („טשערטאַ אָסעדלאָסטי") וואָלט מאַכן אַ סוף צו דער פאַראָרע־מונג פון צענטראַל־רוסלאַנד און וואָלט אינגאַנצן צוגעבונדן די „סעפּאַראַ־טיסטישע גרענעץ־פּראָווינצן" (די איצטיקע פּוילן, ליטע, לעטלאַנד, פינ־לאַנד) צו דער רוסישער מלוכה; אַז פרייע בילדונג פאַר אידן וואָלט ברייננגען גרויס נוצן דער ר ו ס י ש ע ר קונסט און וויסנשאַפט און נאָך אַזעלכע שפּיצלעך ... אויסלאָזן פלעגט זיך אָבער דער מאמר מיט דער פראַזע (אַן אָפּצאָל דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק), אַז פאַרשטייט זיך, נ י ט צוליב די נוצן, וואָס אידן ברייננגען, פאָדערן זיי בירגערלעכע גלייכ־באַרעכטיקונג, וואָרים דאָס קומט זיי על פּי יושר אויך אָן דעם, ווי מענטשן, וואָס ווילן פּשוט לעבן ...

אין דעם אייגענעם נעגאַטיוון נוסח, וועלכער גיט די מעגלעכקייט צו פאַרקליידן אוטיליטאַריסטישע געדאַנקען, זיינען געווען אָנגעשריבן די פּעטיציעס, וואָס אידישע קהילות פון רוסלאַנד האָבן געשיקט אין מיניסטעריום־ראַט אין דער אַזוי גערופענער „צוטרוי־תקופה", ווען אין צאַ־רישן רוסלאַנד האָבן אָנגעהויבן בלאָזן מער ליבעראַלע ווינטן.

אַף דעם אוטיליטאַריזם פון די אַסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטן האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל. וואָס איז שייך צו אַפּאָ־לאָגעטיק, אָדער פּשוטער גערעדט, נאַציאָנאַלער רעקלאַמע, איז זי אַריינ־געגאַנגען ווי אַן אָנערקענטער פּרינציפּ אין דער בונדישער טאַקטיקע און איז געוואָרן איינע פון די עיקר־ראיות פאַר דער נויטיקייט פון אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע פאַר דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט. (זע דעם לייט־אַרטיקל אין נומ. 1 פון „דעם בונד"). באַ א רעוואָלו־ציאָנערער פּאַרטיי איז אַזאַ שקלאַפישער געדאַנקען־גאַנג נאָך צו דער־

קלערן דערמיט, וואָס מען איז טיף איבערצייגט אין דער נאַציאָנאַלער מינדערווערטיקייט און אין דעם לעצטגילטיקן נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג פון אידישן פאָלק *).

אָט פון די דאָזיקע סתירותדיקע געפילן, וואָס שליסן אויס איינער דעם אנדערן, אָט פון דעם באַשריבענעם שרעקלעכן תהו ובהו אין דער געדאנקען=וועלט, איז ארויסגעוואקסן די בונדישע נאציאָנאַלקולטורעלע אווטאָנאָמיע — דאָס כשרע קינד פון דער אסימילאַטאָרישער רעליגיעזער קהלה, די בונדישע נאציאָנאלע פראָגראַם, וואָס דערקלערט איר נייטראַליטעט לגבי דער אידישער אַסימילאַציע.

וואָלט דאָס אידישע פאָלקסלעבן ניט געווען אזוי צעבראכן, וואָלט די אידישע מאטעריעלע און גייסטיקע קולטור זיך געקאָנט אנטוויקלען אין אלע ריכטונגען און ווערן א פראָגרעסיוו=וואקסנדיקער אייגנטום פון די ברייטע אידישע פאָלקסמאסן, דענסטמאָל וואָלט אויך די נאציאנאלע אווטאָנאָמיע אין די גלות=לענדער באַקומען די העכסטע נאציאָנאַלע חשיבות, דענסטמאָל וואָלט זי געווען לחלוטין צוגעגליכן צו דער שטארקסטער און פולסטער פאַרטיידיקונג פון די אידישע פאָלקס=אינטערעסן. אָבער באַ די איצטיקע פאַרהעלטענישן, וואָס אין זיי לעבט דאָס אידישע פאָלק, בלייבט די נאַציאָנאַלע אווטאָנאָמיע באמת אין אַ פולע פרטים א נייטראַלע דערשיינונג פאר ווייטיקדיק=ממשותדיקע פאָלקס=אינטערעסן. פאַר א פאָלק, וואָס איז ניט קאָנצענטרירט אַף א באַשטימטער טעריטאָריע און בילדעט ניט קיין מערהייט ניט אין קיין איינציקער פראָווינץ פון דער וועלט, פאר א פאָלק, וואָס קען זיך ניט אסימילירן אין דער סתירותדיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט

*) זע וועסטניק בונדא“, וואו עס ווערן אין דער פּאָלעמיק מיט דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער „איסקרא“ ציטירט קויטסקיס קאָמפּלימענטן דעם אידישן פּראָלעטאריאט, און וואו ער גלייכט דעם אידישן ארבעטער צו אַ „הון, וואָס לייגט גאָלדענע אייער“, און וואָס איז דעריבער אַ שאָד זי צו שעכטן. מיט דעם אייגענעם אַסימילאטאָרישן אוטיליטאַריזם שמעקט עס, ווען דער „בונד“ ווייזט שטענדיק אין דער פּאָלעמיק מיט „איסקרא“ אַפּן קאַמף מיטן ציוניזם, ווי אף איינער פון די הויפּט=ראיות פאר דער נויטיקייט פון אַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פאַר דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט.

און איז פארמשפּט אף א באַזונדערער אָפּגעטײלטער עקסיסטענץ אין די הינטערגעסלעך פון פּאָליטיש, עקאָנאָמישן און סאָציאַל־קולטורעלן לעבן — מיט איין וואָרט, פאַר א פאָלק, וואָס לײדט פון גלות, און איז צעזײט און צעשפּרײט איבערן ערד־קױל, איז די נאַציאָנאַלע באפרײאונג פארקניפּט מיט א נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע, מיט א נאַציאָנאַלן צונױפקלײבן די צעזײטע און צעשפּרײטע.

פאָדערן פאר אזא נאַציע נאָר גײסטיקע קולטורעלע אַוטאָנאָמיע, באַטײט באַ דער געגעבענער לאַגע איגנאָרירן די אמתע דעמאָקראַטישע פאָלקס־אינטערעסן און פאָדערן א פאָרם פאַר א פעלנדיקן אינהאלט.

וואָס מער מיר װעלן זיך פאַרטיפן אינם אנאליז פון דער נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע אין איר בונדישן נוסח, װעט זיך איר אַסימילאַטאָרישער כאראקטער אלץ שאַרפער און שאַרפער ארויסווייזן. לויט דער טעאָריע פון די בונדישע אווטאָנאָמיסטן, טײלט זיך דאָס אידישע פאָלק אין א גאנצער רײ שבטים־נאַציעס, װעלכע האָבן ניט צווישן זיך די קלענסטע שייכות און פאָרמירן זיך לויט די טעריטאָריאלע גרענעצן פון די עקסיסטירנדיקע מלוכות. אף אזא אופן חזרט זיך איבער די דערשײנונג, וואָס מיר האָבן זי שוין אָנגעמערקט באַ דער אופקום־געשיכטע פון דער מערב־אײראָפּײאישער רעליגיעזער קהילה (קולטוס־געמײנדע): עס פאָרמירט זיך א נײער מין אידן: רוסן פון נייטראלער נאַציאָנאַליטעט, א געטרײע קאָפּיע פון די דײטשן, פראַנצויזן, ענגלענדער פון משה רבינוס גלויבן.

איצט ווערט אונז פאַרשטענדלעך די איבערראַשנדיקע דערשײנונג, וואָס סאָציאַליסטן און היסטאָרישע מאַטעריאַליסטן האָבן אזוי ספּיריטואַליזירט די אידישע נאַציאָנאַלע פראַגע, און האָבן מיט קײן איין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן דער שלים־שלימזלדיקער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון אידישן פאָלק בכלל און וועגן די מאַטעריעל־סאָציאַלע אינטערעסן פון אידישן ארבעטער, וועלכער איז דאָך אזוי אײנגעצאַמט אין זײנע ארבעטס־מעגלעכקײטן און איז אזוי באַגרענעצט פאַקטיש אין זײן „רעכט אף ארבעט".

פאַר יעדן היסטאָריש־מאַטעריאַליסטיש־דענקנדיקן מענטשן האָט דאָך אין פּלוג באַדאַרפט זיין קלאָר, אַז דאָס נאַציאָנאַלע לעבן איז ניט פאַרבונדן מיט אַ באַשטימטן ווינקעלע פון דער ווירקלעכקייט, ניט נאָר מיט דער ספּעציפישער נאַציאָנאַלער גייסטיקייט, אַז דער נאַציאָנאַלער מאָמענט איז באמת גאָר די ספּעציעלע פאָרמע פאַר אַ ל ע זייטן פון דעם פאָלקס־לעבן, און דעריבער אויך פאַר דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער; ער האָט באַדאַרפט וויסן, אַז די ניט־נאָרמאַלע לאַגע פון אידישן פאָלק, וועלכע האָט געפירט צו דער אויסבילדונג פון דער אידישער גלות־עקאָנאָמיקע מיט אירע ק ל יי נ ע שטעטלעך, ק ל יי נ ע קראָמען, ק ל יי נ ע וואַרשטאַטן און ק ל יי נ ע שטרייקן, מוז זיך שווער אָפּרופן אויף די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אינטערעסן פונם אידישן אַרבעטער און מוז אים פאַרמשפּטן אויף אַ היסטאָריש ניט־דערפאָלגרייכן קאַמף פאַר אַ העכערן ווירטשאַפטלעכן און סאָציאַלן לעבן, פאַרן סאָציאַליזם. ער האָט דאָס אַלץ באַדאַרפט וויסן, ווען זיין מח וואָלט געווען באַפרייט פון דער אַסי־מילאַטאָרישער ירושה פון זיינע בורזשואַזע אבות.

אַ מאַטעריאַליסטישער אַנאַליז פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פראַגע האָט געמוזט אויפדעקן די גלייכע שטריכן אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די אידישע פּראָלעטאַריער אין אַלע לענדער און האָט דערי־בער געמוזט לאָגיש דערפירן צום אָנערקענען בשותפותדיקע נאַציאָנאַלע, סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן.

אָבער די אַסימילאַטאָרישע פאַרבלענדעניש האָט אָפּגעשוואַכט דעם קריטישן מוט פון אונזערע אָפיציעלע היסטאָרישע מאַטעריאַליסטן, און זיי האָבן פאַרביגעזען דעם מ אַ ט ע ר י ע ל ן אינהאַלט אין דער נאַציאָנאַ־נאַלער פראַגע פון אַ פאָלק, וואָס זיין נאַציאָנאַלע געשיכטע פאַלט כמעט צונויף ביז צום 19־טן יאָרהונדערט מיט דער אייגנאַרטיקער געשיכטע פון אַן עקאָנאָמיש־פאַרמיטלערישן קלאַס; פון אַ פאָלק, וואָס האָט אין משך פון צוויי טויזנט יאָר, וואַנדערנדיק פון איין לאַנד אינם אַנדערן, מקיים געווען ווי אַ מאַסע די פונקציעס פון אַ סאָציאַל־עקאָנאָ־מיש־קליינבירגערלעכן עלעמענט, און וועמען עס האָט זיך נאָך ביז איצ־טער ניט איינגעגעבן צו באַזעצן זיך מיט אַ קאָנצענטרירטער מערהייט אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע, כדי אויפצובויען אויף אַ פעסטן פּראָדוק־ציע־יסוד אַ נאָרמאַלע געזעלשאַפט און געבן דערמיט די מעגלעכקייט

פאַר א קוואַליטאַטיוו און קוואַנטיטאטיוו-שטאַרקער אַנטוויקלונג פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט.

גרויסע כוואַליעס פון גלות-ים האָבן געמוזט אַריבער איבער די קעפּ פון די אידישע מאַסן. עס האָט זיך געמוזט נאָכאַמאָל עפענען פאַר זיינע אויגן דער תהום פון מיטלעלטער מיט זיינע מוראדיקע רדיפות, כדי עס זאָל אַנטפּלעקט ווערן דער אידישער ארבעטער אין זיין ספּע-ציעל-געזעלשאַפטלעכן מצב, כדי דאָס פּשוטע באוואוסטזיין פון אי-דישן ארבעטער זאָל זיך איבעראַנדערשן אין אַ שטאָלצן זעלבסט-באוואוסטזיין, וואָס פאָדערט נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פרייהייט און גלייכהייט פאר דעם פאריא צווישן אַלע פּראָלעטאַריער.

„דער אידישער פּראָלעטאריער".
נאָוועמבער, 1905.

# אידיש, אידישע אַרבעטער און אידישע וויסנשאַפט.

רעדע אַף דער קאָנפערענץ פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע (איוו"א) אָקטאָבער 1929.

חשובע פריינד! פאַראַן אַ היסטאָרישע דאַטע מעניני דיומא, און ס'איז כדאי זי איצטער צו דערמאָנען. מיט פערציק יאָר צוריק זיינען זיך צונויפגעקומען אין אָדעס „פריינד פון אידישן לשון", כדי מקבל־פנים צו זיין דעם דורכפאָרנדיקן „אידישן פאָלקס־שרייבער", מרדכי ספעקטאָר. *) מען האָט צוגעגרייט אַ קערמעשל און געהאַלטן רעדעס מעניני דיומא. גערעדט האָט מען וועגן אידיש און וועגן דער חשיבות פון אונזער מאַמע־לשון פאַר אונזער פאָלק. ביי די „פריינד פון אידישן לשון" זיינען געווען פאַרשיידענע מיינונגען, און יעדער פון זיי איז זיך צוגעגאַנגען צו אידיש פון זיין אייגענעם באַזונדערן ווינקעלע. איינער האָט געזאָגט, אַז הגם אידיש איז אַ זאַמד־שפּראַך, וואָס אַ ליאַדע ווינט קאָן זי צעזייען און מען קאָן ניט וויסן, וואָס עס וועט מאָרגן ווערן פון איר, פונדעסטוועגן טאָר מען ניט פאַרגעסן, אַז היינטצוטאָג איז די שפּראַך לעבעדיק, דאָס פאָלק רעדט אַף איר, אידישע שרייבער באַנוצן זיך מיט איר, אין אונזער מאַמע־לשון באַווייזן זיך קונסט־ווערק, און דעריבער וועט ער זאָגן צו אַלע שונאים פון אידיש מיטן לשון פון אַרכימעדעס: noli turbare circulos meos „טשעפּעט ניט מיינע קרייזן פון זאַמד!"

אַ צווייטער רעדנער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף אידיש הויך

---

*) זע זאַמלבוך „דער קליינער וועקער" אַרויסגעגעבן אין אָדעס אין יאָר 1890.

שאַצן דערפֿאַר, וואָס עס איז נוצלעך פֿאַרן פֿאָלק און אידישע פֿאָלקס-שרייבער גיבן אין דער-שפּראַך אַרויס נוצלעכע ביכער.

געוויען א דריטער רעדנער, און יענער איז אַרויס 19 יאָר פֿאַר דער טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ מיט אַן אמתער אידישיסטישער דערקלאַ-ראַציע. „ניט אומזיסט האָט פֿון אַלע גלות-שפּראַכן אונזער מאַמע-לשון זוכה געווען צום נאָמען „אידיש“: ס'איז אַ סימן פֿון אונזער נאַציאָנאַלן לעבן און ווי לאַנג אידן וועלן זיין, וועט אויך אידיש פֿאַרבלייבן“.

פֿערציק יאָר זיינען אַוועק נאָך יענעם קערמעשל, וואָס אָדעסער פֿריינט פֿון דעם אידישן לשון האָבן געמאַכט לכבוד דעם פֿאָלקס-שרייבער מרדכי ספּעקטאָר, און מיר קאָנען איצטער עדות-זאָגן, אַז די נביאות פֿון די שוואַרצזעער, פֿון די מרה-שחורהדיקע פּעסימיסטן מיט זייער זאַמד-טעאָריע איז בטל געוואָרן, און מקוים געוואָרן איז דער אויסדרוק פֿון יענעם רעדנער, וואָס האָט געגלויבט אין אידיש און אין איר נאַציאָנאַ-לער חשיבות פֿאַר אונזער פֿאָלק. זינט יענער צייט האָט אידיש, וואָס ווייטער אַלץ מער, זיך אָנגעהויבן באַהעפֿטן מיט אַזעלכע כוחות אין אי-דישן לעבן, וואָס באַוואָרענען פֿאַר איר ניט נאָר חיי שעה, נאָר אויך חיי עולם.

אידיש האָט זיך באַהעפֿט מיטן קאַמף פֿון די אידישע אַרבעטער-מאַסן פֿאַר זייער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפֿרייאונג, מיטן קאַמף פֿון אידישן אַרבעטער פֿאַר דער באַפֿרייאונג פֿון דער מענטשהייט. אידיש האָט זיך דאָ באהעפֿט מיטן גאולה-שטרעב פֿון דער מענטשהייט, און דאָס האָט אין אונזער מאַמע-לשון אַריינגעבלאָזן אַ ניצוץ פֿון חיי עולם.

אידיש האָט זיך באַהעפֿט מיטן שטרעבן צו שיינקייט, וואָס אַנט-פּלעקט זיך אין דער שיינער אידישער ליטעראַטור, און די טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ, וואו אַ יצחק-לייבוש פּרץ איז בייגעווען, האָט עדות-געזאָגט וועגן דעם זיווג פֿון אידיש מיטן אמת פֿון שיינקייט — אויך אַ ניצוץ פֿון חיי עולם.

די איצטיקע ווילנער קאָנפֿערענץ פּראָקלאַמירט דעם באַהעפֿט פֿון אידיש צו וויסנשאַפֿט, דעם זיווג מיטן פֿאוסט-גייסט, פֿון מוטיקער פֿרייער פֿאָרשונג, וואָס לעבט אין דער מענטשהייט, ווי לאַנג זי איז מענטשהייט. אַ דריטער ניצוץ פֿון חיי עולם.

און אַלע דריי מדרגות: אידישער אַרבעטער, אידישע שיינקייט,

אידישע ווייסנשאפט זיינען באַהעפט איינע מיט דער צווייטער. אָן דעם אידישן אַרבעטער קאָן קיין אמת ניט זיין אין אונזער ווייסנשאַפט. די אַסימילאַטאָרישע אידישע בורזשואזיע מוז אַ פולע זייטן פון איר לעבן פאַרבאַהאַלטן פאַר דער וועלט, און ניט אומזיסט האָט די סקאַרבאָווע אידישע געשיכט־שרייבונג צוגעדעקט מיט זיבן שלייערן די ווירטשאַפט־לעכע געשיכטע פון אונזער פאָלק. דער אידישער אַרבעטער האָט קיין מורא ניט, אַז אנטיסעמיטן וועלן אונז אויסרייִדן ראָטשילדס אוצרות: ער פאַרמאָגט זיי ניט, ער קאָן זיך פאַרגינען צו זאָגן דעם אמת.

און מיר זיינען אַלע אויך לעבעדיקע עדות פון די נצחונות, וואָס דאָס אידישע שיינקייט מאכט אין דער וועלט. נאָך גאָר ניט לאַנג איז אונזער ליטעראַטור געווען אַ געטאָ־ליטעראַטור, און נאָר אין אונ־זערע ד' אמות האָט מען פון איר געוואוסט. זיינען געקומען העלדן, פאָלקס־העלדן, און האָבן פאַר אונזער ליטעראַטור דורכגעבראָכן די ווענט פון געטאָ.

שלום אש האָט געעפנט פאַר זיינע „משיחס צייטן" אַ וועג צום רוסישן טעאַטער, און מיט זיין „גאָט פון נקמה" אין רייִנהאַרדטס דייטשן טעאַטער האָט ער געעפנט פאַר דער אידישער דראמע אַ פענסטער אין מערב־אייראָפּע.

פאַראיאָרן בין איך געווען אין פּאַריז און האָב געזען ווי די גייס־טיקע אַריסטאָקראַטיע, דאָס אויבערשטע פון שטויסל אין דער פּאַריזער אינטעליגענץ, איז געגאַנגען אָוונט אין אָוונט אין אַ פראַנצויזישן טעאַטער זען די אויפפירונג פון אַנסקים „דיבוק".

אָט אַזוי זעט אויס דער גורל פון דער „זאַמד־שפּראַך" אין אונ־זערע צייטן. אונזער מאַמע־לשון האָט זיך באַהעפט מיט די הייליקע פונקען פון אונזער נשמה — מיט אונזערע שעפערישע כוחות אין „מאַ־טעריע און גייסט." מיטן קעמפּענדיקן אַרבעטער, מיט דער פרייער וויסנ־שאַפט, מיט אידישע איידעלע שיינקייט. זאָל דער דאָזיקער גייסט פון אַרבעט, אמת־און שיינקייט לעבן אין אונזער ווייסנשאַפטלעכן אינ־סטיטוט און אים באַוואָרענען חיי עולם.

# גשמיות און רוחניות

אָדער

# מאטעריע און גייסט.

צו יענע, וואס זיינען מבייש דעם גוף.
נ י ט ש ע.

מאַסן־באַוועגונגען ווערן ארויסגערופן נאָר דורך מאַסן־באַדערפעניש, און די מאַטעריעלע נויט, די גשמיות, באַשאפט דעם אונטערשלאק פון די חשובסטע היסטאָרישע פּאסירונגען. די בטלנים, וואָס האָבן זיך איינגעצאַמט אין די ד' אמות פון רוחניות, האַלטן דאָס פאר דעם גרעסטן חסרון פון די מאַסן. עס פילן ניט די בעלי־הרוח, אַז מיט זייער גייסט היטן זיי אָפּ גאָר שמאָלינקע עגאָאיסטישע אינטערעסן, אַז מיט דעם יחוס פון זייער רוחניות פאַרדעקן זיי די אָרימקייט פון זייערע קרייזלעך־צילן, וואָס קאָנען זיך ניט דערהויבן ביז צו דער מדרגה פון פאָלקס־און מענטשהייטס־אינטערעסן, ביז צו דער הויך פון פאָלקס־און מענטשהייטס־אידעאַלן. עס פילן ניט די בעלי־הרוח אינם הייננטיקן שטרעבן פונם גוף די נשמה פון דער צוקונפט.

מאַסן־באַוועגונגען באשאפן אָבער דעם אינהאַלט פון דער מענטש־לעכער היסטאָריע, און דעריבער פאָדערט די געשיכטע פון אונז דרך ארץ פאַר גשמיות. אחד העם האָט זיך אויסגערעכנט, אַז ער קאָן זיך אָפּשיידן פונם ציבור מיט זיינע ליידן און פריידן, מיט זיין האָפענונג און יאוש, — און זיך פארקלייבן אין די ד' אמות של יהדות — און דער חילול פונם גוף האָט זיך אין אים נוקם געווען: די פארשוועכטע מאטע־ריע האָט אַף זיין אידעאַליזם געוואָרפן אַ חשד און געשטראָפט זיין גייסט מיט שמאָלקייט . . .

ווארים קליין און שמאָל איז דאָס ציל, וואָס אחד העם האָט אַוועקגעשטעלט פארן אידישן פאָלק. אין היפוך צו אונזערע אמתע נביאים, וואָס האָבן מיט זייער גייסט און מיט זייער התלהבות אַרומגענומען אויך דעם ליידנדיקן גוף פון פאָלק, האָט אחד העם זיך באַגנוגנט מיט אַ ווינקעלע פון נאַציאָנאַלן לעבן. ניט ווירטשאַפטלעכע פרייהייט, ניט פּאָליטישע פרייהייט, ניט סאָציאַלע פרייהייט, ניין, נאָר פרייע אידישקייט! און צוליב דעם דאָזיקן שמאָלינקן אָבער אָריגינעלן שאַפן הייסט ער אונז שטרעבן צו אונזער אָריגינעלער סביבה: צו דער אייגנאַרטיקער העברייאישער שפּראַך אינם אייגנאַרטיקן לאַנד פון די עיברים. נאָר אַ גאון שטרעבט גאָר ניט צו אַ באַזונדער שאַפן, צו אָריגינאַליטעט, און מעג זי אפילו הייסן אידישקייט: אַ גאון שטרעבט צום שאַפן בכלל; זיין גאַנצע התלהבות, זיין גאַנצע כוונה איז געווענדעט ניט צו זיך, נאָר צום אָביעקט, צו דער זאך, און ווייל ער איז אַ גאון, שאַפט ער אָריגינעל. שטרעבן צו אָריגינאַליטעט, אָדער וועלן זי באַוואָרענען, איז אַן אופגאַבע פאַר מענטשן מיט קליינע השגות. אַ פאָלק איז אָבער אַ גאון. מיט דער אייגענער פרייהייט באַוואָרנט דאָס פאָלק די פרייהייט פון זיין שעפּער־כוח און, כלאחר־יד, זיין אָריגינאַליטעט. אחד העם האָט אַרויסגעשטעלט פארן אידישן פאָלק דעם ציל פון אַ קליין מענטשעלע...

אַריבערנעמענדיק אחד העמס שמאָלינקע אָבער ערנסטע רוחניות, האָבן די אַלגעמיינע פּאָליטישע ציוניסטן, מיט דער עקשנות פון יורשים, געוואָלט בשעתם פאַראייניקן די עבודה צו צוויי געטער און שאַפן אַ זיווג צווישן זייער „גייסט" און דער „מאַטעריע" פון אידישן פאָלק. זיי האָבן געוואָלט צונויפקלייבן די צעזייטע און צעשפּרייטע, געערדט וועגן צוברעכן די קייטן פון גלות, וועגן צרות פון אידן און אין דער אייגענער צייט וועגן באַוואָרענען דאָס אידישקייט. אָבער דער מוראדיק־גראַנדיעזער כאַראַקטער פון דער אידישער גשמיות־פּראָבלעם איז תמיד געווען אַ סכנה פאַר זייער קליינטשינקן רוח; אין זייער לייכטזיניקייט האָבן זיי ניט געפילט, אַז צוליב דער דאָזיקער מסוכנער שכנות קאָן זייער „אידעאַליזם" מגולגל ווערן אין אַ טראַגי־קאָמעדיע... אחד־העם האָט זיי מתרה געווען... צורו, לאָזט אָן אַ זייט די אידישע צרות... פאַר זיך זעלבסטשטענדיק, קאָן אויך חיבת־ציון

ווערן אן אידעאַל. די ליבע צו ציון איז אַ שעפערישער קולטור=אידעאַל אויך אָן דער ליבע צו די פאָלקסמאסן. דאָס איז געווען דער מיין פון זיין אָפּאָזיציע... זיי האָבן ניט געפאָלגט און האָבן זיך געמאַטערט צוזשפּילעדיוען צו זייער קליינינטשקן חובב=ציונישן קלייזל=גייסט די מורא=דיקע אויפגאַבע פון קיבוץ=גליות, פון דער אידישער רעוואָליוציע... נאָר די אויפגאַבע איז געווען צו גרויס, זיי האָבן זיך געמוזט פון איר אָפּזאָגן און — אפּן אוגאַנדאַ=קאָנגרעס האָבן זיי זיך צעוויינט... ארויסגעפירט אין דער ברייטער וועלט האָט זיך זייער חיבת=ציון=אידעאַליזם אַרויס=געוויזן פאַר אן עקשנות פון אַ זאַטן באַלעבאָס. און דער אלגעמיינער בירגערלעכער ציוניזם האָט באַנקראָטירט צוליב דער שמאָלקייט פונם אחד=העמיזם...

אויך דער גלות=נאַציאָנאַליזם אין אַלע זיינע נוסחאות— נאַציאָנאַלער היסטאָריזם, בונדיזם און סיימיזם — האָט ניט דערזען און ניט דערפילט די נאַציאָנאַלע טראַגיק פון דער אידישער גשמיות. די דאָזיקע שטרעמונגען האָבן אלע זייער מקור אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער צופרידנקייט מיטן גלות, מיט דער פארשקלאַפּטער אידישער „גשמיות“. און דאָס האָט געפּענטעט און אָרימער געמאַכט זייער נאַציאָ=נאַלן רעיון. וואָרים דער גייסט פון דער אידישער רעוואָליוציע, וואָס איז ניט סובל די אידישע גלות=עקאָנאָמיק, קאָן אין די דאָזיקע שטרעמונגען זיין אומרו ניט איינשטילן.

מיטן נאַציאָנאַלן היסטאָריזם, וואָס איז אויפגעקומען, דער עיקר, אין מזרח=אייראָפּע, האָבן מיר געזינדיקט קעגן דער היסטאָ=ריע... מיר האָבן דאָ אַ נאַציאָנאַלן געפיל פאַרעכנט פאַר אַ נאַ=ציאָנאַלן גייסט און פאַר אַ נאַציאָנאַלן ווילן, און האָבן דערמיט אָנגעוואָרן די יושרדיקע פּערספּעקטיוו... אַף אונזערע מערב=אייראָפּעאישע ברידער, אַף די גדולים פון דער אידישער וויסנשאַפט, די צונץ, די גרעץ, די גייגער און לאַצארוס און אַלע די רבנים פון דער אידישער שליחות=טעאָריע, פון דער אידישער מיסיע, קוקן מיר ווי אַף אַסימילאַטאָרן, ווי אַף קעגנער פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אידייע, אָבער מיט אונזער מזרח=אייראָפּעאישן נאַציאָנאַלן היסטאָריזם מאַכן מיר אַן אויסנאַם, ווייל ער פאָדערט פון אונז „נאַציאָנאַל=היסטאָרישן זעלבסטבאַוואוסטזיין“. צי איז דאָס אָבער ברייטער און טיפער פון די אידעאַלן פון אונזערע גרויסע

אַסימילאַטאָרן, וואָס האָבן באַשאַפן די אידישע וויסנשאַפט און די אי־דישע געשיכט־שרייבונג? זייער איינציקער חטא איז געווען, וואָס זיי האָבן אחוץ דעם „היסטאָרישן זעלבסטבאַוואוסטזיין“ נאָך פאַרשפּרייט דעם רעיון פון דער אידישער שליחות, פון דער אידישער מיסיע צווישן די פעלקער פון דער וועלט. צי מאַכט אפשר דאָס פעלן פון דער דאָזיקער אידייע אונזער מזרח־אייראָפּייאישן היסטאָריזם פאַר נאַציאָנאַליזם? אָ, גרויסע אַסימיליאַציע, אָ, קליינער נאַציאָנאַליזם!

א שמחה בחלקו, אסקעטיש צופרידן מיט ווייניק איז דער בונ־דישער גייסט: אלף־בית־אידישקייט און אלף־בית־שולן — דאָס איז קולטור, אלף־בית־קאַמף און אלף־בית־באַלעבאַטישקייטן — דאָס איז סאָ־ציאַליזם... פּילנדיק טיף, טיף אונטער דער שוועל פון באַוואוסטזיין, אַז דער גייסט וועט זיך אַף לאַנג ניט לאָזן איינצאַמען, האָט דער „בונד“ צוגעקלערט פאַר זיך אַ באַזונדערע אופגאַבע, אַ באַ־זונדער שליחות: ער מוז קעמפן קעגן דער אידישער בורזשו־אַזיע, דער ערגסטער פון דער וועלט, און דאָס „באַרעכטיקט“ זיין נאַ־ציאָנאַלן סעפּאַראַטן אָרגאַניזאַציע־פּאַטריאָטיזם. די אידישע בורזשואַזיע איז די ערגסטע, דער סימן און די פּאָן פון דער געלט־ממשלה, פונם אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, וואָס האָט טויזנט פּאָטערלענ־דער און קיין איין־איינציקעם ניט... נאָר דער אידישער אַרבע־טער האָט זי דאָך אין די אויגן ניט געזען... מען אָרגאַניזירט דאָך די אָנמאַכט, און מען קעמפט מיט דער אָנמאַכט... מען איז פאַר־שפּאַרט, מיט קליינע השגות פון קליינע מענטשעלעך, אין די ד׳ אמות פון דער אידישער קליינווירטשאַפט... יאָ, די אָרימע אידישע גשמיות איז זיך נוקם אינם בונדישן גייסט...

אַ נאַציאָנאַליזם על פּי שכל האָט פאַר זיך באַשאַפן דער סיי־מיזם (פון זשיטלאָווסקים חדר), קאָנסטרואירט אַ נאַציע אַפן יסוד פון אַ ראַציאָנאַליסטישן אָפּמאַך, לויט שפּרינגערס שיטה פון פרייוויליקער מעלדונג. מען האָט אָבער פאַרגעסן, אַז אַ נאַציאָנאַל־געפיל לאָזט זיך ניט איינשמועסן... אָדער אַ מיסטישער צובונד צו דער אידי־שער אמונה, אָדער אַ לעבעדיקער צובונד צו אַ אידיש לאַנד — אָט דאָס איז דער תוך, דער עצם־וועזן פון די צוויי היפּוכים, פון דער אַלטער אָדער נייער אידישער נשמה... גאָר צו ווייט פון

איינעם פון די דאָזיקע צוויי קוואַלן טאָר אַ לעבעדיקער אידישער נאַציאָנאַליזם ניט אוועקגיין...,

ס'איז פאַראַן אינם סיימיזם אַ ווייטע פּערספּעקטיוו, אַ שיינער אייסקיק, וואָס שטאַמט פונם רעגולאַטיוון „פּרינציפּ", דעם טעריטאָריאַ־ליסטישן ענדע־ציל, פונם ערד־ניצוץ, וואָס איז מתקן די נשמה... נאָר דער הלל פאַר דער גלות־עקאָנאָמיק ליגט אפן סיימיזם, ווי אַ שווערע משא און ציט אים צו דער נידער. ער פּילט שוין אידישלעכע געגועים, דער מינימום אין גלות האַלט באַם ווערן אַ גלות־מאַקסימום...,

אין דער אידישער וועלט, וואָס איז פול מיט די ליידן פון אייביקן וואַנדערן, באַווייזט זיך די ערד־בענקשאַפט... זי איז די אידישע גשמיות אליין, דער גרויסער רחמנות אפן פאַרשקלאַפטן אידישן גוף, וואָס ליידט זיין היטאָרישן ווייטיק, און דעריבער איז זי די גרעסטע הכחשה און די טיפסטע פאַראַכטונג פון דער איצטיקער אידישער גשמיות, וואָרים זי איז די רעוואָלוציע פון דער אידישער גשמיות, זי איז די ברכה פאַר אַ נייעם זיווג מיט דער מוטער ערד, זי איז די איפּלעבונג פון אידישן גוף, זי איז דער אידישער גייסט פון דער צוקונפט.

„דער נייער וועג" 1906.

# בונד און בונדיזם.

## דער „בונד“

אין סעפטעמבער 1897 זיינען זיך אין ווילנע צונויפגעפאָרן פון שטעט און שטעטלעך דרייצען מענטשן, פאָרשטייער פון אידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, דעלעגאַטן פון געדרודפטע „סטאַטשניקעס“, וואָס זיי איז באַשערט געווען אָנצוהויבן אַ נײַ בלעטל אין דער אידישער געשיכטע.

דאָס זיינען געווען די גרינדער פון „אַלגעמיינעם אידישן אַרבעטער-בונד“.

דאָס אידישע פאָלק האָט צום ערשטן מאָל אויף זיין לאַנגן גלות-וועג אַרויסגערוקט פון זיינע רייען אַ קאַמף-אָרגאַניזאַציע. צום ערשטן מאָל אין דער אידישער גלות-געשיכטע האָבן דאָ אידישע מאַסן ניט געבעטן תחנונים, נאָר געפאָדערט, ניט געוואַרט אויף ישועות, נאָר מוטיק, מיט מסירת-נפש זיך געוואָרפן אין העלדישן שטרייט פאַר רעכט און פאַר פרייהייט, פאַר סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן יושר, פאַר דער אייגענער באַפרייאונג און פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט.

צוזאַמען מיטן „בונד“ איז באַשאַפן געוואָרן אַ נייער איד, וואָס די גלות-געשיכטע האָט אים ביז אהער ניט געקענט און ניט געזען.

ניט אין פאַרשפרייטן צווישן די אידישע אַרבעטער די טעאָריע פון מאַרקסיזם, די נייע תורה פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, איז געלעגן דער עיקר פון בונדישן אויפטו. חקרנים, שאַרפע מוחות זיינען בא אונז

קיין נייס ניט געווען. אַמאָליקע ישיבה־בחורים זיינען גיך מגולגל געוואָרן אין היינטוועלטיקע משכילים, און מיטן אייגענעם גראָבן פינגער, מיט וועלכן מען האָט אַמאָל געפּרואווט עפּעס אויסדרינגען פון אַ בלאַט גמרא מיט תוספות, האָט מען איצטער געטייטשט אַ בלאַט פון מאַרקס „קאַפּיטאַל“ מיט אַ פּירוש פון קאַוטסקי און פּלעכאַנאָוו. אין דעראמתן איז דאָס געווען היינו הך, אַלץ איינס, די אייגענע אַלטע אידישע מוח־טראַדיציע, וואָס האָט צו קיין שעפערישן איבערבייט אינם אידישן לעבן ניט געקאָנט פירן.

דער ממשותדיק־היסטאָרישער אופטו פונם „בונד“ איז געווען גאָר אַן אַנדערער: ער האָט פונם רעוואָלוציאָנערישן מאַרקסיזם געמאַכט אַ הלכה למעשה און האָט דערמיט באַשאַפן און אויפגעהאָדעוועט אַ אידישע קאַמף־נאַטור. צום ערשטן מאָל אין דער אידישער גלות־געשיכטע האָבן זיך באַוויזן קעמפערישע אידישע מאַסן, וואָס האָבן זייער לעבן אוועקגעלייגט פאַר אונזער און פאַר אַלעמענס פרייהייט.

נאָר ניט דאָס אַליין. דער „בונד“ איז געווען דער אָנהויב פון אַ אידישער רעוואָלוציע, דער אָנזאָג פון אַן איבערקערעניש אין אַלע ווינקעלעך פון אידישן לעבן. אין פייער פון קאַמף, וואָס האָט זיך אדאַנק דעם „בונד“ צעפלאַקערט אַף דער אידישער גאַס, זיינען פאַרברענט געוואָרן אַ וועלט פאַרשימלטע טראַדיציעס, אַ שלל אַלטפרייַנקישע השגות; נייע לידער האָט אָנגעהויבן זינגען די אידישע גאַס, וואָס האָבן אַן אימה געוואָרפן אַף די פאַרשטייער פון דער צעפוילטער פאַרגאַנגענהייט און האָבן באַגייסטערט די קעמפער פאַר אַ ליכטיקער צוקונפט.

דער אידישער אַרבעטער האָט אַ דאַנק דעם „בונד“ פאַרנומען די אוואַנסצענע, דעם ערשטן פּראָנט פון אידישן לעבן. וואו עס האָבן פריער געוועלטיקט די פּני פון דער מזרח־וואַנט, וואו די „גילדענע פּאָן“ מיט דער גרויסע מאה האָט גדלותדיק געזאָגט די ברייטע דעה, דאָרטן האָט איצטער געפלאַטערט די רויטע פאָן, און דער אידישער אַרבעטער איז געוואָרן דער יחסן פון דער אידישער געזעל־שאַפטלעכקייט.

די אַרבעטס־רעליגיע האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אין דער אידישער וועלט, און דאָס פאַרביאַיסטע און גרינג־געשאַצטע האָרעפּאַשנע „קוילער געסל“ איז עולה לגדולה געוואָרן. די הינטער־

געסלעך אין שטעט און שטעטלעך, וואו די נויט האָט אָרגאניזירט איר פּראָטעסט און געפירט די שטרייטער צום קאַמף, זיינען מגולגל געוואָרן אין הייליקע ערטער, וואו אַהין מען פלעגט עולה רגל זיין פון אַלע שיכטן פון פאָלק, און אידעאַליסטישע יוגנט האָט אַ שטראָם געטאָן צו דער מחנה פון אַלע „דערנידעריקטע און באַליידיקטע“. און דורך דעם דאָזיקן באַהעפט פון דער יוגנט, פון דער אידישער אינטעליגענץ מיט דער אידישער אַרבעטערשאַפט זיינען וואונדער געשען. אַ סך צע־זייטע און צעשפּרייטע רינגעלעך, וואָס זיינען שוין געווען מחוץ למחנה, האָבן אַ דאַנק דעם „בונד“ זיך ווידער איינגעקייטלט אין דער גאָלדענער אידישער קייט; אפילו אָפּגעפרעמדעטע טיילן, אברים מדולדלים האָבן זיך דורך דעם אידישן אַרבעטער, דורך דעם כישוף פון זיין פרייהייטס־קאַמף ווידער באַהעפט מיטן אידישן פאָלק.

און געשפּייזט מיט נייע השגות, מיט רעוואָלוציאָנערישע געפילן, האָט געגורט אירע לענדן אונזער מאַמע־לשון, און א י ד י ש איז אַרויס אין קאַמף פאַר איר רעכט אַף לעבן און אַנטוויקלונג. אידיש האָט זיך באַצירט מיטן גאַנצן חן, וואָס דער קאַמף פאַר פרייהייטס־אידעאַלן קאָן צוגעבן, און האָט אָנגעהויבן אומקערן צו אידישקייט אַ סך פון אונזערע פאַרוואָגלטע נשמות. פון דער פּאָליטישער גאַס איז אידיש אַריין אין די פּאָליטישע סאַלאָנען און אַדאַנק דעם אַרבעטער האָט דאָס אידיש וואָרט אָנגעהויבן הילכיק קלינגען אין קרייזלעך און אַף פּאָליטישע דעמאָנסטראַ־ציעס, אַף קאָנגרעסן און קאָנפערענציעס, אַף קאַטעדרעס און פּאָליטישע טריבונעס.

און באַפרוכפּערט פון נייעם רעוואָלוציאָנערן לעבן האָט די א י־ד י ש ע ל י ט ע ר א ט ו ר אָנגעהויבן איינזאַפּן רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון: די ק ע ל ע ר ש ט ו ב איז געוואָרן אַן ענין פאַר דער אידישער פּאָעזיע, די אומרו פונם אידישן קינסטלער האָט תופס געווען אין „באָנציע שוויג“ דעם היפוך צום קעמפענדיקן אידישן אַרבעטער, און אַרבעטס־און־אַרבעטער־לידער האָבן אין לבוש פון ניגונים אָנגעהויבן וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט, פון די געהיימע קרייזלעך ביז צו די דעמאָנסטרירנדיקע „מאַסן אין די גאַסן“.

דער בונד איז איינער פון די סימנים, פון די בולטע סימוואָלן פאַר אונזער ה ע ל ד י ש ע ר ת ק ו פ ה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן

מיטן יאָר 1897, אָט פאר דעם פּעריאָד פון שטורם און דראַנג, וואָס האט רייכער געמאכט דאָס פּאראָרימטע, פאַרחושכטע, פאַרקבצנטע אידישע לעבן מיט די פרייהייטס געזאַנגען פון

„בּרידער און שוועסטער פון ארבּעט און נויט“,

"פרימאָרגן" 1927, ריגע.

# בּונדיזם.

.1

„דער האָריזאָנט פון זייער וועלט-אַנשויאונג איז געווען איינג, ווייל דאָס אידישע לעבן האָט פאַר זיי ניט געשטעלט קיין פארשיידנארטיקע פראַגן“.

אַרטיקל וועגן יובל פון בונד — Leipziger Volkszeitung סאָציאַלדעמאָקר. פּאַרטיי אָרגאַן.

„דער בּונד איז שטענדיק געווען א מוסטער פון אינעווייניקסטער איינהייט און דיסציפּלין, קיינע פראַקציאָנירונג, קיינע שפּאַלטונגען האָבּן אים ניט דעזאָרגאַניזירט“.

„די האָפנונג“, יובל-נומער.

בּונדיזם איז דאָס עלעמענטאַרע בּאַוואוסטזיין פון דעם אידישן אַרבּעטער, די ערשטע שטופּע פון זיין גייסטיקער אנטוויקלונג: אַף דער לעצטער שטופּע מוזן מיר געפינען דאָס זעלבּסטבּאוואוסטזיין... ניט דער שבת פון דער נשמה, ניט דאָס איינמאָליקע אויפבּליצן פונם גייסט, ניט די זעלטענע היסטאָרישע עקסיסטענץ אין זעלטענע מינוטן—בּונדיזם איז די טעגלעכע בּאדערפעניש-בּאפרידיקונג פון דעם אידישן אַרבּעטער, דאָס שטענדיקע גייסטיקע לעבּן, מיט וועלכן מען לעבּט דורך די גאַנצע וואָך... אמת, די פּראָגראַם איז ניט עלעמענ-טאַר, די פּראָגראַם איז בּאַשאַפן פאַר היסטאָרישע מאָמענטן... און די דאָזיקע ניט-עלעמענטאַרע בּונדישע פּראָגראַם איז פאַראַן, ניט קוקנדיק אַף אַקימאָוו-מאַכנאָוויץ און אַף די „לייפּציגער פאָלקס-צייטונג“... און די דאָזיקע בּונדישע פּראָגראַם איז, ניט קוקנדיק אַף די פאַרשפּרייטע קעגנמיינונג, איינע פון די רייכסטע און פילזייטיקסטע סאָציאַליסטישע פּראָגראַמען... וואָרים וואָס געהערט ניט צו דער בּרייטער בּונדיש-פּראָגראַם?.. און לויט דער אוניווערסאַל-פּראָגראַמע מוז דער בּונדי-שער אַרבּעטער א סך וויסן וועגן דעם, וואָס סע טוט זיך בּיי די אומות

העולם, וואָרים וואָס מוז ער ניט וויסן?.. און וויסן מוז ער אסך, און אינטערעסירן זיך מוז ער מיט די פאַרשיידנסטע סאָציאַלע פּראָבּלעמעס, ער מוז אַלץ וויסן, וואָרים וואָס מוז ער איבּערלעבּן? איבּערלעבּן דאַרף ער כמעט גאָרנישט, נאָר אַ בּלאַסע און האַלבּ־פאַר־געסענע בּוך־ערינערונג, אַ אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם פון דער טעאָריע, נאָר אַ שוואַכן און שטאַרק־פאַרקלענערטן אָפּשיין פון דעם גרויסן לעבּן... אין ערנסטן ממשותדיקן לעבּן קען ער אויסקומען מיט ווייניק, אין ערנסטן לעבּן קען ער אויסקומען מיט אַן אָרימען פּעקל ידיעות, צונויפגעקליבּענע פון זיין אָרימען קבּצניש־אידישן זיין. וואָרים דער לעבּנס־האָריזאָנט איז איינג, קליינלעך און שמאָל — און אַ לעבּנס־האָריזאָנט קען ניט אויסגעטראַכט ווערן, קען ניט בּאַשאַפן ווערן דורך „בּילדונג“... און ווייל די לעבּנס־פראַגן זיינען ניט „פאַרשיידנאַרטיק“, ווייל די פּראָבּלעמען זיינען נאָר אַקאַדעמיש, דעריבּער איז טאַקע די דיס־ציפּלין אַזוי שטאַרק און די אָרדענונג אַזוי מוסטערהאַפט... וואָרים די „פאַרשיידנאַרטיקע פראַגן“ דרינגען אַריין אין זיין בּאַוואוסטזיין ניט פון דעם איינענעם רייכן לעבּן, נאָר פון דעם פרעמדן רייכן בּיכל... דאָס איינענע לעבּן מיט זיינע פראַגן איז נאָר אַ פאַרשטיקטער ווידער־קול פון אַ לעבּן: די פּאָפּולערע בּיכלעך וועגן אַלץ, וועגן אַלוועלטלעכן סאָ־ציאַליזם, וועגן דער אַרבּייטער בּאַוועגונג בּיי די אומות העולם, אָט די עכט־בּונדישע פּראָדוקטן האָבּן דעם צוועק ניט צו דערלאָזן דעם אַנאַליז, צו פאַרטעמפּן דאָס בּיטערע בּאַוואוסטזיין פון דער אידישער אָרימער „פּראָגלאָזער“ ווירקלעכקייט... און דער בּונדישער אַרבּעטער לעבּט סאָ־ציאַל מיט בּאַוואוסטזיניקייט אָבּער אָן זעלבּסט־בּאַוואוסטזיין; אין זיין דילעטאַנטיש־בּרייטער און אויבּן־אויפיקער השגה זעט ער די וועלט אַרום זיך, אָבּער נישט אין און בּאַ זיך, עס פעלט אים די העכסטע אַנטוויקלונג פון די גייסטיקע פייאיקייטן, די אינעווייניקסטע דערפאַרונג און דאָס בּאַדערפעניש פון אַ אינעווייניק־רייכן לעבּן... ער האָט אפשר די „מדה צו זוכן און צו גריבּלען זיך“, אָבּער ער זוכט ניט און גריבּלט זיך ניט, ער לייענט. נאָר ער קען אויך ניט לייענען... און ווייל ער זוכט ניט, בּלאָנדזעט ער ניט, און ווייל ער בּלאָנדזשעט ניט, איז ער ניט זעלבּשטענדיק און בּילדעט ניט קיין פּראַקציעס, און דעריבּער איז טאַקע די בּונדישע דיסציפּלין אַזוי שטאַרק און די אָרדענונג אַזוי מוס־

טע־האפט... וואָרים דאָס איז די אָרדנונג, דער גלייכמאָסיקער ריטם פון דעם פשוט־עלעמענטאַרן וואָכעדיקן באַוואוסטזיין...

אמת, עס איז געיועז און עס איז פאַראַן איין גרויסע, טראַגיש־ערנסטע פראַגע, וועלכע וואָלט יא געקענט פירן צו „פראקציאָנירונגען און שפאלטונגען", וואָרים זי רירט אָן דעם לעבנס־נערוו פון די אידישע מאסן... אָט טאקע די אייגענע פראַגע וועגן דעם „פראַגלאָזן" אידישן לעבן... נאָר דער בונד האָט די קראַפט און דעם מוט ניט געהאַט זי אַרויסצושטעלן, און די פראַקציעס האָבן זיך דעריבער געבילדעט ניט אין בונד, נאָר אין דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט. די מורא פאַר אידייעס און פראָבלעמעס, דער אָרגאַניזאַציע־פּאַטריאָטיזם און די מעכאַנישע וועלט־אָנשויאונג איז אַריין אין אַ סתירה מיט זיך אַליין און האָט, דיסציפּלינירנדיק און אָרגאַניזירנדיק דעם בונד, „דעזאָרגאַניזירט דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט". וואָרים דער אידישער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט געקענט איגנאָרירן דאָס איינציקע גרויסע פּראָבלעם פונם אידישן לעבן, ער איז דאָך פאָרט אַ אידישער, ער איז פאָרט צונויפגעוואקסן מיטן אידישן פאָלק...

.2

„מיטן אריינטריט פון בונד אין דער רוסישער סאָציאלדעמאָקראַטישער פאַרטיי, אין וועלכער ער נעמט אַ לעבנהאפטן אנטייל, וועט פארשווינדן אָט די טונקעלע זייט פון בונד".

„לייפּציגער פאלקסצייטונג".

וואָרים ער זוכט, דער דאָזיקער גייסט, און איר פילט צו אים אַ שנאה, ווייל ער זוכט, און ווייל ער וויל אייך ניט גלויבן, אַז איר האָט שוין געפונען, וואָס איר זוכט.

ניטשע.

און זיי מיינען, אַז זיי האָבן שוין געפונען, אַז זיי האָבן דעם גייםטיקן האָריזאָנט גרויס און בּרייט געמאַכט מיט דעם אריינטריט אין דער רוסישער „פאַרטיי"... און דער לעבנס־האָריזאָנט פון די מאַסן? אַזוי שנעל צו פאַרגעסן די אייגענע געשיכטע... דאָס פּראָבלעם איז דאָך געשטאַנען שוין פון ערשטן טאָג אָן: אָדער „בּרייטע" האָריזאָנטן און זיך אָפּזאָגן פון אידישן פאָלק, דאָס הייסט אַריסטאָקראַטישער אינדיווידו־

אַליזם און רעטונג פון איינצעלנע, יחידישע שליחות פון אידן־סאָציאַליסטן צווישן דער ארבייטערשאַפט פון די אומות העולם, אָדער גיין צו די אי־דישע מאַסן און „פאַרשמעלערן“ די האריזאָנטן . . . אַזוי איז שוין דע־מאָלט געשטאַנען דאָס פּראָבלעם, און אַ טייל פון דער אידישער אינטע־ליגענץ האָט אויסגעקליבן דעם פאָלקסטימלעכן, דעם נאַציאָנאַלן וועג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ תקופה פון אַ ערנסטן פאַרטיפן זיך אין דעם לעבן פון דער אידישער מאַסע. פון רוסיש צו אידיש, פון פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך צו מאַסן־אַגיטאַציע, פון דער אומלעגאַלער כנופיה צו דעם וואַרשטאַט און צו דער אידישער גאַס . . . דער טריט איז געווען אַ דעמאָקראַטישער, אָבער דאָס פּראָבלעם איז געבליבן ניט געלייזט. אַלץ ענגער און שמעלער זיינען געוואָרן די האריזאָנטן. בעת די האָפענונגען זיינען שוין געווען פאַנאַנדערגעבליט און די חלומות אויסגעטרוימט, האָט די דאָזיקע אינטעליגענץ דערפילט די שטיקנדיקע לופט פונם אידישן לעבן, דעם דריקנדיקן עלנט פון די שמאָלע האָריזאָנטן, און זי האָט אָנגענומען דעם רעטונגס־פּלאַן אַריינצוטרעטן אין דער רוסישער פּאַרטיי . . . דערמיט איז דאָס פּראָבלעם געלייזט געוואָרן — פאַר דער אינטע־ליגענץ . . . וואָרים די אידישע מ א ס ן קענען ניט אַריינטרעטן אין דער רוסישער פאַרטיי, די מאַסע מוז שעפּן די פּראַגן פונם א י ג ע נ ע ם לעבן, זי מוז דאָס לעבן ל ע ב ן, ניט עס אויסטראַכטן אָדער פאַרבייטן מיט „אַלגעמיינער בילדונג“ . . . און איז דאָס לעבן קיין לעבן ניט, איז דאָס לעבן אָרעם און „פּראָגלאָז“ און בילדעט אַליין אַ פּראַגעצייכן, דעמאָלט וועט קיין בילדונגס־חברה ניט העלפן . . .

און איך דערמאָן מיך אָן אַמאָליקע צייטן . . . „בילדונג, בילדונג און נאָך אַמאָל בילדונג“ איז געווען דער יחידיש־אינדיווידואַליסטישער ענטפער, וועלכן די משכילים פלעגן געבן אויף די סאָציאַלע אידישע פּראַגן . . . און אין דער ערשטער תקופה פון דער השכלה האָט דער דאָזיקער לאָזונג באמת געהאַט אַ געוויסע סאָציאַלע חשיבות . . . ערשט דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַן ענטפער פאַר יחידים און ניט פאַר די פאָלקס־מאַסן. די לעצטע האָבן ניט געקענט נאָכטאָן די איינצלנע פּערזאָנען און אַריינטרעטן מיט זיי צוזאַמען אין דער „אַלגעמיינער פּאַרטיי פון קולטור און פּראָגרעס“. אין משכילישן לאַגער גופא איז אויפגעקומען אַ דעמאָקראַטישע שטרעמונג, וועלכע האָט

גענומען איראָניזירן איבער די משכילישע בילדונגס־חלומות און דעם משכילישן מוסר, ווייל זיי זיינען אַזוי שלעכט געיוען צוגעפּאַסט צום לעבן פון דער „אָרעמער און געפּלאָגטער קליאַטשע מיט דעם אויסגעהונגערטן מאָגן און געפּייניקטן רוקן"... איצט האָבן מיר ווידער אַ בילדונגס־עפּידעמיע... פּאָליטיק — בילדונג, נאַציאָנאַליזם — בילדונג, אפילו סאָציאַליזם — בילדונג... און דאָס לעבן? אָך, דאָס האַרץ געלוסט אַזוי נאָך אַ טראָפּן לעבן...

.3

„די האָפענונגען זיינען שוין פונאַנדערגעבליט,
די טרוימען אויסגעטרוימט".

דער בונד איז געווען דער אוטאָפּישער פּרואוו פון דער אידישער האַלב־אַסימילאַטאָרישער האַלב נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ צו שאַפן אַ נאָרמאַלע אידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַ נאָרמאַלן אידישן לעבן... און ווייל זיי האָבן די קראַפט ניט געהאַט זיך צו שטעלן קעגן גלות, האָט אַ פאַרבלענדערישער שלייער געמוזט אַריבערגעוואָרפן ווערן איבער דער אידישער ווירקלעכקייט, האָט די באַוועגונג געמוזט זיין נאָרמאַל, האָט די רעקלאַמע געמוזט זיין גרויס: זי האָט מיט איר פאַלסיפיצירנדיקן בישוף געדאַרפט פאַרבייטן דאָס פעלנדיקע לעבן...

נאָר דאָס פעסטע און אומבאַוועגלעכע קען באַוועגט ווערן, נאָר דאָס קאָנסערוואַטיווע קען רעוואָלוציאָניזירט ווערן, נאָר דער ווידערשטאַנד קען באַזייטיקט ווערן, — דער בונד האָט אָבער געהאַט פאַר זיך דאָס אומרואיקע אידישע לעבן, די וואַקלדיקע אידישע ווירטשאַפט, די וואַנדערנדיקע אידישע מאַסן, דעם ווידערשטאַנדלאָזן מענטשן־שטויב, די רעוואָלוציאָן — אין שטענדיקן דווערן, en permanence, און דער בונד איז געוואָרן אַ דמיון־באַוועגונג, אַ נוצלעכער עקספּערימענט, אַ קינסטלעכער פּראָדוקט מיט אַ מינימום פון אָרגאַנישע אַנטוויקלונגס־עלעמענטן... ניט אין דער נאַטירלעכער עקסיסטענץ, נאָר אין דעם קינסטלעכן סאָציאַלן עקספּערימענטירן ליגט דעריבער די חשיבות פון בונד... די תנאים פאַר דעם דאָזיקן סאָציאַלן פּרואוו זיינען געווען לערנרייך־פּאַטאָלאָגישע, קליינלעכע און דעריבער גרינג צו כאַפּן מיטן אויג און באַנעמען מיטן שכל, — דער פּרואוו האָט געמוזט זיך איינגעבן, דער קליינער מאַסשטאַב פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט האָט אים מעגלעך גע־

מאכט... און ווייל דער בונד איז נאָר אַ באַוועגונג אין דמיון, געהערט זיין היסטאָרישע ראָלע ניט צו דער לעצטער רעוואָלוציע־תקופה, ווען עס האָט זיך אָרגאַניזירט די ממשותדיקע געזעלשאַפטלעכע מאַכט פון רוס־לענדישן פּראָלעטאַריאַט, נאָר צום ערשטן פּעריאָד, ווען עס האָט זיך אָרגאַניזירט די רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטלעכע מיינונג... די האָפע־נונגען זיינען שוין פונאַנדערגעבליט, די האָפענונגען האָבן זיך אויס געשעפּט...

און דער עקאָנאָמישער קאַמף? אָבער דאָס איז דאָך די טעג־לעכע עקסיסטענץ, וואָס וועגן איר זיינען קיין חילוקי דעות ניט מעגלעך, דאָס איז דאָך דאָס לעבן פון דער וואָך. וואָרים ווען און וואו האָט דער עקאָנאָמישער קאַמף אַ גרויסע היסטאָרישע חשיבות? ווען ער אָר־גאַניזירט די גרויסע אַרבעטער־באַטאַליאָנען און גיט זיי די עקאָנאָמישע מאַכט אין די הענט, ווען ער שמידט צונויף מיט דער הילף פון דעם מעכאַנישן פּראָדוקציע־פּראָצעס דעם מעכטיקן אַרבעטער־קלאַס און גיט אים איבער די ווירטשאַפטס־ און בכן די לעבנס־נערוון פון דער קאַפּיטאַליסטישער גע־זעלשאַפט. דערקענט איר זיך דאָ, אין אַזאַ מין קאַמף, אידישע אַרבעטער?

ניט דער גלויבן אין דער גרויסער צוקונפט, נאָר די ליבע צו דער גרויסער פאַרגאַנגענהייט, ניט די לייכטנדיקע היסטאָרישע אויסקוקן פון אַמאָל, נאָר די בלייבע ספּיקות פונם היינט — דאָס זיינען די איצ־טיקע סמנים פאַרן „בונד". וואָרים דער בונד האָט זיך באַפרידיקט מיט דעם געגנווערטיקן אידישן אַרבעטער־לעבן, און ניט ווייל דאָס איז דאָס איינציק־ריכטיקע, נאָר דאָס „איינציק־מעגלעכע", ניט דאָס גרעסטע פאַרלאַנגען, נאָר דאָס קלענסטע באַדערפעניש... דער בונד האָט קיין רעכט ניט אויסצורייידן די אַסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטן (פון פּלעכאַנאָוו איסקרא־חדר), הלמאי זיי אַנטלויפן פון אידישן פּראָלעטאַריאַט, דען וואָרים דער בונד רופט זיי צו אַ צופרידנהייט מיט די געטאָ־ראַמען פון דער אידישער אַרבעטער־קעגנוואַרט, און קיין מענטש האָט ניט דאָס רעכט צו זיין אַ קעגנוואַרטסמענטש...

מיט צען יאָר צוריק האָט דער „בונד" געהאַט אַ צוקונפט, איצט האָט דער בונד אַ פאַרגאַנגענהייט. און איז דעם אידישן אַרבעטער נאָך באַשערט צו שפּילן אַ היסטאָרישע ראָלע, דעמאָלט מוז אין אים דער „בונד" אַליין ווערן אַ פאַרגאַנגענהייט...

.4

,,און אוגאַנדאַ אַרט אונז ניט, דאָס האָט - א קנאַפּע שייכות צו אונז. גלויבט מיר זיכער, איר קענט אַריבערפירן אהין א מיליאָן אידן, און אין דער ,,אַרבעטער שטימע" וועט איר וועגן דעם ניט געפינען ניט איין שורה".

פון אַ געשפּרעך מיט א בונדיסט אין באזעל צום זעקסטן ציוניסטן־קאָנגרעס.

,,פּאַריז איז צוליב דער לעצטער גרויסער אי־דישער עמיגראַציע פון רוסלאַנד אין א קורצער צייט געוואָרן איינער פון די גרעסטע אידישע צענ־טערס אין אייראָפּע".

— ,,די האָפנונג", יובל־נומער.

און דער אידישער געשיכטע־גייסט, דער דאָזיקער שפּעער אין וואנדערן, האָט זיך אין דער דאָזיקער צייט ווידער אופגעוועקט און האָט פאר זיין גרויסן און מעכטיקן מענטשנשטראָם אויסגעגראָבן אַ נייעם וועג. הונדערטער טויזנטער מענטשנמאסן זיינען אויסגעוואנדערט און האָבן באשאפן נייע צענטערס; מעכטיקע מענטשן־כוואַליעס האָבן זיך געצויגן פון אייראָפּע אין נייע וועלט־טיילן, אַ גאַנצע תקופה פון דער געשיכטע איז געווען פארנומען מיט הוילע וואַנדערונגען — נאָר דאָרטן אין ,,בונד" האָט מען דעם שטראָם ניט באַמערקט... ניט איין פּרט פון זייער לעבן־און־וועלט־אָנשויאונג האָט זיך ניט געענדערט, ניט איין פעלער איז ניט אויסגעבעסערט געוואָרן, ניט איין נייס ניט אריינגעבראכט אין זייער אוצר פון וויסן, די דאָזיקע גאנצע רעוואָלוציע אין אידישן לעבן האָט געמעגט ניט זיין ווי יאָ זיין... נאָך אַ צען־יאָריקן באשטיין האָט מען זיך געכאַפּט און אָנגעשריבן אַ רעזאָלוציע וועגן אידישער עמיגראַציע... דאָס טראָגט אָן ספק אַ טראַגישן כאראקטער...

הונדערטער־טויזנטער גרייטן זיך איבער א נייס צום וואַנדערן, גרייטן זיך איבערבייטן די יסודות פון דער אידישער פאָלקסווירטשאפט, דער אידישער געשיכטע־גייסט וועבט א נייעם פאָדים... וואָס וועט זיין מיט צוואנציק יאָר שפּעטער?.. נאָר צי קענען די מענטשן ממשותדיק טראכטן וועגן אַזא ווייטער תקופה?

,,אונזער וועג" נאָוועמבער 1907.

# גלות און גאולה

אָדער

# צייט און אייביקייט.

סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע כוונות.

## א.

. . . און מיט תקיפות, מיט אַ זאַטן שמייכל, מיט דער גליק־לעכער צופרידנקייט, וואָס דאָס לעבן מיטן מאָמענט גיט אַלע באַשע־פענישן, האָט דאָס צייטלעכע געקוקט אַף דאָס אייביקע. און שטאָלץ איז דאָס צייטלעכע באַ זיך געווען, וואָרים דאָס אייביקע האָט זיך תמיד גענויטיקט אין אים. אין זיין שטראַלנדיקער הויך האָט זיך דער איידעלער אַבסטראַקטער געדאַנק מיט זיין ניצוץ, דעם אייביקייטס־פונק, געהויבן פון די צייטלעכע מגושמדיק־ממשותדיקע פאַקטן: אין זיינע הויכע און ברייטע הימלען האָט זיך דער אידעאַל געצויגן פון דער נידעריקער ערדישער נויט. און געלאַכט האָט די פּראַקטישע צייט פון דער פאַר־חלומטער אייביקייט און אין דער שטיל, פאַר זיך, זייער אָפט געטראַכט, אַז ס'איז אַלץ איינס, אַז אינדערעמתן איז גאָר קיין חילוק ניטאָ צווישן דעם אידעאַל און דער ווירקלעכקייט, צווישן דעם היינט און דעם מאָרגן, צווישן אַ יאָר און אַ דור, צווישן איין דור און הונדערטער דורות . . . ממשותדיק איז נאָר איינס — און דאָס איז דער פרייילעכער היינט.

שטענדיק טראַגיש איז אָבער געווען דער מזל פון דער אייבי־קייט. בעת דאָס צייטלעכע האָט ניט געליטן פון קיין אינעווייניקסטער צעריסנקייט, איז געווען גאַנץ און איניק מיט זיך אַליין, האָט ניט גע־שטרעבט צו הויכע און ווייטע צילן און האָט זיך באַ קיינעם נישט פאַרשקלאַפט, ווייל ס'האָט גאָר פון קיין פרייהייט נישט געוואוסט, האָט

דאָס אייביקע, פאַרקערט, אַלעמאָל געפילט זיין אָפּהייגגיקייט, זיין נידעריקן יחוס, די צוויי נשמות אין זיין ברוסט — די איידעלע, צאַרטע פון דער צוקונפט און די איינפאַכע, מגושמדיקע פונם היינט. קעמפן און ליידן איז שטענדיק געווען זיין גורל, גאַנצע דורות ליידן, גאַנצע דורות קאַמף און גאָר גיך פאַרבייבליצנדיקע מאָמענטן פון נצחון... אָבער גיך, און מיט דעם געפיל פון אינעווייניקסטער באַפרייאונג פלעגט דאָס אייביקע פאַרלאָזן די מאָמענטן פון נצחון, וואָרים דאָס צייטלעכע פלעגט דעמאָלט פאַלן כורעים און קנעכטיש אָנהויבן זוכן התקרבות, פריינטשאַפט, צוזאָגנדיק מיט זיין אומגליקלעכן פאַרשטאַנד אייביקע ליבע און טרייקייט דער נצחונדיקער אייביקייט — ווייל זי איז מקוים געוואָרן... און אַזוי פלעגט די אייביקייט שטענדיק פאַרבלייבן אַפן שלאַכטפעלד, און שטענדיק פלעגט איר דאָס צייטלעכע געבן צו פילן, אַז זי איז פאַרשקלאַפט באַ דעם מאָמענט, אַז זי עקסיסטירט נאָך ניט, אַז זי איז נאָר אַ רעיון, אַ דמיון, אַ חלום, און אַז אין דער אמתן, אין דער „ווירקלעכקייט", עקסיסטירט נאָר דער מאָמענט, די ממשותדיקע קעגנוואַרט...

ב.

כאַראַקטער־פעלערן ברייגגען נויטווענדיק צו דיינק־פעלערן. צוגע־בונדן צו דער געגנוואַרט, צוגעשמידט צו דער נידעריקער ערד, קאָן זיך דאָס צייטלעכע ניט דערהויבן צו אַן אַלגעמיינעם אַבסטראַקטן גע־דאַנק, וואָס וועבט זיך פון פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט. דאָס צייטלעכע זעט נאָר ממשותדיקע זאַכן, וואָס מען קאָן זיי אָנטאַפּן מיט דער האַנט. וואָרים נאָר דאָס פילן פון פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט העלפט שאַפן דעם אַבסטראַקטן באַגריף, העלפט אופהויבן דעם קאָפּ צום הימל, און דאָס חוזק־מאַכן פון דער אייביקייט, פונם שטרעבן צום צו־קונפט־לאַנד, צום אידעאַל, איז זיך נוקם: עס ברייגגט נויטווענדיק צו גייסטיקער בלינדקייט, צו אַ לעבן אָן שכל, נאָר מיט די חושים. דאָס צייטלעכע לעבט מיטן מאָמענט און שטאַרבט מיטן מאָמענט, עס זייגען אים פאַרשטענדלעך נאָר געלעגנהייטס־ געדאַנקען און געלעגנהייטס־געפילן...

עקסיסטירנדיק נאָר שטענדיק, מיינט דאָס צייטלעכע אין זיין בלינדן טעות, אַז עס עקסיסטירט אויך אייביק... אָבער דאָס שטענ־

דיקע איז נאָר אַ כמות, אַ מאָס־און־וואָג־באַגריף, וואָס ווייסט נאָר פון מער און ווייניק, בעת דאָס אייביקע איז אַן איכות און האָט ווערט־אינהאַלט, וואָס ווייסט דעם חילוק צווישן גוט און שלעכט, שיין און מיאוס... ניט דער אָנהויב איז אַ טעם, און ניט דער סוף איז אַ ציל און ניט דאָס שטענדיקע באַדערפעניש איז די אייביקע לעבנס־אויפגאַבע: די אייביקייט פאָדערט עפּעס אַנדערש. מיאוס איז ניט די נויטווענדיקע באַדערפעניש־באַפרידיקונג — נאָר דאָס באַגנוגענען זיך מיט איר, ניט דאָס טייל פאַר זיך, נאָר זיינע פּרעטענזיעס זיך צו רעכענען פאַר אַ גאַנצקייט, מיאוס איז די ניט־פולקומע שברי כלי, וואָס האָט זיך סיסטעמאַטיזירט און פאַרענדיקט, דער זעלבסטצופרידענער טאָג, דער מאָמענט השמחה בחלקו... מאָמענטן חזרן זיך אָבער איבער, עלעמענטאַרע באַדערפענישן מוזן שטענדיק באַפרידיקט ווערן, און דעריבער האָט דאָס צייטלעכע אַזוינע טיפע וואָרצלען אין לעבן... די אייביקייט קאָן אַף דעם קלאָגן, אָבער דאָס צייטלעכע, וואָס זעט אינם היינט אַ לעבן און לעבט מיט אים, קאָן דערמיט צופרידן זיין און קאָן זיך באַרואיקן — עס וועט דעם באָדן קיינמאָל נישט פאַרלירן, וואָרים עס איז נישט העכער פונם באָדן...

ג.

פילנדיק דעם ווייטיק פון מאָמענט, פון דער מינוט, קאָן דאָס צייטלעכע נאָר ליידן, אָבער ניט טרויערן, ניט קלאָגן. דאָס טרויערן האָט אין זיך אַ באַזונדערע טבע, עס נעמט אַרום די פאַרגאַנגענהייט און די צוקונפט, עס דרינגט אַריין פונם אויבערפלאַך אין די טיפענישן, פון דער פאַסירונג אין אירע סיבות... דאָס צייטלעכע בלאָנדזשעט אַרום אָן פּערספּעקטיוון, עס קומט פון ערגעץ ניט און גייט אין ערגעץ ניט, עס לעבט מיטן מאָמענט און פאַרשטייט דעריבער ניט די איכה־ניגונים, וואָס לאָזן זיך הערן אַף דער צווייפלענדיקער און פאַרצווייפלענדיקער וועלט... ניגונים פון בייַנקענדיקער האָפענונג און קעמפנדיקן מוט, ניגונים פון בויען און שאַפן לאָזן זיך הערן אין דער גלויבנדיקער וועלט. אפשר וויל דאָס צייטלעכע האָפן? ניין, ניט קלאָגן און ניט האָפן וועט דאָס צייטלעכע, עס וויל עסן און טרינקען, וואָרים מאָרגן דאַרף מען שטאַרבן.

## ד.

אין אָנהויב פון אונזער קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע, האָט דאָס צייט־לעבּע — דער גלות — פאַרטיידיקט דעם אידישן יחיד קעגן דער אי־דישער נאַציע, דאָס קעמערל, וואָס שטאַרבּט אָפּ, קעגן דעם אָרגאַניזם, וואָס לעבּט אייבּיק. מיר ווייסן ניט פונם „אייבּיקן איד", מיר ווייסן נאָר פון „אידן" — דאָס איז געווען דער גלות־סימן אָף דער נייער פאָן פון אידישער עמאַנסיפּאַציע, ווייל דער פאַקט פון דער צייט איז דער יחיד.

נאָר די ווירקלעכקייט אַליין האָט גענומען אָף זיך די קריטיק פונם צייטלעכן. דער אמאָס, דער יהיד, האָט זיך געמוזט מצרף זיין צו די ליידן און האָפענונגען פונם „אייבּיקן איד", וואָס איז די איינציקע ממשותדיקע פּערזענלעכקייט פון דער אידישער געשיכטע. און דער „אייבּיקער איד" האָט זיך גענומען גרייטן צום שטורעם קעגן זיינע געטאָ־טויערן און האָט אָף די חורבות פונם געשיכטע־לײדנדיקן פאָלק פונאַנדערגעוויקלט די פאָן פונם געשיכטע־שאַפנדיקן פאָלק. אין דונער און בליץ און בלוטצייכנס פון דער געשיכטע איז געבּאָרן געוואָרן דער נייער גייסט פון דער אייבּיקער נאַציע. קעמפנדיקע און וואַנדערנ־דיקע אידישע מאַסן האָבּן פאַרנומען די אידישע געשיכטע־אַרענע און מיט דער גיכקייט פון רעוואָלוציעס האָבּן שמאַרקע אונטערערדישע כוואַ־ליעס צעטרייסלט די אלטע קליינע געטאָס און באַשאַפן היינטוועלטלעכע מיליאָנען־געטאָס, וואָס זאָגן עדות וועגן די געבּורטס־ווייטאָקן פון אַ נייעם פאָלק, וואָס באַשולדיקן און רופן אונז צו אַ נייער אידישער צוקונפט... נאָר דער צייט־גייסט האָט אין זיך ניט געפעלשט... דוקא דעמאָלט האָט ער דערקלערט „נייטראַליטעט"...

## ה.

דאָס צייטלעכע קאָן נישט חלומען און נישט גלויבּן, עס וועט קיינמאָל נישט בויען אָף נביאות און אָף טרוימען...

אַ שיינעם טרוים האָט אַמאָל געטרוימט דער „בּונד". ער האָט געוואָלט מיטן אויפגעוועקטן באַוואוסטזיין פונם אידישן אַרבּעטער מבטל מאַכן דעם אידישן גלות, מיט דעם אידיען־קאַמף קעגן די טראַדיציעס פון דער אַלטער אידישער וועלט אַ סוף צו מאַכן צו דער

טראַדיציע פון אידישן ליידן און פּיין, ער האָט געוואָלט מיט זיינע ברייטע האָפענונגען צעטרייסלען די שמאָלע געטאָס... דעמאָלט האָט מען פּאָעטיש־נאַאיוו געלעבט מיטן גלויבן, יעדער נייער טריט איז געווען אַ פּרואוו, יעדער נייער געפיל האָט געבוירן אַ חלום, יעדער נייער געדאַנק אַ נבואה... מען האָט געבויט און צעשטערט, געטרוימט און געשאַפן, מען האָט געשטורמט קעגן די אַלטע געטאָ־מויערן, וואָרים אַ גייסט פון העלדישע קנאים האָט געלעבט אין דער רעוואָלוציאָנערישער בונדישער סעקטע...

נאָר די מוראדיקע געטאָ־ווענט האָבן אַרויסגעוויזן די קראַפט פון זייער טויזנט־יאָריקער שוואַכקייט, דעם מוט פון זייער אייביקער פּחדנות, דאָס לעבן פון זייער לאַנגזאַמען טויט... עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיט אַ שפּרונג אין געדאַנק איבער די געטאָ־מויערן קאָן מען ניט יוצא זיין, וואָרים נאָר מאַטעריעלע כוחות קאָנען מבטל מאַכן דעם מאַטעריעלן גלות און פון דער פאַרעלטערטער אָרדענונג באַשאַפן אַ נייע וועלט. און דער „בונד" האָט זיך מיאש געווען און פאַרלאָרן זיינע חלומות. איצט איז מען געוואָרן פּראַקטיש און באַשיידן, מען בויט אויף מזומנים, מען איז צופרידן מיט דער שמאָלקייט פונם אידישן לעבן, און מען זינגט אין דעם חדר־מיוחד אַ פריילעכס. אָן די אינסטינקטן פון דער יוגנט, אָן דער דערפאַרונג פונם עלטער שלעפּט מען זיך, אַ פאַרעלטערטע אידישע יוגנט, אויפן לאַנגזאַמען וואָגן פון דער צייט, מיט אַ לעבערלעך־אַלטער העוויה אויפן לייכטזיניקן יוגנט־פּנים...

ו.

נאָר די אייביקייט בויט אויף די כוחות, וואָס צעשטערן די שטענדיקע צייט, דעם גלות, און באַשאַפן אַ ניי אידיש פאָלק. אָט דאָס זיינען די צייכנס פון דער געשיכטע. איינער נאָכן אַנדערן ווערן צעטרייסלט די מאַטעריעלע און אידעאָלאָגישע יסודות פונם שמאָלן און פאַרעלטערטן געטאָ. ס'ווערן חרוב די אַלטע ווירטשאַפטס־פאָרמעס, ס'איז בטל געוואָרן די אידישע איינגעזעסנקייט פון דער לעצטער פּוילישער תקופה. די פאַרגליווערונג פון הונדערטער יאָרן איז צערונען, אַ פאַרפלייצנדיקער שטראָם איז געוואָרן דאָס אידישע לעבן. פאַראייניקט און צוזאַמענגעגאָסן האָבן זיך פאַרשיידענע געטאָס. אָט הויבן זיך אויף איבערן

בּרייטן מענטשן־שטראָם כוואַליעס בּיז צום הימל, עס ווערט באַשאַפן אַ ניו־יאָרקער געטאָ, אַ מעכטיקער טורם אַף אַ שמאָלן יסוד, אַ גלות־מיראַזש, וואָס פאַרבּלענדט די אויגן און כּישופט פאַר דעם וואַנ־דערער אַ פאַלש ציל, אַ שטראַלנדיקע גלות־אידייע, וואָס האָט זיך אַנט־וויקלט בּיז צו אַן אַבּסורד, אַ קאָמישע דערשיינונג, וואָס האָט אָנגענומען גראַנדיעזע פאָרמעס. נאָר דער מענטשן־שטראָם, וואָס פאַרפּלייצט אַלצ־דינג, רוט ניט און גיסט זיך ווייטער פונאַנדער, עס גראָבּט אונטער דאָס געטאָ די אייגענע עקסיסטענץ, עס שאַפט זיך זיין אייגענעם קבֿרות־מאָן...

און אָט דער דאָזיקער תהו ובהו איז אַן אָנהויבּ, אַ בּשורה פון דער אייבּיקייט.

קיעוו 1907.

# דער אוואנגארד

פון

# אידישן פאלק.

„Das ist von unseren edlen Herren:
auf halben Wegen und zu halber That mit
halben Mitteln zauderhaft zu streben“.

Grillparzer.

„דאָס שטאַמט פון אונזערע איידעלע אדונים:
אף האַלבע וועגן און צו האַלבע טאטן מיט האַלבע
מיטלען ציטערדיק צו שטרעבן“.

גרילפארצער.

Die Arbeit Hoch!

זאָל לעבן די אַרבעט!

אַ טרוקענער שעדלעכער ווינט בלאָזט איבער דער אידישער גאַס. צו דעם אויסנווייניקסטן חורבן, צו דער שרעקלעכער טעגלעכער נויט מיט אירע יסורים אָן א סוף און אָן אַ תכלית איז צוגעקומען דער אינעווייניקסטער חורבן, די שרעקלעכע האָפנונגסלאָזיקייט, דאָס נאַקעטע לעבן אָן אידעאלן, וואָס וויל אויך קיין סוף ניט נעמען. אומעטום הערט מען קרעכצן און קלאָגן, לידער פון מידקייט און פון יאוש, און אָפטמאָל רייסט זיך פון פאַרמאַטערטן הארצן ארויס נאָך ערגערס — אַ געלעכטער איבער זיך אליין. אלטע געטער ווערן אַרונטערגעריסן פון זייער כסא הכבוד, אָבער קיין נייע ווערן ניט באַשאַפן, דאָס האַרץ איז צו שלאַף געוואָרן, עס זוכט זיך ארויס נאָך עלטערע געטער און בוקט זין צו זיי. און אין מיטן פון דער דאָזיקער געדריקטער שטימונג, פון דער דאָזיקער פאָליטישער טויטן=אטמאָספער לאָזן זיך הערן די תקיפע קולות פון אונזערע פרומע און ניט=פרומע באלעבאטימלעך, וואָס ווילן בכלל ניט וויסן פון אידעאלן, פון שטרעבן צו ליכט און צו פרייהייט, וואָס לעבן פון טאָג צו טאָג אין די פארזשאווערטע אלטפרייענקישע מנהגים, אין דער אמונה פון טאַטע=מאמע, אין שנאה און קנאה צום פראָלעטאַריאט און זיין העלדישן קאַמף.

אין אַזאַ שעת חירום איז כדאי אונטערצופירן א קורצן סך הכל צו דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, צו די נצחונות פון אונזער געזעלשאַפטלעכער אנטוויקלונג, צו די קנינים און דערגרייכונגען פונם אידישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז געווען און געבליבן דער אַוואַנגאַרד פון ליידנדיקן און קעמפנדיקן אידישן פאָלק. זאָל די רייכע פאַרגאַנגנהייט אונז ווייזן דעם אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון נאַציאָנאַלער שאַפונגס־קראַפט, וועלכן מיר האָבן אינם אידישן אַרבעטער און זיינע סאָציאלע אידעאַלן, זאָל די נאָענטסטע פאַרגאַנגנהייט אונז עדות זאָגן אַף דער נאָענטער צוקונפט.

## א.

## דער אידישער פּראָלעטאַריאַט און דער אידישער ליבעראַליזם אין רוסלאַנד.

וואָס האָט דער אידישער ארבעטער געגעבן דעם אידישן ליבעראל? זעלבשטענדיקער און סיסטעמאַטישער ווי אַמאָל, מיט מער נאַציאָנאַלער יווערדע און א ברייטערן פּאָליטישן קוק פירן איצט אונזערע בורזשואזע קלאסן אין רוסלאַנד זייער ליבעראַלע פּאָליטיק, זייער קאַמף פאַר גלייכבארעכטיקונג. די אלטע שתדלנות־פּאָליטיק, וועלכע פלעגט דערוואַרטן די גאולה פאַר אידן פון דעם אָדער יענעם ביוראָקראַט, פון די חסדים פון גוטע מלכים, האָט אינגאַנצן באַנקראָטירט, און עס איז שוין געוואָרן אַ בורזשואזער אני מאמין, אז קעמפן פאַר דער אידישער גלייכבאַרעכטיקונג באטייט קעמפן קעגן דער גאַנצער ביוראָקראַטישער סיסטעם און ניט זיך משתדל זיין פארן אָפּשאַפן די אָדער יענע גזירה, דעם אָדער יענעם מיניסטאָרישן צירקולאַר. אזוי אויסגעהאַלטן, אזוי סיסטעמאטיש זיינען אָבער אונזערע בירגערלעכע כלל־טוער און פּאָליטיקער געוואָרן ערשט אין דער לעצטער צייט, נאָך א לאַנגזאַמען דערציאונגס־פּראָצעס, וואָס אין אים האָט דער אידישער פּראָלעטאריאט געשפּילט א גרויסע ראלע.

פאַרן ארויסטריט פונם אידישן פּראָלעטאַריאַט אַף דער היסטאָרישער אַרענע איז דער אידישער ליבעראַליזם בכלל קיין פּאָליטישער ניט געווען און האָט בשום אופן ניט געוואָלט פאַרשטיין דעם ענגן צוזאמענבונד, די נאָענטע שייכות, דעם פעסטן באַהעפט פון דער רוסישער

געזעצגעבונג וועגן אידן, אָדער ריכטיקער קעגן אידן, מיט דער ביוראָ־קראַטישער צאַרישער זעלבסטהערשונג אין רוסלאַנד. די געשוואָרענע מליצים פון אידישן ליבעראַליזם, די געלערנטע יוריסטן, פלעגן זיך קליגן ארויסצוגעפינען די מאָטיוון, די ריין סוביעקטיווע טעמים פון די ביוראָ־קראַטן, בעת זיי פלעגן ארויסגעבן גזירות אף אידן, און אין דער שאַ־פונג פון דער דאָזיקער מאָטיוון־ליטעראַטור, אין דעם שטענ־דיקן אופוויזן פון די סתירות, אין וועלכע די רעגירונג פלעגט אריינפאלן מיט אירע תירוצים (מער ווי תירוצים זיינען דאָך די ביוראָקראַטישע טעמים ניט געווען), אין דעם פלפולדיקן פאַפיר־קאַמף פון אַט די געלערנטע יוריסטן און אין זייער שתדלנות פון צייט צו צייט בא א קרוב למלכות איז באשטאנען די גאַנצע ליבעראַלע „פּאָליטיק“ פון אונ־זער בורזשואַזיע.

דריי תקופות אָדער סיסטעמעס קענען מיר אָנצייכענען אין דער דאָזיקער ליבעראַלער „פּאָליטיק“.

אין די ערשטע בליענדיקע יאָרן פון „משכילישן אופקלערערישן“ ליבעראַליזם האָט מען די סיבה פון אלע אידישע צרות געזען אין דעם נידעריקן קולטור־צושטאנד פון דער אידישער מאַסע, אין אירע באזונ־דערע אידישע מנהגים, וועלכע שיידן זי אָפּ ווי מיט א כינעזישער וואנט פון דער ארומיקער באפעלקערונג. מיר אידן האָבן כשר פארדינט אָט די משונהדיקע באגרענעצונגען און גזירות, האָבן געטענהט די משכילישע ליבעראַלן, וואָרים מיר גרענעצן זיך אליין אָפּ פון דער אַרומיקער קול־טור דורך אונזערע ווילדע מנהגים, אונזער עם־הארצות אין וועלטלעכע וויסנשאפטן און דורך אונזער אומפארשטענדלעכן אתה־בחרתנו־געפיל. דער קולטור־קאַמף קעגן די אידישע טראַדיציעס און די ענערגישע פאַרשפּרייטונג פון „בילדונג“ זיינען דעריבער געוואָרן די פּאָליטישע לאָזונגען פון אונזערע ליבעראַלן, וועלכע האָבן געפונען, מיר מוזן עס מודה זיין, א פרוכטבארן באָדן אין דער אידישער ביר־גערלעכער מאַסע און האָבן אויך געהאַט א חשובן אויסנווייניקסטן דער־פאָלג. די סיבה דערפון איז אָבער געלעגן ניט אין די „בילדונגס־לאָזונ־גען“ פון אונזערע פּאָליטיזירנדיקע משכילים אָדער משכיליזירנדיקע פּאָ־ליטיקער, נאָר אין דער אלגעמיינער ליבעראַלער פּאָליטיק פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס רעגירונג, וועלכע האָט געמוזט געבן נייע

פרייהייטן און רעכט דער גאַנצער רוסישער באַפעלקערונג און האָט
דעריבער אויך אונז אידן געמאַכט עטלעכע פאַר יענער צייט זייער וויכ=
טיקע הנחות.

ראַדיקאל זיינען אָבער די הנחות פון אָט דעם פּאָליטישן פעריאָד
ניט געווען, די אלגעמיינע רעכטלעכע לאגע פון דער אידישער באַפעל=
קערונג איז געבליבן די אייגענע, וואָס פריער, און די משכיליש=ליבעראלע
באַוועגונג האָט זיך דעריבער באַלד אָנגעשטויסן אַף אזוינע שטערונגען,
וואָס האָבן שוין ניט געשטאַמט פון אונזער נידעריקן קולטור=צושטאַנד,
נאָר האָבן משמעות געהאט טיפע וואָרצלען אינם אַרומיקן לעבן. די
פּאָליטיק פון אונזערע ליבעראלן האָט געמוזט אָנווערן איר פשטות, צו
דער „אינעווייניקסטער“ טעטיקייט מיט אירע בילדונגס=לאָזונגען האָט גע=
מוזט צוקומען אויך אַן „אויסנווייניקסטע“ טעטיקייט — די השפעה, די
ווירקונג אף דער אַרומיקער ניט=אידישער באַפעלקערונג. די שלעכטע
געזעצגעבונג וועגן אידן, האָבן איצט געטענהט אונזערע ליבעראַלן, איז
כשגגה שיצאה מלפני המושל, א טעות, וואָס שטאַמט פונם האַר, די
רעגירונג און די ניט=אידישע באַפעלקערונג ווייסן צו ווייניק פון אידן און
האָבן וועגן אונז א שלעכטע מיינונג.

„די אויסנווייניקסטע“ ארבעט, דער קאַמף קעגן דער דאָזיקער
„שלעכטער מיינונג“ איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן דער עיקר=אינהאַלט
פון דער ליבעראלער פּראָגראַם, און עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ ליבע=
ראלע „פארטיידיקונגס=ליטעראטור“, וואו מען פלעגט אונזערע
מעלות ארייַנהויבן אין הימל און אונזערע חסרונות אָפּשוואַכן, ווי ווייט עס
איז נאָר מעגלעך געווען.

לאַנג האָט אָבער דער דאָזיקער „אַפּאָלאָגעטישער, סניגורישער“
ליבעראליזם ניט געקאָנט שיינען איבערן אידישן פּאָליטישן הימל. וואָרים
אין די צייטן פון אלעקסאַנדער דעם דריטן און
ניקאָלאַי דעם צווייטן איז שוין גרינג געווען איינצוזען, אַז
די רעגירונג שיט ניט „על פי טעות“ די פאַרשיידנסטע גזירות אף אידן
אין דער פאָרמע פון אלערליי „פּראַווילעס“ (תקנות קעגן אידן)
און מיניסטאָרישע פאַראָרדענונגען מכל המינים, ניט דורכלאָזנדיק אפילו
אינסטרוקציעס וועגן אָרגאַניזירן פּאָגראָמען. ניט קוקנדיק אָבער אַף די
„למודים פון דער היסטאָריע“ האָבן זיך די אידישע ליבעראלן ניט גע=

קענט אָפּזאָגן פון א „פּערזענלעכער" דערקלערונג פון דער אידישער רעכטלאָזיקייט, און איגנאָטירעווס א שטימונג און העוויה האָט ניט אויפגע־הערט צו שפּילן אַ גרויסע ראָליע אין דער פּאָליטיק פון אונזער בורזשו־אַזיע. אין אָט דער דריטער תקופה איז שוין דער אידישער ליבעראַ־ליזם ניט געווען קיין ברייטע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, ער האָט דע־מאָלט אָנגעהויבן טראָגן א ריין „פּראַקטישן, רעאַליסטישן" כאַראַקטער און האָט זיך באַגנוגנט מיט א געהיימער, באַהאַלטענער שתדלנות־פּאָלי־טיק. ווען ניט ווען און וואו ניט וואו האָבן זיך נאָך געלאָזט הערן מאַטע פארעלטערטע קולות פון דער גלאנץ־תקופה פון דער אידישער ליבעראַלער „פּאָליטיק" אָבער קיין שטאַרקן אָפּקלאַנג פלעגן זיי ניט געפינען אין דער אידישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט אָנגעהויבן וואָס ווייטער, דאָס מער זיך צוצוהערן צו דער שטימע פון אידישן פּראָלעטאַריאַט.

ניט די איינצלנע ביוראָקראַטן, נאָר די ביוראָקראַטיע, ניט דער איינצלנער מאָנאַרך, נאָר די זעלבסטהערשנדיקע מאָנאַרכיע איז דער מקור פון דער אידישער רעכטלאָזיקייט — דאָס איז געווען דער נייער לאָזונג, וואָס מיט אים איז דער אידישער אַרבעטער אַרויסגע־טראָטן אַף דער פּאָליטישער אַרענע פון דער אידישער ווירקלעכקייט און האָט דער ערשטער, אַלס אַוואַנגאַרד פון אידישן פאָלק, אָנגעהויבן דעם קאַמף קעגן דער גאַנצער ביוראָקראַטישער סיסטעם. מיט זיין זעלבשטענ־דיקער און אויסגעהאַלטענער פּאָליטיק איז ער געוואָרן דער לערער פון אונזער ליבעראַלער בורזשואַזיע; אין אַלע אירע פּאַרטיי־בילדונגען און פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען פילט זיך די השפּעה פון אידישן אַרבע־טער, וועלכער האָט אָנגעצייכנט פאַר איר א ברייטן פּאָליטישן וועג. און דעם דאָזיקן וועג זיינען אונזערע ליבעראַלן נאָך ניט דערגאַנגען ביז צום סוף. פאַמעלעך, מדרגא לדרגא האָבן זיי זיך געלערנט אויסנוצן פאַר דער אידישער גלייכבאַרעכטיקונג די דעמאָקראַטישע לאָזונגען פון אידישן פּראָלעטאַריאַט, און לאַנגזאַם, אָבער מיט אייזערנער נויטווענדיקייט וועלן זיי זיך מוזן צוגעוואוינען, אויסצונוצן צוליב דעם אייגענעם צוועק זיין סאָציאַליסטישע פּאָליטיק. דאָס וועט דעמאָלט געשען, ווען עס וועלן זיך בולטער אַרויסווייזן די היפּוכים און סתירות אין דער מאָ־דערנער ליבעראַלער דעמאָקראַטיע, ווען זי וועט ניט קענען מקיים

זיין אירע הבטחות בנוגע צו אידן, ווען די אנטוויקלונג אין רוסלאַנד וועט אָננעמען דעם אייגענעם כאַראַקטער, ווי דער „פּראָגרעס" אין מערב־אייראָפּע, וואו עס מערן זיך פון טאָג צו טאָג די אידישע ליבעראלן, וואָס פאָדערן פון א ריין אידישן שטאַנדפונקט א סאָציאַליסטישע פּאָליטיק, וואָרים ניט אף „האַלבע וועגן און מיט האַלבע מיטלען" שטרעבט מען צו פאַרענטפערן היסטאָרישע פראַגן...

ב.

## דער אידישער פּראָלעטאַריאַט און דער ציוניזם.

אַ ראדיקאַלער געדאַנק און א גרויס דערמאָנען זיך אַף זיך אליין, אַ בייגקשאַפט צו דער אַמאָליקער און גלאַנץ־שיינענדיקער פארגאנגענהייט און אַ געניאַלע האָפענונג אף אַ זעלבשטענדיקער ליכטיקער צוקונפט איז געלעגן ווי א קערנדל אפילו אין בירגערלעכן ציוניזם. עס וועט אָבער בלייבן דאָס אייביקע פאַרדינסט, דער גרויסער שבח פון אידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס ער האָט דאָס קערנדל באַפרייט פון דער טראַדיציאָנעלער שאָלעכץ און האָט קעגן דער נאַציאָנאַלער מסורה געקעמפט מיט דער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע. ניט דאָס אַלטע נאָר דאָס נייע, ניט קליינבירגערלעכע עסטעטיקע, נאָר סאָציאַלע עטיקע דאַרף זיין דער עיקר אין דער אידישער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, ניט די פרומע תשובה פון אַ משכילישן זינדיקן דאַרף זיין די נאַציאָנאַלע גאולה, נאָר דער ניט־פרומער לעבנס־דאָרשט פון דעם גלות־צעשטערער. שטענדיק האָט דער אידישער ארבעטער אונטערגעשטריכלט דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַלן אינהאַלט פון אונזער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און האָט געפירט א ביטערן קאַמף קעגן דער געפילס־שיכרות און דעם פוין־נאַציאָנאַליזם פונם באַלעבאַטישן ציוניזם.

פרי, גאָר פרי לאָזן זיך אָנמערקן די סאָציאַלע טענדענצן און שטרעמונגען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. דער רוח הקודש פון סאָציאַליזם האָט שוין געשוועבט איבער די פיאָנערן פון בילו און פון עם עולם, וועלכע האָבן אַוועקגעוואָרפן זייער בורזשואזן פּריוואַט־לעבן און האָבן געשטרעבט אויסצובויען דאָס פּאַראַזיטישע אידישע גלות־לעבן אף א נייעם פּראָדוקטיוון יסוד, אַף דער ערד־ארבעט. די

פיאָנערן פון בילו האָבן געפּרואווט זייער אידעאַל פאַרבינדן מיט דער אידישער טראַדיציע און האָבן אויסגעקליבן ארץ ישראל, די פּיאָנערן פון עם עולם האָבן פאַרבונדן זייער נײַ אידעאַל מיט אַ נײַ לאַנד און האָבן אויסגעקליבן אַמעריקע. אַזוי איז די קעגנערשאַפט צווישן ציוניזם און טעריטאָריאַליזם שוין געשטאַנען בײַ דער וויג פון אונזער נאַציאָנאַ־לער באַוועגונג. אָבער די סאָציאַלע מאָמענטן זײַנען דעמאָלט נאָך גלײַך געווען פאַרטיילט אויף בײדע ריכטונגען.

אין משך פון אַ לאַנגער אַנטוויקלונג איז דאָס אָבער אַנדערש געוואָרן. וואָס ווײַטער האָט זיך דער סאָציאַלער מאָמענט אַלץ פעסטער צונויפגעבונדן מיט דער טעריטאָריאַליסטישער שטרעמונג און איטלעכס מאָל, ווען עס פלעגט זיך פונאַנדערפלאַקערן אַ מלחמה צווישן ציוניזם און טעריטאָריאַליזם, האָבן די אינטערעסן פון די ברייטע מאַסן און זייערע סאָציאַלע אידעאַלן געפאָדערט דעם נצחון פון דער טעריטאָרי־אַליסטישער שטרעמונג. שוין אין דער בירגערלעכער ציוניסטישער באַ־וועגונג האָבן אַזעלכע ראַדיקאַלע גײַסטער ווי לעאָן פּינסקער און הערצל ניט געקאָנט אַרײַנשפּאַרן זייערע ברייטע און טיפע סאָציאַלע אַנשויאונגען אין די ענגע ראַמען פון דער ארץ־ישראל־טראַ־דיציע און זײַנען אין זייערע שפּעטערישע מאָמענטן געווען איבערצײַגטע טעריטאָריאַליסטן; נאָר אין צײַטן פון גײַסטיקער שוואַכקייט און צוליב פּאָליטישע פּשרות האָבן זיי געמאַכט הנחות דער חובבי־ציונישער פּאַלעסטינישער שטרעמונג און האָבן דערמיט אָפּגעשטעלט די פאַרווירק־לעכונג פון זייערע רעוואָלוציאָנערע נאַציאָנאַלע אידעאַלן.

אַ פּרינציפּיעלן קאַמף קעגן חיבת ציון האָט אָבער אָנ־געהויבן פירן ערשט דער אידישער אַרבעטער און האָט דערמיט געלייגט דעם גרונטשטיין צו דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג. שוין אין די ערשטע אָרגאַניזאַציעס, וואָס דער אידישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיי באַ־שאַפן, אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אין זיין ערשטער אַגיטאַציע, האָט „ארץ ישראל“ כמעט גאָר קיין ראָליע ניט געשפּילט. אין הסכם מיט זיין אַלגעמיינער מאַטעריאַליסטישער וועלט־אָנשויאונג האָט דער אי־דישער אַרבעטער אויך אין ציוניזם געזען נאָר די״ם סאָציאַלן „מאַטע־ריעלן“ תוך, די ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע אויפלעבונג פון דער אי־דישער נאַציע און האָט אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּן אינטערעס צו די אחד־

העמישע, חובב=ציונישע רעיונות וועגן דער „היסטאָרישער צוגעבונדנקייט פון אידישן פאָלק צו ארץ ישראל“. דער אידישער אַרבעטער איז דערי= בער גייסטיק געווען שוין צוגעגרייט, .בעת הערצל האָט אַפן זעקסטן קאָנגרעס מיט זיין אוגאנדא=פּראָיעקט אָנגעהויבן זיין לעצטן קאַמף קעגן דעם „אויסגעפּאָרענעם וועג פון די טראַדיציעס, קעגן די נאַציאָנאַלע שפּילגעצייג פון די פּאַלעסטינצעס“ (פון הערצלס רעדע צו די אתאַנ= דיסטן=יאָ=זאָגערס אַפן זעקסטן קאָנגרעס).

און פאַרטיידיקנדיק קעגן די ציוניסטן די גייסטיקע ירושה פון זיי= ערע גרעסטע פירער, פון פינסקער און פון הערצל, האָבן דערנאָך די ציוניסטיש=סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אַפן זיבעטן קאָנגרעס אופגעהויבן זייער שטימע פאַרן פּרינציפּיעלן טעריטאָריאַליזם, פאַר דעם סאָציאַלן אינהאַלט פון אונזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג און האָבן געקעמפט אין נאָמען פון די ברייטע אידישע פאָלקסמאַסן קעגן די סעק= טאַנטישע געלוסטן פון די באַלעבאַטישע ציוניסטן.

די מאַטעריאַליסטישע שטרעמונג האָט זיך דעמאָלט אויסגעטיילט פון ציוניזם און מיט דעם האָט זיך אויך אָפּגעטאָן דער סאָציאַלער רוח הקודש פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אַנשטאָט דעם הערצלישן חבת העם, אַנשטאָט דער ליבע צום פאָלק, איז דער מיטלפּונקט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג געוואָרן חיבת ציון, די ליבע צו ציון, און מיט אייזערנער נויטווענדיקייט האָבן זיך דעריבער געמוזט איבערבייטן די צילן און די אַרבעטסמעטאָדעס פון די אַלגעמיינע בירגערלעכע ציוניסטן, וועלכע זיינען וואָס ווייטער, אַלץ מער ראוי געוואָרן צו פאַרנעמען אין אידישן לעבן אַ גלייכן אָרט מיט די מיטגלידער פון די אַמאָליקע חובב= ציונישע קאָמיטעטן. *) פּאַלעסטינע האָט דורך אירע נאַטירלעכע און סאָציאַלע פאַרהעלטנישן ניט געקענט באַפרידיקן די גרויסע האָפענונגען, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט געלייגט אַף דער ציוניסטישער באַווע= גונג, און דאָס איינשפּאַרן זיך אַף דעם דאָזיקן לאַנד האָט געמוזט ברינ= גען דערצו, אַז די ציוניסטן זאָלן זיך אָפּזאָגן פון אַלע ברייטע סאָציאַלע

*) די געשיכטע פון די לעצטע יאָרן באַשטעטיקט דאָס אַף יעדן טריט: אוסישקין איז געוואָרן דער רוח-הפועל איןביידע באַוועגונגען: דער ציוניסטישער און חובבי=ציוניס= טישער.

אידעאַלן, מיט וועלכע זיי זיינען אַרויסגעטראָטן פאַר די אידישע מאַסן אין אָנהויב פון דער באַוועגונג.

קודם כל זיינען די ציוניסטן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם רעוואָלו־ציאָנערן אידעאַל פון קיבוץ־גליות, קעגן דער גרויסער נאַציאָנאַ־לער אויפגאַבע פון צענויפקלייבן די „צעזייטע און צעשפּרייטע“ (זע טשלענאָוום רעדע אַפן זיבעטן קאָנגרעס). דער דאָזיקער היסטאָרישער אָפּזאָג פון די בירגערלעכע ציוניסטן וועט אין די יאָרביכער פון דער אידישער געשיכטע פאַרעכנט ווערן אין איין ריי מיט דעם פאַרראַט פון שבתאי צבי און פון די פראַנקיסטן, וואָרים אין זיי אַלעמען האָט גע־פונען זיין בולטן אויסדרוק דער שוואַכער גייסט פונם גלות־איד, וועלכן שלום אש האָט אונז אַזוי דראַמאַטיש געשילדערט אין די לעצטע קאַ־פיטלען פון זיין נאַציאָנאַלער טראַגעדיע „שבתאי צבי“.

דערנאָך האָבן זיך די בירגערלעכע ציוניסטן בכלל אָנגעהויבן מיאש צו זיין אין דער מעגלעכקייט פון אַ ברייטער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע אין פאַלעסטינע און האָבן אָנגעהויבן אַגיטירן פאַר „אינדו־סטריעלע“ קאָלאָניזאַציע און פאַר „קולטור־אַרבעט“ (זע די אַרבעטס־פּראָגראַם, וואָס די ציוניסטן האָבן אויסגעאַרבעט פאַר דער ניי־געגרינ־דעטער בערלינער געזעלשאַפט „אַאיק“א). און ווען די ציוניסטן ריידן איצט נאָך וועגן קאָלאָניזירן פאַלעסטינע דורך ערד־אַרבעט, מיינען זיי דערמיט נאָר דאָס באַזעצן אַ געוויסע צאָל פּאַרמעגלעכע באַ־לעבאַטישע עלעמענטן, וועלכע קענען האָפן אויף אַ געוויסן קרע־דיט פונם פּראָיעקטירטן ציוניסטישן „אַגראַר־באַנק“.

אין דער לעצטער צייט האָט מען ווידער אָנגעהויבן ריידן וועגן שלום צווישן די צוויי פיינטלעכע שטרעמונגען אין ציוניזם. גורם האָט געווען דערצו פון איין זייט די טערקישע רעוואָלוציע, פון וועלכער מען האָט אין ציוניסטישן לאַגער דערוואַרט הנחות אויך פאַר דער איינ־וואַנדערונג פון אידן קיין ארץ־ישראל (אַז די דאָזיקע האָפנונגען האָבן גאָר קיין יסוד ניט געהאַט אין לעבן באַווייזן די „שמועות רעות“, וואָס ווערן געבראַכט אפילו אין דער ציוניסטישער פּרעסע און וואָס מערן זיך פון טאָג צו טאָג), און פון דער אַנדער זייט מעסאָפּאָטאַמיע, דער גרוי־סער שטח ניט־באַזעצטע לאַנד, אויף וועלכן עס האָט איצט אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט די טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, ווי אויף איינעם פון די

לענדער, וואָס זיינען צוגעפּאַסט צו דער פאַרווירקלעכונג פון די טעריטאָ־ריאַליסטישע צילן. פון דער נאָענטקייט פון מעסאָפּאָטאַמיען צו ארץ־ישראל האָט מען אָפן גמרא־שטייגער געמאכט אַן אויספיר וועגן דער נאָענטקייט פון די ציוניסטישע און טעריטאָריאַליסטישע באַוועגונגען, פון אַ ריין־פאָרמעלער סמיכות־הפרשות איז מען געקומען צו דער סברא, אַז ציוניזם און טעריטאָריאַליזם זיינען היינו הך, אַז זיי זיינען אײן באַ־וועגונג און פאַרבונדן אין תוך אַריין. די געשיכטע פון די דאָזיקע באַוועגונגען באַווייזט אָבער גראָד דעם היפוך דערפון. צווײ אין יסוד פאַרשיידענע נשמות לעבן אין די דאָזיקע באַוועגונגען און צו צווײ באַזונדערע צילן שטרעבן זיי: די ציוניסטישע באַוועגונג שטרעבט צו פאַרענטפערן די „נויט פונם אידנטום“ (צרת היהדות), זי זוכט צו פאַרווירקלעכן די נאַציאָנאַלע קולטור־אידעאַלן פונם אידישן משכילישן באַלעבאָס; די טעריטאָריאַליסטישע באַוועגונג זוכט צו פאַרענטפערן די „נויט פון די אידן“ (צרת היהודים), זי זוכט צו פאַרטיידיקן די אינ־טערעסן פון אידישן פאָלק, און דער העכסטער ריכטער אין דער וויטערדיקער אַנטוויקלונג פון אונזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג וועלן אויך איצט זיין די לעבנס־אינטערעסן פון די ברייטע פאָלקסמאַסן און פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט און ניט די סענטימענטאַלע רייד פון די פשרה־לייט, וועלכע האָבן פון מידקייט אָנגעהויבן זוכן אין ארץ ישראל עסטעטישע נחמות, אַ מין ערי מקלט פאַר זייערע באַנקראָטירטע נשמות... דער אידישער אַרבעטער, וועלכער האָט געשאַפן די טערי־טאָריאַליסטישע באַוועגונג, וועט ניט פאַרגעסן די רעוואָלוציאָנערע אַוואַנ־גאַרד־ראָליע, וועלכע ער האָט ביז איצט געשפּילט אין אידישן לעבן און וועט פון גאַנצן האַרצן איבערלאָזן פאַר די אידישע בעלי־בתים צו שטרעבן אַף „האַלבע וועגן און מיט האַלבע מיטלען“ צו דער פאַרענט־פערונג פון היסטאָרישע פראַגן.

ג.

## דער אידישער פּראָלעטאַריאַט און די אידישע קולטור.

ניט וועגן דער קולטור פון אידישן פאָלק בכלל וועל איך דאָ ריידן, נאָר פון דער קולטור אין דער אידישער שפּראַך.

ס'איז אַ נייער, נאָר וואָס אויפגעקומענער באַגריף, אָט די דאָזיקע

אידישע עולמשע קולטור, א דערשיינונג, אַף וועלכער מען קוקט פון איין זייט מיט האָפענונג און אינערלעכער ציטערניש, און אַף דער אַנדער זייט מיט א געלעכטער און פאראַכטונג. א נאַציאָנאַלע, ה י י ל י ק ע קולטור, צו וועלכער מען פלעגט זיך ווענדן אין א שבת אָדער א יום־טוב, האָבן אידן שטענדיק געהאַט, אָבער א פ אָ ל ק ס ־ ק ו ל ט ו ר, א באַדער־פעניש פון דער גאנצער ו ו אָ ך, הויבן אָן אידן שאַפן ערשט אין דער לעצטער צייט און אין דער אידישער פאָלקס־שפּראַך. אמת, געפּרואווט האָבן שאַפן אַ פאָלקס־קולטור אויך אין דער העברעאישער שפּראַך אונ־זערע משכילים, וועלכע האָבן זיך געפּלייסט אַרונטערצונעמען פון דער שפּראַך פון אונזערע נביאים די הייליקייט פון דער טראַדיציע און איר צוגעבן די הייליקייט פון לעבן. עס האָט זיך זיי אָבער ניט איינגעגעבן. די העברעאישע שפּראַך איז ניט אַריינגעדרונגען אין פאָלק און נאָך ביז היינטיקן טאָג איז די וועלטלעכע העברעאישע קולטור געבליבן אַ פאַר־זיגלטער ספר פאַר דער פאָלקס־נשמה. עס איז איר ניט באַשערט געווען צו פאַרנעמען דעם אָרט פון דער „הייליקער שפּראַך“, וועלכע איז פאַר־בליבן פאַר די הייליקע מאָמענטן פון אידישן פאָלקס־לעבן . . .

איינצלנע קעמפּפער פאַר דער יונגער פאָלקס־קולטור אין דער אי־דישער שפּראַך זיינען אופגעשטאַנען אויך צווישן אונזערע באַלעבאַטישע קליינבירגערלעכע פאָלקס־שיכטן, אין דער ערשטער ריי זיינען דאָס גע־ווען אונזערע אידישע שרייבער און פּאָעטן, אָבער קיין ווידער־קול האָבן זיי ב אַ ז י י ע ר קלאַס ניט געפונען, ניט דעם נויטיקן ע ר נ ס ט און ניט די נויטיקע התלהבות; געלאַכט האָט דאָס פאָלק מיט זיי צו־זאַמען (שלום עליכם איז פּאָפּולער) אָבער ניט געוויינט, ניט געליטן צוזאַמען, ניט אונטערגעהאַלטן זייער א י י נ ז א מ ע ן שטרעבן צו אַ נייער פאָלקס־קולטור. אַ קולטור־א י ד ע א ל און אַ קולטור־ב א ו ו ע ג ו נ ג איז די אידישע שפּראַך ערשט געוואָרן באַם אידישן פ ר אָ ל ע ט א ר י א ט. דער אידישער קליינבירגער מיט זיין אָריגינעלן אידישן לעבן איז געווען דער ב אָ ד ן, וואָס אין אים האָט אונזער פאָלקס־קולטור געמוזט פאַרטיפן אירע וואָרצלען, דער אידישער אַרבעטער אָבער איז געווען איר פירנדיקער שטערן, די זון פון האָפענונג, צו וועלכער זי האָט געשטרעבט מיט אירע צווייגן.

ווען אָבער די אידישע אַרבעט אויך אַמאָל ווערן דער ב אָ ד ן

פון אונזער פאָלקס־קולטור? דאָס איז איר לעבנס־פראַגע, דאָס איז איר אַנטוויקלונגס־פּראָבלעם. נאָר לײכטזיניקע קענען צופרידן זײן מיט דעם מאָדערנעם קולטור־נאַציאָנאַליזם פון דער אידישער גאַס, װעלכער האָט דעם װאַקלדיקן באָדן פון אונזער קלײנבירגערלעכער מאַסע אָנ־גענומען בטעות פאַר אַ פעסטן פונדאַמענט פון אַ נײער קולטור... קלײנבירגערלעך און סענטימענטאַל איז דערײבער אונזער קולטור־נאַציאָ־נאַליזם, ניט צו נײע מענטשן און צו נײע װערטן שטרעבט ער, אים פעלט דער פײער פון דער קריטיק, ער האָט מורא פאָדערונגען צו שטעלן צום לעבן, צו דער צוקונפט... ער פרײט זיך נאָך דערװײלע מיט דעם, װאָס ער האָט געפונען און רוט... די באַפרײאונג פון דער דאָזיקער קלײנבירגערלעכער רו איז די צוקונפט־שליחות פונם אידישן אַרבעטער.

### ד.

## דער אידישער פּראָלעטאַריאַט און די אידישע עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע.

דאָ זײנען מיר ערשט באַם אָנהײב, ס'איז נאָך פרי צו שרײבן געשיכטע. פונדעסטוועגן זײנען שוין איצט פאַראַן אַ סך סימנים, װאָס זאָגן אונז קלאָר, אַז דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט װעט באַשערט זײן אַרויסצופירן די אַרבעט אַפן פעלד פון דער אידישער עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע פונם פילאַנטראָפּישן זומפּ, אין װעלכן זי איז געזעסן פאַר־זונקען ביז אַהער, און איר צוגעבן אַ ברײטן נאַציאָנאַלן פאָלקס־כאַראַקטער מיט װײטע היסטאָרישע צילן.

מיר זײנען ערשט באַם אָנהײב פונם נײעם װעג. די אַװאַנגאַרד־ראָליע פון אידישן אַרבעטער איז נאָך ניט אויסגעשפּילט און אויפן ברײטן פעלד פון דער אידישער עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע װעט דעם אידישן אַרבעטער נאָך ניט אײנמאָל אויסקומען צו זאָגן זײן רעװאָלוציאָנעריש־סאָציאַליסטיש װאָרט.

„יודישעס פרײלאַנד“ װין, יאַנואַר 1910.

# אידישע ערד־אַרבעט און אידישע געזעלשאַפטלעכקייט.

אין שייכות מיטן באַנייען די „אינעווייניקסטע קאָלאָניזאַציע“ פון אידן אין ראַטן־רוסלאַנד.

פּראָפעסיאָנעלע רגילות, טעכנישע און עקאָנאָמישע טראַדיציעס שפּילן אַ גרויסע ראָליע אין דער געזעלשאַפט, און נאָר על פּי נויט, נאָך גרויס מי און מאַטערניש וואַרפט דער מענטש אַוועק זיין פּרנסה און נעמט זיך צו אַ נייעם קוואַל פון חיונה. אפילו נאָך דער וועלט־קאַטאַסטראָפע פון 1914, נאָך אַלע רעוואָלוציעס, בירגער־מלחמות און סאָציאַלע איבערקערענישן, וואָס זי האָט אַרויסגערופן, האָבן זיך די פּראָ־פעסיעס נאָר זייער פאַמעלעך געביטן. אַ מענטש איז גיכער קאַפּאַבל ריזיקירן מיטן לעבן, ווי למשל, אַ סוחר אין ראַטן־רוסלאַנד, אַבי נאָר פאַרבלייבן בא זיין טראַדיציאָנעלן אַרבעטס־שטייגער. אָבער פונדעסט־וועגן מוזן מיר מודה זיין, אז אין אַ געוויסער מאָס און אין געוויסע ווינקלען פון אונזער עקאָנאָמישן לעבן קומט דאָך פאָר אַן איבערבייט, ס'איז כדאי זיך אָפּ דעם אָפּצושטעלן. אָט, למשל, דווקא אין די לעצטע מהומה־יאָרן האָט זיך צווישן אונז אידן דערוועקט אַ שטאַרקער אינטע־רעס צו ערדאַרבעט. אין די גרעסערע שטעט האָט זיך אָנגע־הויבן פאַרשפּרייטן אידישע גרינס־גערטנעריי, אַרום די קלענערע שטעט־לעך האָט מען אָנגעהויבן אויפבויען איבעראַניים די אידישע לאַנדווירט־שאַפט, וואָס די מלחמה האָט זי חרוב געמאַכט, און אפילו נייע אידישע מאַסן האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דער נייער פּרנסה. עטלעכע צענדליק אידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרטעלן האָבן אַנטוויקלט אַרום ווילנע און מינסק אַ שטאַרקע טעטיקייט. אין דער אוקראַינע

אין קיעוו, פאסטאָוו און אדעס האָט מען זיך ערנסט פאַרנומען מיט גרינס=גערטנעריי און ברייטער לאַנדווירטשאפט. די דאָזיקע באוועגונג צו דער „מוטער=ערד" האלט אין וואַקסן און אירע סימנים באווייזן זיך איצט אומעטום, וואו ס'איז נאָר פאַראַן א גרע=סערער אידישער קיבוץ. און הגם די קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע האָט זיך שוין א צען=צוועלף יאָר אָפגעשטעלט, איז בא מיר קיין ספק ניט, אז פון דער נייער עמיגראַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן מזרח=איראָפּעאישע אידן, וועלן זיך אויסטיילן עלעמענטן, וואָס וועלן זיך דורכלייגן א וועג צו דער ערד אין אַרגענטינע און דאָ וועט זיך אָנ=הויבן אַ נייע תקופה פון קאָלאָניזאַציע.

אַ יושר גדול וואָלט דעריבער געווען, אז די אידישע געזעלשאַפט זאָל זיך אָפּשטעלן מיט דער געהעריקער אויפמערקזאַמקייט אף דער דאָזיקער דער=שיינונג און צוגיין צו דער זאַך מיט א געוויסער היסטאָרישער בא=וואוסטזיניקייט. ס'וועט, גלויב איך, צוליב דעם צוועק, ניט זיין גאָר איבעריק צו געבן א קורצן היסטאָרישן איבערבליק אף דער איבעריק שייכות פון אידישער ערדארבעט צו אידישער געזעל=שאפטלעכקייט.

א.

דער געדאַנק וועגן ערד=אַרבעט צווישן אידן איז אויפגעקומען מיט אַן ערך 150 יאָר צוריק צוזאַמען מיט דער השכלה=באוועגונג צווישן מערב=איראָפּעאישע אידן און איז געווען איינער פון די עיקרים אין איר פּראָפּאַגאנדע, וואָס האָט געמיינט באשאפן א נייַ אידנטום אף היינט=וועלטיקע יסודות. פון משה מענדעלסאָנס צייטן אָן פלעגן זיך אלע משכילים איינשטעלן פארן רעיון פון אידישער ערדארבעט און האָבן, דערוף בויענדיק, באשאפן א נייע געזעלשאפטלעכע אידעאָלאָגיע מיט אַ סאָציאַל=עקאָנאָמישער פּראָגראַם, וואָס האָט געפאָדערט פאַר א טייל אידן דעם אריבערגאַנג פון שטאָט אין דאָרף און פון די שטאָטישע לופט=פּרנסות צו פּראָדוקטיווער לאַנד=ווירטשאַפטלעכער אַרבעט... איינער פון די ערשטע שעפער פון דער ערד־אַרבעט=אידעאָלאָגיע צווישן די רוסישע אידן איז געווען דער באוואוסטער משכיל יצחק בער לעווינסאָן (ריב"ל), דער קרעמעניצער פילאָזאָף, וואס האט אָנגעהויבן זיין פּראָפּאַ=

גאנדע נאָך אין די 20־קער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. דערנאָך, אין די 60־ער און 70־ער יאָרן, איז די ערד־ארבעט געוואָרן אַן עיקר־אני־מאמין בײַ די באַשעפער פון דער רוסיש־אידישער פּובּליציסטיק — אָסיפּ ראַבּינאָוויטש, לעוואַנדאַ, אָרשאַנסקי א. א. וו. סוף 70־ער יאָרן האָט זיך אָנגעהויבּן די פּראָפּאַגאַנדע פאַרן אידישן ערד־אַרבעט־פאָנד, וואָס האָט געלייגט, ווי באַוואוסט, דעם יסוד צו דער „חברה פאר מלאכה און ערדאַרבעט“ (אָרט). אויף אַזאַ מין אופן קענען מיר קוקן אויף דער דאָזיקער חברה, וואָס אַרבעט נאָך עד־היום צווישן אונז, ווי אויף אַ כשר קינד פון דער השכלה און פון דער אידעאָלאָגיע „אידישע ערד־אַרבעט“, וואָס איז דורך איר באַשאַפן געוואָרן.

אין דער הײַנטוועלטיקער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט האָט מען אונטער דער השפּעה פון ציוניזם זיך צוגעוואוינט קוקן אויף דער גאַנצער השכלה־תקופה מיט אַן איראָנישן שמייכל, און אויף אירע פּרינציפּן, ווי אויף פאַרבייאיקע שטאַנדפּונקטן. אָבער די ערד־אַרבעט אידעאָלאָגיע — איינער פון די עיקרים אין דער השכלה־פּראָגראַם — איז אַן איבעריקע אילוסטראַציע צו דעם אופן, ווי אַזוי די אידישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט דאָס גובר געווען די השכלה־אידייעס: מען האָט זיי פּשוט אַזוי שטאַרק אַסימילירט אין זיך, אַז זיי האָבּן אופגעהערט צו זיין שטרייט־פראַגן פון דער אידישער פּאָליטיק און פּובּליציסטיק און זיינען מגולגל געוואָרן אין אַ נאַטירלעך באַדערפעניש פונם אידישן כלל. מיר, נייע אידן, לעבּן אין אַ סביבה און זיינען פאַרפּלאָנצט אין אַ באָדן, וואָס איז פאַר אונז צוגעגרייט און באַאַרבעט געוואָרן פונם דור השכלה. מיר פילן דאָס ניט שטענדיק, אַזוי ווי מען פילט ניט די לופט, וואָס מען עטעמט אַריין, און מיר זיינען דעריבּער אָפט אומדאַנקבּאַר, שפּייען אינם בּרונים, וואָס זיינע וואַסערן טרינקען מיר נאָך עד־היום.

אַז מיר קלייבּן זיך פאַנאַנדער אין דער גייסטיקער ירושה פון די 80־ער און 90־ער יאָרן אין דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, בּעת אַפּן אָרט פון דער אַסימילאַטאָרישער השכלה האָט זיך אָנגעהויבּן פאַרשפּרייטן די נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע, דערנסטמאָל געפינען מיר, אַז איינעם פון אירע אמת שעפערישע געדאַנקען — וועגן שטרעבּן צו אידישער קאָלאָניזאַציע — האָט זי דווקא גענומען פון דער משבּילישער ערד־

ארבעט פּראָגראַם מיט איר לויבגעזאַנג צו דער „סאָכע, וואָס ברענגט די מזל־ברכה". צי איז ניט די משכילישע ערד־ארבעט־אידעאַלאָגיע גע־ווען די אמתע מוזע פון פּרוגס פּאָעזיע, וואָס האָט געצויגן פון איר זיין גייסטיקע יניקה? צי האָט ניט דער משכילישער ערד־ארבעט־אידעאַליזם אין א נייער פאָרמע, מיט א נייעם טראָפּ — פון אייגענער ערד צו אַן אייגן לאַנד — באַגייסטערט די פּיאָנערן פון „בילו" אין ארץ־ישראל און די ארבעטער פון „עם עולם" אין אמעריקע? צי איז ניט די אַרגענטינע־באַוועגונג און דערנאָך די גאַנצע לאַנדווירטשאַפטלעכע ארבעט פון איק"א, לויט אונזערע אידישע פאַרהעלטעניש, איינער פון די שענסטע נצחונות פון דער משכילישער ערד־ארבעט־פּראָפּאַגאַנדע? דער גאַנצער אופטו פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין פּרט פון אידישער ערד־ארבעט — די ציוניסטישע קאָלאָניזאַציע אריינגערעכנט אין כלל — מוז דערפירן זיין יחוס ביז צו דער השכלה־תקופה, און יעדעס מאָל, ווען די אידישע געזעלשאַפטלעכקייט שטרענגט אָן איבעראַנויים אירע כוחות אַף צו פּאַרפעסטיקן די פּאָזיציעס פון ערד־ארבעט צווישן אידן, פירט זי ווייטער די ליניע, וואָס סע האָבן אָנגעצייכנט פאַר איר אונ־זערע אלטע משכילים.

די אידישע ערד־ארבעט איז אונזער אלטער אני מאמין, וואָס איז געבאָרן געוואָרן צוזאַמען מיטן היינטוועלטיקן אידנטום און ציט זיך ווי א רויטער פאָדים דורך דער גאָרער געשיכטע פון אונזער געזעלשאַפט־לעכקייט ביזן היינטיקן טאָג. דערפון קאָנען מיר פאַרשטיין, ווי גרויס ס'איז די אחריות פון אונזערע כלל־טוער לגבי אזא חשובן סאָציאַל־עקאָ־נאָמישן רעיון, וואָס האָט פאַרנומען אזא אָרט אינם גייסטיקן האָב־און־גוטס פון דער גאָרער נאַציע.

ב.

צוליב וואָס האָט דאָס היינטוועלטלעכע אידנטום אָנגעהויבן אַוועק־לייגן כחות אַף ערד־ארבעט, אַף אידישער לאַנדווירטשאַפט? ווי קומט גאָר די בענקשאַפט צו דער „מוטער ערד" צו אזא אתה־בחרתניש שטאָטישן פאָלק, ווי אידן זיינען?

צוויי מאָטיוון, צוויי־ערליי טעמים, א נאַציאָנאַלער און א סאָציאַלער, זיינען שטאַרק פאַרפלאָכטן, נישט צו שיידן זיי, אין

דער ערד-אַרבעט-אידעאָלאָגיע פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט. און איט-לעכער פון די מאָטיוון האָט זיך זיין געשיכטע, זיין אַנטוויקלונג פון איין פאָרם צו דער אַנדערער.

אין אָנהויב, אין די יונגע יאָרן פון דער השכלה האָט דער נאַציאָנאַלער מאָטיוו אין דער ערד אַרבעט-פּראָפּאַגאַנדע געטראָגן אַזאַ מין כאַראַקטער: איינע פון די גרעסטע מניעות — האָבן געטענהעט די משכילים — אַפן וועג צו דער אידישער עמאַנסיפּאַציע, צו דער גלייכבאַרעכטיקונג פון אידן מיט די אַלגעמיינע בירגער פון לאַנד, איז די אידישע אָפּגעזונדערטקייט, דער אידישער „להבדיל פון אַ גוי“, אָט די משונהדיקע אידישע מנהגים און לעבנס-אופנים.

און צווישן די דאָזיקע לעבנס-אופנים וואַרפט זיך באַזונדערש בולט אין די אויגן דער פאַקט, וואָס אידן זיינען דורכאויס אַ שטאָט-פאָלק און זיינען מיטן לייב און לעבן פאַרזונקען אין די שטאָטישע פרנסות מיט זייער אומזיכערקייט און לופט-כאַראַקטער, אַזש ביז צו אַ ירידה אַפן הימל. כדי אופצוהויבן אידן אין די אייגענע און פרעמדע אויגן, כדי זיי זאָלן ראוי זיין צו בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע און ווערן לייטן-גלייך איז דעריבער נויטיק, אַז אידן זאָלן זיך אַביסל ארויסכאַפּן פון שטאָט און פאַרנעמען זיך מיט ערדאַרבעט גלייך מיט די אַנדערע תושבים פון לאַנד.

שפּעטער, אונטער דער השפּעה פון געזעלשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם, וואָס פאַרכאַפּט אפילו די רעגירונגען, האָט זיך אויך אָנגעהויבן בייטן דער כאַראַקטער פונם נאַציאָנאַלן מאָטיוו אין דער ערד-אַרבעט-פּראָפּאַ-גאַנדע. דער היינטמאָדישער אַנטיסעמיטיזם נוצט אויס אין זיין קאַמף קעגן איד ניט נאָר רעליגיעזע און ראַסן-טעאָריעס, נאָר אויך עקאָנאָ-מישע ראיות: אידן פאַרנעמען זיך כלומרשט ניט מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט און עקספּלאָאַטירן נאָר די אַרומיקע באַפעלקערונג. די אידישע ערד-אַרבעט-פּראָפּאַגאַנדע האָט דעריבער געדאַרפט אופווייזן, אַז אידן זיי-נען ניט ווייניקער פון אַנדערע פעלקער מסוגל צו ערדאַרבעט, און אַז נאָר די רדיפות אין משך פון זייער לאַנגער גלות-געשיכטע און דאָס רעכטלאָזע לעבן אין מיטלעלטערלעכן געטאָ האָבן געמאַכט פון זיי אַ שטאָט-פאָלק און איבערגעלאָזט פאַר זיי אַ קליינע צאָל שטאָטישע פרנסות.

נאָר אונטער דער השפּעה פונם אייגענעם אַנטיסעמיטיזם האָט דער

נאַציאָנאַלער מאָטיוו אין דער ערדאַרבעט־אידעאָלאָגיע נאָך אַמאָל געביטן זיין פאָרמע און האָט אָנגענומען אַ מער פּאָליטישן כאַראַקטער. די ערדאַרבעט האָט לויט דעם נייען נאַציאָנאַלן מאָטיוו באַדאַרפט ווערן דער יסוד פון אַ זעלבסשטענדיק פאָלקסלעבן, דער פונדאַמענט און דער קוואַל פון קראַפט פאַר אַ נייער אידישער אומה, וואָס איז חשוב און שטאָלץ באַ זיך אַליין און איז ניט מער תלוי בדעת אחרים, — מיט איין וואָרט, די ערדאַרבעט, די קאָלאָניזאַציע האָט באַדאַרפט צונויפקלייבן די צעזייטע און צעשפּרייטע אידן אַף איין לאַנד־שטח און באַפרייען זיי פון צווייטויזנטיאָריקן גלות.

פּאַראַלעל מיטן נאַציאָנאַלן מאָטיוו האָט זיך אויך אַנטוויקלט דער סאָציאַלער מאָטיוו אין דער ערדאַרבעט־פּראָפּאַגאַנדע.

אחוץ די פניות פון בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע, האָט באַ די משכילים אין האַרצן געשטורעמט אַ צער־און־צאָרן־געפיל איבער דעם טרויעריקן און שפלן עקאָנאָמישן מעמד פון די אידישע מאַסן. אין די שריפטן פון מענדעלע־מוכר־ספרים געפינען מיר דעם ווידער־קול פון די דאָזיקע געפילן, וואָס האָבן ניט געלאָזט רוען אַ גאַנצן דור. די משכילים האָבן געהאַט אַ שאַרף אויג פאַר אַלע טונקעלע זייטן פון אידישן פּרנסה־לעבן און האָבן זיך געמיט מיט סאַטירישע שטראָף־רייד, מיט פּאַטריאָטישער לצנות און פּראַקטישער פּראָפּאַגאַנדע אָפּוועגדן אידן פון זייערע סקאַרבאָווע פּאַרמיטלערישע פּרנסות, וואָס זיינען געווען אופגעבויט אַף אייגענער און פרעמדער אומוויסנהייט, וואָס יעדער פּראָגרעס פון טעכניק און פון טראַנספּאָרט פלעגט זיי אַוועקשטעלן אין אַ סכנה, אַז אָט אָט וועלן זיי גאָר אינגאַנצן בטל ווערן. די משכילים האָבן געפּרואווט צו־ציען די אופמערקזאַמקייט פון דער אידישער געזעלשאַפט צו מער פּראָדוקטיווע און מער זיכערע צווייגן פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט. און אָט אין דער דאָזיקער פּאָזיטיווער סאָציאַל־עקאָנאָמישער פּראָפּאַגאַנדע האָט די ערדאַרבעט פאַרנומען איינעם פון די חשובסטע ערטער. דערנאָך, אַז צווישן די משכילים האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר־שפּרייטן אידייעס פון רוסישן פאָלקיזם („народничество“), וואָס האָט אַוועקגעשטעלט די פויערשע ערדאַרבעט אין שפּיץ פון געזעלשאַפט־לעכקייט בכלל, האָט זיך אויך געביטן די פאָרמע פון דער אידישער פּראָפּאַגאַנדע און זי האָט אָנגענומען אַ פאָלקיסטיש־סאָציאַליס־

מישן כאַראַקטער. די אידישע שטאָטישע פּרנסות האָבן דענסטמאָל אָנגעוואָרן זייער חן ניט נאָר מחמת זייער עקאָנאָמישער ניטצוגעפּאסט־קייט צום צייט־פּראָגרעס מיט זיינע טעכניש־אָרגאַניזאַטאָרישע אויפטועכצן. די געזעלשאַפטלעכע קריטיק איז אַיזעק ווייטער און טיפער און האָט פאַרמישפּט דעם אידישן לופט־מענטש אויך פון סאָציאַל־עטישן שטאַנד־פּונקט, אין נאָמען פון מוסר און יושר, זעענדיק אין אים בכלל איינע פון די טונקעלע זייטן אין דער בורזשואַ־קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

און דעם דאָזיקן באַהעפט מיט דער פאָלקיסטיש־סאָציאַליסטישער געדאַנ־קענוועלט האָט די אידישע ערדאַרבעט־אידעאָלאָגיע ניט אָנגעוואָרן ביז צום היינטיקן טאָג. אַלעמאָל, ווען די אידישע שטאָטישע פּרנסות הויבן אָן צו ווערן אַ סאָציאַלע סכנה פאַרן קיום פון אידישן פאָלק — און מיר מוזן דאָך מודה זיין, אַז דאָס פּאַסירט ניט זעלטן און חזרט זיך איבער אונטער פאַרשיידענע פאָרמעס אין פאַר־שיידענע תקופות: אַף איין אופן אין די קלענערע שטעט, אין אַ גלופּסק, און כתרילעווקע, און אַף אַן אַנדער אופן אין גרויסן יעהופּעץ מיט זיינע מנחם־מענדלס, און גאַסן־בירזשעס, זיינע סעמאָדעניס און פראַנקאָנים; מיט איין כאַראַקטער, אַ מער אומשולדיקן, אין שלום־צייטן און ווידער אַנדערש מיט אַ יאַגעניש נאָך ספּעקולאַטיווע פאַרדינסטלעך אין מלחמה־צייטן — אָט אַלעמאָל אין אַזעלכע מאָמענטן פון סכנה, בעת אונזער עקאָנאָמישער פאָלקס־אָרגאַניזם הויבט אָן צו ליידן פון זיינע לאַנגאָניקע ווייטיקן, שטאַרקט זיך אייך די ערדאַרבעט־פּראָפּאַגאַנדע און באַקומט אַ חשיבות און אַ גרויסן באַטרעף פאַרן פּראָגרעס פון אידישן געזעלשאַפט־לעבן. ס׳פלעכטן זיך אין איר דענסטמאָל צענויף דער נאַציאָ־נאַלער און סאָציאַלער מאָטיוו און וואַקסן אויס אין אַ שטרעבן זיך צו באַפרייען פון דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אייגזייטיקייט, פון דער שטאָטישער פאַרקרימעניש, וואָס שטעקט אין דער עקאָנאָמיקע פון אונזער פאָלק, און פאַרפעסטיקן די פּאָזיציעס פון ערדאַרבעט צווישן אידן.

זאמלבוך „אָרט“, קיעוו 1919.

# א נײַער הימל

אָדער

# פּרץ און אידישקייט.

מיט פּרצ'ן קאָן מען מגייר זײַן גויים און אידן, פּרעמדע און פאַרפרעמדטע . . . וואָרים ער האָט אונז באַוויזן אונזער שולמית, דאָס אידישע שײנקייט, וואָס דערוועקט אין אונז ליבע, און ווי ווײַט איז ליבע פון מסירת נפש? . .

די משכילים האָבן אונז מיט זײערע רעשדיקע אויסנווייניקסטע תקונים פאַרמיאוסט אין די אײגענע אויגן, האָט דער פאַרשאָלטענער בן־מלך, נעבעך, אַף אַ שטילן אינעווייניקסטן תקון געוואַרט — איז פּרץ געקומען מיט זײַן נשמה יתרה, האָט פאַר אונז אַנטפּלעקט אונזער צניעותדיק־פאַרבאַהאַלטענע שײנקייט און דערמיט נײַע אידישע נפשות באַשאַפן . . .

מיט פּרצ'ן קאָן מען מגייר זײַן . . . וואָרים ער האָט באַוויזן אָפן פאַר אַלעמען דאָס ליכט פונם אידישקייט . .

טיף פאַרבאַהאַלטן, ווי אין אַ הייל, איז מענדעלעס אידישער פײַער, און פאַרשטעלט פון קאָמישע העוויות איז שלום עליכם'ס האַרציקע טרער: די וועלט זעט נאָר די שאָטנס, וואָס זײ האָבן אָנגעוואָרפן אַף אונזער לעבן. מען מוז זײַן אַ מענטש פונם קהל, אַן א י נ ע װ י י נ י ק ס ט ע ר איד און פאַרשטײן די שפּראַך פון עט־רמזים און באַהאַלטענע כוונות, מען מוז זיך קליגן אין אויסדרינגעגנישן און וויסן ווי קשיות צו פאַרענטפערן, אַסמכתא'ס אויסצוגעפינען און אָנצוהערענישן אויסצוטײטשן, כדי זיך צו דערשלאָגן צו מענדעלים צו אינעווייניקסטער שײַן, וואָס פירט אים דורך אונזער מדבר. פּרץ האָט אַרויסגענומען דאָס אידישע נשמה־ליכט פון זײַן

באהעלטעניש און עס האָט אַ בליץ געטאָן אפילו אין פרעמדע אויגן: אַצינד קאָנען אַלע זיך שוין משמח און מהנה זיין מיט זיין באַשיינפּערלעכן גלאַנץ.

און צענויפקלייבנדיק מיט חסידישער פרומקייט די ניצוצות הקדושה, די פאַרוואָגלטע הייליקע פונקן, האָט פרץ אַ נייע כלל־ישראל־נשמה באַשאַפן.

מיט צעשיידטע הערצער, צעשפּאָלטענע אָף אַלערליי כיתות האָט ער אונז געפונען. איינגעשפּאַרט־קאַלטע מתנגדים און היציקע חסידים, דייטשמעריש־האָפערדיקע משכילים און אַלט־פריינקישע צדיקים, באַלעבאַטישע אידן און וועלטבירגער, שאַרף־שפּיציקע ש"ס־לערנערס און אומשולדיק־ליבהאַרציקע תחינות־און־צאינה־וראינה־זאָגערינס: אין ווייט אָפּגעשיידטע וועלטן, וואָס צו זיי האָבן געפירט גאָר באַזונדערע טויערן, האָבן זיי אַלע געלעבט. צי איז גאָר מעגלעך, האָט מען זיך געמעגט פרעגן, אַ ניי אידישקייט, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע אונזערע כיתות וואָס זאָל שטיין איבער אַלע אונזערע שיטות, וואָס זאָל האָבן אין זיך, די חשיבות, ראָס שיינקייט און די קראַפט צו ווערן אַן אוצר פאַרן גאַנצן פאָלק? צי איז איצט מעגלעך דאָס, וואָס ס'איז געווען אַמאָל, בעת עס האָט זיך געשפּרייט איבער אונזערע קעפּ אַ אידישער הימל? צי זיינען מיר נאָך אַ פאָלק אין גייסט?

יאָ, האָט פרץ געענטפערט, און אַראָפּנעמענדיק פון די שטרייטנדיקע פאַרביטערטע נשמות זייערע מגושמדיקע כיתות־מלבושים, האָט ער זיי מתקן געווען ביז צו דער מדרגה פון אַ כלל־ישראל־נשמה. מיט אים האָבן מיר אַלע, פון די טויזנטערליי כיתות, לצניש געלאַכט פונם שטריימל, אַלע זיך צוגעהערט צו באַנצעס שווייגן, צו די חסידישע נגונים און ווערטער און צו די פאָלקסטימלעכע נשמה־לידער, מיט אים האָבן מיר זיך אַלע איינגעפלאָכטן אין דער גאָלדענער קייט.

און מיט דער דאָזיקער תקנה איז באַנייט געוואָרן דער אידישער הימל.

זאַמלהעפט „טאָג" 1916, פּעטערבורג.

# חסידות און אַנטיסעמיטיזם.

וועגן די ביכער: L'Ombre de la Croix
און Un Royaume de Dieu — דער „שאָטן
פון צלם“ און „מלכות־שמים“.

אונזער אידישקייט איז פאַרגליווערט, אָבער מיט חסידות קאָן מען נאָך מגייר זיין. והא ראיה: משכילים און פאַרשייטע אפיקורסים האָבן זיך אומגעקערט צו אידישקייט אפן וועג פון דער חסידות... אונזער דור פון די לעצטע צענדליקער יאָרן פאַרמאָגט גרויסע בעלי־תשובה. איינער פון די גרעסטע בנים שובבים, וואָס האָבן זיך אומגעקערט צוריק אהיים, איז געווען י. ל. פּרץ: פון אַ מסית ומדיח, פון אַ משכילישן פאַרפירער און א פאַרשטרויכלער רחמנא לצלן, איז ער מגולגל גע־וואָרן אין אַ נביא פון שיינקייט פאַר אַ גאַנצער מחנה בני נביאים און האָט געעפנט פאַר אונזער ראַדיקאַלער, פרייגייסטיקער און וועלט־ביר־גערלעכער אינטעליגענץ די שערי תשובה פון חסידישן ראָמאַנטיזם.

און האָבן מערב־אייראָפּעאישע אידן זיך פאַרביינקט צו אידישקייט— נאָך א פולע יאָרן בלאָנדזשעניש צווישן פרעמדע וויינגערטנער, יאָרן פון קוויקעניש באַ די וואַסערן פון בבל, — האָט ווידער אַמאָל די חסידות געוויזן דעם וועג צוריק צו דעם אייגענעם „איך“. מאַרטין בובער יוכיח.

דאָס איז קודם כל א פאַקט, א דערשיינונג פון אונזער קולטור־לעבן, און ווי מען זאָל זיך צו אים ניט באַציען, ווי מען זאָל אים ניט אָפּשאַצן, ווייזט ער בכל אופן אויף דעם נפשות־באַשאַפנדיקן כוח, וואָס האָט זיך פלוצים אַנטפּלעקט אינם אידישקייט צוליב דער חסידות. מיט

דער שפע פון אירע כוונות, מיט דעם ברען פון איר התלהבות, מיט דעם ברייטן הארץ, וואָס איז צעבראָכן און פריילעך אין איין צייט, — אָט מיט דער מצוה פון אַלע מצוות, וואָס שטייט בײַ דעם טויער פון יעדן אמתן גלויבן, דעם „רחמנא ליבא בעי“, האָט די חסידות באַפרייט דאָס אידישקייט פון זיין התבודדות אין לאנגען גלות־אָפּריכטן, און דאָס אידישקייט האָט ווידעראַמאָל אָנגעהויבן אריבערגיין איבער די ברע־געס און פאַרפלייצן נשמות — דער אמתער סימן פון אופלעבנדיקן גלויבן.

דאָס און נאָך עפּעס. נישט נאָר פאַרפרעמדעטע, נאָר אויך לחלוטין פרעמדע, נישט נאָר אָפּגעריסענע אברים פונם אידישן גוף האָבן זיך ווידער באַהעפט מיט אים צוליב דער חסידישער התלהבות און דבקות, נאָר אפילו אמתע גויים האָבן זיך דערנעענטערט צו אידישקייט צוליב דער חסידות. און נאָך א טריט ווייטער. די חסידות האָט געגעבן די מעגלעכקייט פאַר ע ר ל ע כ ע א נ ט י ס ע מ י ט ן חוזר בתשובה זיין און געפינען א וועג פון שלום מיט אידן און אידישקייט. זי האָט זיי באַוויזן דעם אידישן סטיל, דאָס אידישע ג אַ נ צ ק י י ט און אָריגי־נאַלישקייט און זיי האָבן דערפילט, אַז זייער אנטיסעמיטיזם איז געווען א פּראָווינציאַליזם, וואָס האָט געשוועבט אַפן פלאַך פונם לעבן, נישט דערגרייכנדיק ביז צו זיינע טיפענישן, אַז ער האָט זיך געשפּייזט מיט גאָר נאָענטע פיינטשאַפטן, מיט דער קינאה און דעם קאָנקורענץ־געפיל צו דעם אידישן אַ ס י מ י ל י ר ט ן בירגער־קלאַס.

די ערלעכע אַנטיסעמיטן האָבן דערפילט, אַז דאָס קערנדל א מ ת, וואָס איז פאַראַן אין אַנטיסעמיטיזם, דאַרף זיך באַהעפטן מיט א מאָראַ־לישער און עסטעטישער באַרעכטיקונג. און ס'איז דאָך פאַראַן א קערנדל אמת בײַ ערלעכע אַנטיסעמיטן. וואָרים וואָס טענהן זיי? אַז אין אידישן פ אָ ל ק ס ־ כ אַ ר אַ ק ט ע ר זיינען פאַראַן א י י ב י ק ע שטריכן, וואָס לאָזן זיך ניט אָפּווישן; אַז ס'איז פאַראַן אַ פחדנישע אידישע „מימיקרי“, אַ היסטאָרישע, ווי דער גלות לאַנגע שפּיל אין באַהעלטעניש, אַ כסדרדיק צופּאַסן און פאַרשטעלן זיך; אַז אידן האָבן פאַרגראָבן זייער נ אַ צ י אָ ־ נ אַ ל ע פ ע ר ז ע נ ל ע כ ק י י ט אונטער פאַרשיידענע מאַסקעס: רעליגיע, ליבעראַליזם, קאָסמאָפּאָליטיזם, סאָציאַליזם, וועלטפּאָליטיק און — וו ע ל ט ־ ז ש ו ר נ אַ ל י ס ט י ק, וואָס איז געוואָרן דאָס גרויסע אַנאָנימע פּאָטערלאַנד

פאַר אַלע „פאַטערלאַנדסלאָזע“, פאַר אַלע צעזייטע און צעשפּרייטע, פאַרשטויסענע און פאַרטריבענע (ניט קיין זשורנאַליסטישע, נאָר אמתע ליטעראַטור טויג נישט שטענדיק פאַר אַ מאַסקע, ווייל אַן אמתער שעפערישער ליטעראַט מוז אָפּט מודה זיין אין זיין אידישקייט צוליב דעם באַדערפעניש פון אַ טאַלאַנט אין אופריכטיקייט און האַרמאָניע מיט זיך אַליין). דאָס דאָזיקע קערנדל אמת, וואָס איז פאַראַן אין אַנטיסעמיטיזם און וואָס דערוועקט אָפּט אינם איד דאָס קינסטלער־פאַרשלעפּערטע איך־באַוואוסטזיין, געפינט זיין מאָראַלישע באַרעכטיקונג ערשט דענסטמאָל, ווען די קריטיק קומט פון אינעווייניק, פון עמיצן, וואָס קאָן אַריינקוקן אין תוך און מאַכן פון דער פיינטלעכער קריטיק אַ כלי זין פאַר אָפּשאַצן אינעווייניקסטע אידישע באַציאונגען, פאַרשיידענע אידישע קולטור־פאָרמאַציעס ביי פאַרשיידענע אידישע געזעלשאַפט־שיכטן, מיט איין וואָרט, ווען די קריטיק — דאָס הייסט די שינאה — ווערט אויסגעלייטערט דורך ליבע, און די פאַראַכטונג ווערט פאַרביטן מיט דרך־ארץ־געפילן. און דעם דאָזיקן נס פון גילגול נשמות, דאָס איבערגיין פון די געפילן מיט אַ גידעריקער בחינה צו דער העכערער באַווייזט אונז ווידער אַמאָל די חסידות אינם ביישפיל פון די ברידער זשעראָם און זשאַן טאַראָ מיט זייערע צוויי ביכער „מלכות שמים“ און „דער שאָטן פון צלם“.

צוויי פראַנצויזישע שרייבער־אַנטיסעמיטן, געפירט פונם אינטערעס, וואָס סע קאָן אַריינגעבן די ליבע אָדער די שינאה, האָבן געוואָלט דערגיין ביז צום סוף און ארויסגעפינען דעם עצם, דעם מהות פון זייער שונא. זיך צוקוקנדיק צו זייערע אייגענע פראַנצויזישע אידן, זיינען זיי געוואָרן פול מיט אַנטיסעמיטישן אומצוטרוי: עפּעס איז זיי דאָרטן אויסגעקומען ניט גאָר גלאַט, און מיט דער שאַרפקייט פון שינאה־אינסטינקט האָבן זיי דערפילט דעם געניאַלן קונצנמאַכערישן אָנשטעל, דעם וועלט־היסטאָרישן מאַסקאַראַד, וואָס די פראַנצויזישע אידן האָבן אינסצענירט פאַר זיך און פאַר דער וועלט. די ברידער טאַראָ זיינען געוועזן איבערצייגט, אַז אידן זיינען אַן אָריגינאַליש אָפּגעזונדערט פאָלק, אַז נישט קוקנדיק אַף אַלע גלייכמאַכערישע הלבשות, אַלע מאַסקעס פון דער אייראָפּייאישער ציוויליזאַציע, שטעקט אין זיי עפּעס אויסטערלישעס, וואָס שיידט זיי און קלייבט זיי אָפּ פון אַלעמען, צום גוטן און צום בייזן —

נאָר ווען און ייאו קאָן מען דאָס דערזען אָן שום איבּערגעשפּיצטע ראיות און לאַנגע פּירושים? אַוודאי נישט אין פראַנקרייך. און אונזערע בּרידער האָבּן זיך געלאָזט גיין און זוכן איבּער דער וועלט דעם אָרט און קוואַל פון „ריינעם אידישקייט“, וואָס איז אָפּגעהיט פון צעמנויפמישעכץ, און — יגעת ומצאת — זייער שינאה איז געווען אַן ערלעכע (אַן עקרה איז נאָר די אומערלעכע שינאה!) און דעריבּער איז זייער אופמערקזאַמקייט געווען אַן ערנסטע און זי איז בּאַלוינט געוואָרן: אין אונגאַרן, פּוילן און אוקראַינ̊ע האָבּן זיי געפונען דאָס, וואָס זיי האָבּן געזוכט.

צווישן די בּערג פון קאַרפּאַטן, אין די אונגארישע און פּוילישע וועלדער און פעלדער, ליגן צעוואָרפן אַף שיידוועגן צלמים פון שוואַרצן בּלעך, וואָס נישט־געניטע, תמימותדיקע קינסטלער־הענט האָבּן אַף זיי אויסגעמאָלט קריסטוס־בּילדער. בּלייך זיינען די פאַרבּן, פון רעגנס פאַרוואַסערט, און שוואַרץ איז דאָס בּלוט, וואָס רינט אַרויס פונם קערפּער, וואו דער שפּיז האָט דערגרייכט.

אין שאָטן פון די צלמים האָבּן זיך בּאַזעצט פון אַלטע, אוראַלטע צייטן — אידן. אופגעבּויט ישובים מיט ישיבות, הייליקע קהילות, אַן אמתע ממלכת־כהנים, וואָס איז מבטל די דאָזיקע וועלט און איז מכוון אַלצדינג צו דער קומענדיקער וועלט, וואָס איז מתקן די גשמיות בּיז צו דער בּחינה פון רוחניות, וואו מען „שטייט שטענדיק פאַר גאָט“, און אַלצדינג, וואָס מען טוט — עסן, טרינקען, שלאָפן און אַנדערע זאַכן — טוט מען עס פון זיין ליבּן נאָמען וועגן, — אַן אויסטערליש טשיקאַווער לעבּנשטייגער, א מלכות שדי, Royaume de Dien— אויסגעבּויט אין מיטן שוואַרץ־טומאה, צווישן ווילדע קאָזאַקן, וואָס זינגען פאַרשייטע לידער פון סטענקא ראזין, און חצופישע שיקסעס, וואָס די קאָלירן פון זייערע קליידלעך בּרענען אַזוי ווי זייערע תאוות. אינמיטן אָט דער פרייליכער, לוסטיקער, לעבּעדיקער און לייכטזיניקער וועלט מיט אירע טויזנט קאָלירן האָט זיך אַריינגעשניטן איין איינציקער שוואַרצער ערנסטער קאָליר פון דער חסידישער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, אַף דעם פלאַך פונם גויאישן נאַקעטקייט האָט זיך בּולט אויסגעטיילט דאָס אידישע אָנגעטאָנקייט — מיטן בּאָרד און פּאות, מיט דעם שטריימל און מיט דער יאַרמאָלקע אונטערן שטריימל, מיטן צוגעדעקטקייט, צוגעקנעפּלטקייט, וואָס זיינען מבטל דעם

גוף אינם ים פון בגדים און פארהייליקן אים דערמיט, וואָס זיי פאַר־
שפּאָרן דעם וועג צו אים, וואָס פאַרווערן דעם אויג אַ קוק טאָן,
דעם אויער אַ הער טאָן — בעת די נשמה איז אָנגעזאַפּט מיט אָנ־
צוהערעניש אַף משיח, גאולה, געטלעכקייט און ברידערלעכקייט, אַ מעין
„מלכות שדי“, אַוועקגעשטעלט, ווי עס ווייזט אויס, אַף אייביק, אין די זומפּן,
אין דער בלאָטע פון די אונגאַרישע, פּוילישע, אוקראַינישע שטעטלעך.

אָט די דאָזיקע אמת־משונהדיקע, הפלא־ופלאדיקע „עטנאָגראַפיע“
האָבן די פראַנצויזן אַנטפּלעקט פאַר זיך און באַשריבן פאַר דעם פראַנ־
צויזישן פּובליקום, וואָס האָט מיט נייגעריקייט און אפשר מיט נאָך עפּעס
אַ טיפערן אינטערעס געגומען לייענען די דאָזיקע ביכער פון די ברידער
טאַראָ און אויסגעלייענט ביז אַן ערך אַכט־און־פערציק אויסגאַבעס. און
אָט שטייען די פראַנצויזן און חידושן זיך איבער דעם רוחניותדיקן בית
המקדש, וואָס איז אויסגעבויט אין דער בלאָטע, אינם אומאויסשעפּלעכן
שמוץ — וואָרים אויך דעם שמוץ פונם חסידישן געמויזאַכץ פאַרגעסן
נישט די פראַנצויזן צו באַשרייבן, ובנשימה אחת דערציילן זיי ווי מען
באַפּט באַ אידן געדאַנקען אָדער... לייז, זיך אָנעמענדיק פאַרן שפּיץ־
בערדל, און זיי פילן די גאוה פון אַנטפּלעקער: עפּעס אַ שבט פון דעם
פאָלק האָבן זיי געפונען, וואָס פאַרגיט אַזאַ מוראדיק רעטעניש דער
וועלט, זיי האָבן אָנגעטאַפּט דעם דופק באַ דעם פאָלק, וואָס וואוינט
בלומרשט צווישן אַלעמען, אָבער אין דער אמתן אַליין, אָפּגעזונדערט פון
אַלע פעלקער, וואָס אַרבעט און יומטובט אַף זיין באַזונדערן שטייגער,
וואָס לעבט אַף דער וועלט מיט דער כוונה צו יענער וועלט און
פאַרשטייט עפּעס אַזוי אָנצושטרייַנגען זיין התפּעלות און זיין התלהבות,
אַז עס חלומט אים דער וואָר און באַנעמט די פּאַסירונגען פון דער
וועלט נישט פּשוט, נאָר מיט פּירושים און רמזים; דאָס איז דאָס פאָלק,
וואָס האָט ביז צום היינטיקן טאָג נאָך נישט אָנגעוואָרן דאָס בענקשאַפט צו
ניסים, נישט אָנגעוואָרן דעם ביטחון, אַז ניסים וועלן פאַר אים געשען —
לשנה הבאה בירושלים! — אָט טאַקע דאָס קומענדיקע יאָר, אָט טאַקע
באַשיינפּערלעך, מען זאָל דעם נס קאָנען אָנטאַפּן מיט דער האַנט, וואָרים
ישראל איז אויסגעקליבן געוואָרן, און דער אויבערשטער האָט מיט אים
אַפילו גאָר אַ הויכן מיין, אויב נישט די טיפסטע כוונה פון דער וועלט־
געשיכטע. און דערציילנדיק אין אַ פּשוטן סיפּור המעשה וועגן די מנהגים

און כוונות פונם אויסטערלישן פאָלק, האָבן זיי פאַר זיך קלאָר געמאַכט דעם סוד פון זיין עקסיסטענץ, דעם פּירוש פון זיינע מאָדנע העוויור פון זיין בטחון און חוצפּה און דער עיקר פון זיין עקשנות. וואָרים דאָס גאַנצע אייביקייט פונם אידישן פאָלק איז דאָך נישט מער ווי אן עקשנות צי איז דען ניט קלאָר, אַז מענטשן, וואָס קענען אַף אַזוי ווייט זיך אויסטאָן און אָפּזונדערן פון דער וועלט ווי דער סופר פון בעלז (דער העלד פון (L'ombre de la Croix דאַרפן פאַר דער וועלט נישט מורא האָבן? און גובר זיין די תאוה פון דער וועלט באַטייט גובר זיין די וועלט, באַטייט לעבן אייביק. אָט דאָס איז דער סוד פון אי־דישן אייביקייט און אויך פון דער אידישער גאיוה. ווילט איר וויסן, פון וואַנען עס נעמט זיך די אידישע גאווה, וואָס ווירקט אַזוי נישט אָנ־גענעם, אַזוי נישט סימפּאַטיש אין אַ פּאַריז, צי אַ בערלין. און דערוועקט דאָרטן דעם אַנטיסעמיטיזם, טאָ גייט זייט מוחל צו די פּוילישע, אונגאַ־רישע, אוקראַינישע אידן און קוקט זיך צו צו דער גדלות אין דער שיפלות, באַנעמט דעם לעבעדיקן, גאָר ווי אין מיטלעלטער, אתה־בחרתנו־געפיל, וואָס מאַכט גלויבן דעם איד, אַז ער איז די כוונה פון דער בריאה און פון דער וועלט־געשיכטע, קוקט זיך צו צו די קהילות קדושות, וואו עס קיניגן אין די הויפן די רביים מיט די ברענענדיקע אויגן, וואו עס זיצן איינגעבויגן די סופרים איבערן הייליקן פּאַרמעט און זיינען זיך טובל יעדעסמאָל, איידער זיי גרייטן זיך אויסשרייבן דעם שם הויה, און איר וועט פאַרשטיין, פאַרוואָס אַלצדינג אַרום זיי, אינאיינעם מיט זייערע שונאים — קאָזאַקן, פּאָגראָמשטשיקעס, פּאַרשייטע שקצים — דאַרף בטל ווערן, ווי אַ כלי־זין ווערט בטל אין דער האַנט, אין דער כוונה פון דעם באַשעפער.

אָט אַזוי זיינען אונזערע פראַנצויזן אַרויסגעגאַנגען ווי בלעם בשעתו מיטן מיין צו שילטן אידן און האָבן זיך אומגעקערט אַהיים שיער נישט מיט אַ ברכה אַף די ליפּן. די חסידות האָט זיי מגייר געווען. און נישט מיינט, אַז זיי האָבן אָנגעשריבן אַ הלל אַף אידן. ניין, זייער אַנ־טיסעמיטישער אָפּשטאַם פילט זיך נאָך אין די ביכער, זיי האָבן פונם פריערדיקן גילגול אַריבערגענומען אַפילע אינם איצטיקן גלגול, זיי זיינען נאָך אַלעמען פאַרבליבן נישט מער, ווי „חסידי אומות העולם", און פון צייט צו צייט באַווייזט זיך צווישן די שורות דער אַנטיסעמי־

טישער געדאַנק, אַנטפּלעקט זיך די אַנטיסעמיטישע שטימונג, נאָר טאַקע צוליב דעם איז זיך נאָך מער צו חידושן איבער דעם אויסטערלישן זיווג, וואָס דאָ איז באַשאַפן געוואָרן פון שינאה און אַכטונג, פון פּיינטלעכער נייגעריקייט און דעם חשק צו וויסן, צו דערגיין דעם אמת.

אין פּאַריז לעבן די קאַטויל מענדעס, די סאַראַ בערנאַרס, די האַלעווים, וואָס דערוועקן צו זיך קינאה, שינאה און פּיינטלעכע פאַר־וואונדערונג. אַז מען פרעגט זיי וועגן זייער יחוס, טענהן זיי אין איין קול: מיר זיינען פראַנצויזן, מיט אַלע פראַנצויזן באַגליידַ. נאָר אָט שטעלט זיך אָפּ אַף זיי די אויפמערקזאַמקייט פונם שונא און עקבערט זיי אין זיך מיט דער אייגענער שאלה: פון וואַנען נעמען זיך אָט די אָ ר י ג י נ א ל י ש ע טיפן מיטן ב א ז ו נ ד ע ר ן ברען אין די אויגן, מיטן אָריגינאַלישן קנייטש פונם מוח, וואָס מאַכט אָפּט פאַר זיי צי־טערן — און דער שונא גייט זוכן איבער דער וועלט און געפינט דעם שורש פון „זיינע" פּאַריזער אידן אין די אידן פון די קליינע שטעטלעך פון מזרח־אייראָפּע; מער נישט איין חילוק איז פאַראַן, נאָר דער דאָ־זיקער חילוק קלעקט אַף פאַרשרייבן די מענטשן צום טויט, צי צום לעבן: דער פּ א ר י ז ע ר הערט שוין נישט, אַז מען זאָגט צו אים שמע ישראל; ער הערט שוין נישט אַף דעם קול פון זיין „איך"...

עס איז נויטיק געווען אַ שטאַרקע אינטואיציע, כדי אינם טויבן שווייגן פון די פּאַריזער אידן דערהערן דעם דערשטיקטן קול פון דער אידישער אייגנאַרטיקער געשיכטע, און זיך לאָזנדיק גיין נאָך דעם דאָ־זיקן קול דערבלאָנדזשען ביז צו דער חסידישער נגינה. ניט פאַרשטייענ־דיק די שפּראַך, ניט וויסנדיק דעם פּירוש המלות האָבן די פראַנצויזישע שרייבער אין די באַוועגונגען, אין דעם הילוך דערפילט דעם לעבנשטייגער, דערשמעקט דעם אוויר פון דער סביבה, צייטנווייז אפילו די נשמה פון דער חסידישער וועלט און באַשריבן דעם שבת און די וואָך, דעם קודש און דעם חול, וואָס זיינען דאָרטן אַזוי אויסטערליש אויסגעמישט, אַז די גרענעצן ווערן כמעט ווי נעלם. אָט פאַר דער דאָזיקער אמת־פראַנ־צויזישער אינטואיציע, פאַר דעם קוק מיט דער נשמה אין דער נשמה אַריין, פאַר דעם, וואָס זיי האָבן אונדז ווידעראַמאָל געגעבן די מעגלעכ־קייט צו באַפרידיקן דאָס באַדערפעניש פון יעדן זעלבסט־באַוואוסטזיין אין „שפּיגלען זיך" — קומט די ברידער טאַראָ אַ אידישער יישר כוח.

„מילגרוים", בערלין 1922.

# אידישע מאַלעריי.

אז מען ווייזט אונז אַ אידישן קינסטלער, דאַרפן מיר אוועקשטעלן די עיקר=פראגע: צי מיר האָבן פאַר זיך א קינסטלער בכלל. אינפלוג איז עס א גלייכער געדאנק. אָבער דווקא אַף גלייכע געדאנקען פאַלט מען בּאַ אונז זייער וויניק, און עס ווערן אָפט באשאַפן פאַלשע, כלומרשט=קינסטלערישע רעפּוטאַציעס, וואָס גיבן די מעגלעכקייט פאַר בעלי=מלאכות=פאַרטאַטשעס צו עקספּלאָאַטירן די נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטלעכע מיינונג.

די געשיכטע פון אונזערע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען קאָן אויפווייזן אפולע אויפגעבלאָזענע נעמען, וואָס האָבן אויסגענוצט דעם צייטגייסט און פּראָפּאַגאַנדירט נאַציאָנאַלע, ציוניסטישע אָדער סאָציאַליסטישע לאָזונגען, ארויסגעבנדיק דאָס פאַר קונסט אָדער שיינע ליטעראַטור.

ווער געדיינקט ניט די קאַריערע פונם „שוואַרץ=ווייס=קינסטלער“ ליליען אין אָנהויב פון דער ציוניסטישער באַוועגונג? אַז עס זיינען מאָבּיליזירט געוואָרן נאַציאָנאַלע שטימונגען, אַז עס האָט זיך געשאַפן אַ נאַציאָנאַלער מאַרק, זיינען געקומען אויך די מאַרק=שרייער, וואָס האָבן אָנגעהויבן האַנדלען מיט נאַציאָנאַלע לאָזונגען, נאַציאָנאַלע טיפּן, נאַציאָנאַלע סצענקעס, און קיינעם איז גאָר ניט איינגעפאַלן צו פרעגן בּאַ זיי אַ בּילעט, וואָס גיט זיי דאָס רעכט ארייננצוקומען בכלל אינם היכל פון דער קונסט. דער „ציוניסטיש=נאַציאָנאַלער קינסטלער“ ליליען איז געווען זיכער פאַר זיינע צייכענונגען, פאַר זיינע בּילדער, ווייל כמעט אַף אלע זיינע שוואַרץ=ווייס=קאַרטאָנעס האָט איר געקאָנט זען דעם פּנים פון הערצל. און ווער וואָלט דאָס געקאָנט זיין אזא עזות=מחוצף=פּנים און נישט אָנערקענען הערצלען? איז די שיין פון הערצל געפאַלן אַף ליליען און ער האָט ארייננגעשמוגלט זיין רעפּוטאַציע אין דער „אידישער“ קונסט.

און אויב איר מיינט, אז דאָס זיינען אזוי געווען אַמאָליקע צייטן, בשעת דער ציוניזם איז געווען גאָר אין די וויקעלעך, האָט איר א טעות. נאָך איצט פאָרן אַוועק פאַרשיידענע פאַרטאַטשעס, בעלי־מלאכות קיין ארץ ישראל און הויבן דאָרטן אָן שמירן אַף נאַציאָנאַלע טעמעס, פאַרפּאַטשקען מיט אילוסטראַציעס הייליקע אידישע טעקסטן. נאָך איצטער דערוועגן זיך נאַציאָנאַלע „קינסטלער“, צו גיין אין געוועט מיט דער פּאָעזיע פון שלמהס שיר־השירים און אילוסטרירן מיט די כלומרשט נאַ־ציאָנאַלע סימבאָלן די גרעסטע שאַפונגען פון דער אידישער ליטעראַטור, ארויסגעבנדיק זייער נאַציאָנאַלע ספּעקולאַציע פאַר אידישע קונסט. און יעדער כשרער ציוניסט געפינט פאַר זיין חוב צו האַלטן אין שטו־זייערע ווערק, און עס דוכט זיך אים, אז ער איז דערמיט מקיים די מצוה פון ישוב ארץ ישראל.

צי האָבן מיר דאָס אייגענע ניט געזען אין דער אידישער ליטע־ראַטור, אָבער אין אַן אַנדער סביבה, אין דער פּראָלעטאַריש־סאָצי־אַליסטישער סביבה? צי איז ניט געווען גענוג פאַר מארק ארנ־שטיין צו פאַרפירן א וואָלוועלע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע און ארויסגעבן זיין סענטימענטאַלע שמאַטע „דאָס אייביקע ליד“ פאַר א אידישער דראַמע, נאָר ווייל זי שעפּט כלומרשט פונם אידישן ארבעטער־לעבן?

אָט אזוי האָבן מיר פון נאַציאָנאַליסטישע און סאָציאַליסטישע געטשקעס באַשאַפן קונסט־געטער און אונז האָט זיך אויסגעדוכט, אז מיר האָבן שוין א נאַציאָנאַלע קולטור אָדער אַ פּראָלעטארישע קולטור, בעת אין דער אמתן זיינען דאָס אלצדינג געווען נישט מער ווי פייערווערק, ווי ספּעקולאַציעס אַף די תכליתים פונם עולם־גולם און ס׳איז נאָך דעם גאַנצן טומל פאַרבליבן ניט מער ווי א הייפעלע אַש.

צי דאַרפן מיר זיך חידושן, אז אמתע קינסטלער צווישן אידן האָבן מורא געהאַט זיך אָנצורופן אידישע קינסטלער? צי דאַרפן מיר זיך חידושן, אז זיי זיינען אַנטלאָפן פון אונזערע געטשקעס און האָבן זיך געשטעלט מחוץ למחנה? אַז זיי האָבן אָנגעהויבן לייקענען אין דער עקסיסטענץ פון א נאַציאָנאַלער קונסט בכלל און פון א אידי־שער קונסט בפרט?

אָט דער ניהיליזם פון אונזערע אמתע קינסטלער, דער לייקענען

פונם נאַציאָנאַלן עלעמענט אין דער קונסט, וואָס איז אַזוי נאַטירלעך נאָך דעם נאַציאָנאַליסטישן טומל, איז אָבער פונדעסטוועגן אַ גוזמא.

אמת, ס'איז שווער צו דערקענען דעם נאַציאָנאַלן מהות אין דער קונסט. ניט אויבנאויף ליגט אָט דער נייער ציטער פון דער נשמה, וואָס יעדע נאַציע ברייבגט אריין אין דער וועלט־קונסט. געוויינטלעך קאָנען זיך ערשט די קומענדיקע דורות אָפּגעבן א דין וחשבון וועגן די נאַציאָנאַלע מאָמענטן אין דער קונסט. אָט אַזוי האָבן מיר זיך אויסגעלערנט זייער שפעט צו מאכן דעם געהעריקן חילוק צווישן גריכישע, רוימישע, עגיפּ־טישע, גאָטישע, איטאַליענישע, האָלענדישע, פלעמישע, ענגלישע און פראנ־צויזישע קונסט. ערשט איצטער זעען מיר אין זיי די אנטפלעקונגען פון נאַציאָנאַלן גייסט בא פארשיידענע פעלקער. געוויינלעך, ווען מיר ווייסן, אז דער נאַציאָנאַלער גייסט איז פאַראַן, אז ער לייגט ארויף מיט זיין באַזונדער אַטאָמספער א שטעמפל אויף די שאַפונגען פון אונזערע קינסטלער.

פאַרשטייט זיך, ניט אין די סיוזשעטן דאַרפן מיר זען דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט. אויף אידישע ביבלישע טעמעס האָבן געשריבן און געמאָלט קינסטלער פון אלע נאַציעס. און מיר מוזן כסדר וואָרענען, בפרט די בני דור פון אונזערע קינסטלער, אז זיי זאָלן זיך היטן ארויס־טראָגן זייער פסק דין וועגן דעם, וואָס איז נאַציאָנאַל און וואָס ניט.

פונדעסטוועגן דוכט זיך מיר, אז מיר קאָנען שוין איצטער אָנ־הויבן ריידן וועגן א אידישער קונסט, וועגן אונזער ציטער פון דער נשמה, וואָס אנטפלעקט זיך אין דער היינטוועלטיקער מאָלעריי.

בפרט זעען מיר אין די אידישע קינסטלער, וואָס שטאַמען פון די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער, א נייע נאָטע, אַן אייגענעם נוסח. מערב־אייראָפּע האָט געזען קינסטלער־אידן: ליבערמאַן, פיסאַראָ, איז־ראעלס זיינען די פאָרשטייער פון דער אייראָפּייאישער קונסט צווישן אידן.

מיט שאַגאַל, ריבאַק, סוטין, מאַנע קאַץ און אַנדערע, וואָס זיינען איצטער צעזייט און צעשפּרייט אין פוילן, ליטע און רוסלאַנד און אויך אין אמעריקע, באַווייזן זיך די ערשטע סימנים פון א אידישער קונסט. אמת, זי איז ניט אויסגעטאָן פון אייראָפּע, פאַר־קערט, זי פלייסט זיך דערגיין ביז צו די העכסטע דערגרייכונגען פון דער היינטוועלטיקער אייראָפּעאישער קונסט, זי איז אין די ערשטע רייען

פון די אייראָפּעאישע מאָדערניסטן, אָבער דאָך וועט איר ניט שווער דערקענען אין אירע פאָרשטײַער אַ בשותפותדיקע מזרח־נשמה.

די אידישע קינסטלער פון מזרח זײַנען געטאָ־קינדער. ווי אַ מענטש, וואָס איז אָפּגעזעסן אפילו יאָרן אין תפיסה, קומט אויף דער פריי מיט פרישע געפילן, מיט ניט־אויסגעניצטע כוחות און וואַרפט זיך דאָרשטיק אַף יעדן איינדרוק און בענטשט די זון און די פאַרבן, וואָס זי צע־גיסט זיי אין דער נאַטור, פונקט אַזוי קוקן אונזערע קינסטלער, וואָס האָבן זיך ארויסגעריסן פון טויזנט־יאָריקן געטאָ, אַף דער ווייסער וועלט, פונקט אַזוי זאַפּן זיי אויף מיט דאָרשטיקע אויגן אַלצדינג, וואָס טוט זיך ארום זיי און גענישן די ערשטע הנאה צו מאָלן די פיל־פאַרביקע וועלט.

מיר דוכט, אז אונזערע איצטיקע אידישע קינסטלער לעבן־איבער דאָס אייגענע, וואָס די אייראָפּייאישע קינסטלער אַמאָל, בעת זיי האָבן זיך באַפרייט פונם אַסקעטיש־נזירישן מיטלעלטערלעכן קריסטנטום. מיט וואָסער פרייד האָבן די נידערלענדישע קינסטלער געמאָלט איטלעכעס גרעזעלע, איטלעכעס בלימעלע, וויפיל התלהבות האָבן זיי געשעפּט פון אַ פלייש־יאַטקע מיט אירע בולטע ערדישע קאָלירן און מיט אירע גאָרניט גלייכע און גאָרניט קלאַסישע ליניעס. אויך אונזערע אידישע קינסטלער וואַרפן זיך איצטער אַף דער וועלט מיט תמימותדיקע קינ־דער־נשמות, ווערן פאַרשיכורט פון פאַרבן און ס'אַרט זיי ניט דאָס מיאוסקייט, ניט די קרומע ליניעס (פאַרקערט, פאַראַן א ליבשאַפט און אַ תאווה צו זיי), ניט די געבויגענע רוקנס, ניט די פונאַנדערגעשפּרייטע פיס, ניט די צעוואָרפענע הענט, ניט קרומקייט און ניט לאָמקייט, ניט אומגעלומפּערטקייט, ווייל אַלצדינג איז דאָך גאָטס וועלט און איבער אַלצדינג שיינט די זון מיט אירע פארבן.

אז איר זעט באַ מאַנע קאַץ אידן מיט רויטע בערד, מיינט איר דאָך אוודאי, אז דאָס איז לעבנסשטייגער: ווי זשע ניט? א רויטער אידל איז דאָך ממש אַ נאַציאָנאַלער אייגנס! האָט איר אָבער אַ טעות. דאָס איז פשוט פארליבטקייט אין דער פארב, פונקט אזוי ווי שאַגאַל מאָלט אייך א איד מיט גרויסע, טיפע און לאַנגע קנייטשן איבערן שטערן און מיט א גרינער באָרד: דאָס זײַ־נען די דאָרשטיקע אידישע אויגן, וואָס ווערן פאַרשיכורט פון דער פאַר־ביקער וועלט. „פרימאָרגן“ 1929.

# יששכר ריבאַקס הצלחה.

האָט זיך געלאָזט א אידישער קינסטלער פון אוקראינע איבער דער וועלט גלות אָפּריכטן. פאַרוואָגלט געוואָרן אין בערלין און סוף כל סוף אָנגעשפּאַרט אין פּאַריז. איז דאָס קיין נייס ניט. גאַנצע מחנות אידישע יונגעליַיט, בעלי־חלומות פון געטאָ, ציען זיך קיין פּאַריז, זוכן און געפינען, געפינען און פאַרלירן, יאָגן זיך נאָך גליקן און כאַפּן מפּלות. פאַרפירעריש און אכזריש אינאיינעם איז פּאַריז. אָדער דו רייסט זיך אריין אין איר יום־טוב און דענסטמאָל הויבסטו אָן שפּרייזן איבער די הויכן פון לעבן, אָדער דו ווערסט פאַרטומלט פון איר הו־האַ און סוף כל סוף דערשטיקט פון איר וואָכעדיקייט.

י. ריבאַק האָט זיך אראָפּגעלאָזט אין פּאַריזער ים מעשה נחשון, איז ניט דערטרונקען געוואָרן און געפונען א באָדן אונטער די פיס. אמת, ער איז געקומען אהין א צוגעגרייטער. דער אוקראַיניש־אידישער מאָלער ריבאַק האָט שוין געהאַט הינטער זיך זוכענישן און געפינסן, ער האָט שוין געהאַט געפּרואווט און אָפּט מיט הצלחה, דער עיקר — ער איז געווען אָנגעזאַפּט מיט אַ ציטער פון יענעם דור און פון יענער תקופה, וואָס האָט פאַרמאָגט דעם מוט צו גלויבן אין משיח: אויסלייזן אידן, אויסלייזן די מענטשהייט. און וויבאַלד מען פאַרמאָגט אַזאַ ציטער אין דער נשמה, קאָן מען זיך לאָזן שפּרייזן ביז צום שפּיץ־בארג, זוכט מען ניט־אויסגעפּאָרענע וועגן, און מען חלומט וועגן געפינען אין די אויסקרימענישן פון לעבן די גלייכע ליניע. און מיט ליבע און בטחון האָט זיך ריבאַק אַ לאָז געטאָן צו די קרומע געסלעך פון אידישן געטאָ מיט די איינגעהויקערטע הייזער און איינגעבויגענע רוקנס און ער

האָט דאָרטן געפונען מאָנומענטאַליש־קייט. ריבאַקס „שטעטל" איז געוואָרן א שטאָט און ריבאַקס קליינע מענטשעלעך — בעלי־מלאכות, מלמדים, חדר־אינגלעך, רביים און רבנים זיינען מגולגל געוואָרן אין נוסחאות, וואריאציעס פון אַן אייביקער סובסטאַנץ, אין פאַנטאַסטישע פנימער פון עפּעס א חומר־היולי פאַר מעשי בראשית.

נאָר דאָס איז געווען די ערשטע תקופה, בעת ריבאַק האָט כאַ־ראַקטעריזירט און קאָנסטרואירט בילדער. מאָלן בילדער האָט ער אינדעראמתן ערשט אָנגעהויבן אין פּאַריז. פאַרשטייט זיך, מען טאָר דאָס ניט מגזם זיין, און איך זאָג דאָס נאָר ארויס אין דער פאָרמע פון אַ פּאַראַדאָקס, בכדי צו פאַרשפּיצן און בולט ארויסגעבן מיין געדאַנק. פאַרבן, און דער עיקר ביינקשאַפט צו פאַרבן, האָט ער פאַרמאָגט אויך פריער, אָבער דעם יום־טוב פון זיין פאַרבן־פרייד און פאַרבן־שיכרות האָט ער געפּראַוועט אין פּאַריז. אוועק די מרה שחורה, אוועק די טונקעלע גאַמע פון אוקראינע און ארויס צו דער זון, אָדער גיכער צום פייער פון קאָלאָריט, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן און ברענט איצטער אזוי התלהבותדיק אין זיין נשמה.

ווער סע האָט געהאַט דעם נחת צו באַזוכן ריבאַק אין זיין פּאַ־ריזער אַטעליע, איז געגליכן צו יענעם, וואָס האָט זיך צום ערשטן מאָל פאַרטיפט אין מעשהלעך פון „טויזנט און איין נאַכט": גליענדיקע פאַרבן־חלומות האָבן פּראָזאאישע לייוונטן און קאַרטאָנאַזשן פאַרוואַנדלט אין א צויבער־גאָרטן, וואָס כישופט מיט זיין רעאַליסטישער פאַנטאַסטיק, מיט זיינע בלומען־נשמות, מיט זיינע עופות־גייסטער, מענטשן־רוחות, בלינדע, אָבער משונה־קאָלירטע אָרימעלייט בעלי־מלאכות און הויקערדיקע שדכנטעס, און ער הויבט אָן גלייבן אין די מעשיות פון ריבאַקס „אָרע־מער מלוכה", פון די קרומע, לאָמע און הויקערדיקע, וואָס ער האָט זיי ערגעץ וואו געזען און מיטגענומען מיט זיך אין זיין גלות־וועג אריין איבער מערב־אייראָפּע.

„פרימאָרגן" 1932.

# אידישע סקולפּטור·

(אויף אַן אויסשטעלונג פוּן אַ יוּנגן סקוּלפּטאָר).

הקול קול יעקב: אוּנזער קינסטלער אַרבעט אַפּן קול. ה׳ אחד!— שמע ישראל! — אבינו מלכנו! — לעבעדיק! — באַם ארון קודש (מיינע קינדער! רייסט זיך מיט קולות אַהינצוּ אַ אידישע פּרוי): אַט דאָס זיינען די נעמען צוּ זיינע סקולפּטוּרן. אַן אָפן מויל, אַן אויסגעשריי געפינט איר אָפּט אין זיינע ביוסטן (וויפיל סכנות פּאַר אַ קינסטלער, אוּן בפרט אַן אָנהויבער, אין דער דאָזיקער אָפּענער פּוּסטקייט!). אמת, דאָס זיינען נשמה-טענער: דער קינסטלער הערט אין זיך אַ באַשעפּע-רישע „שטים פוּן דינער שטילקייט" אוּן פליסט זיך זי בולט צוּ מאכן פאר פרעמדע אויגן. נאָר כדי דאָס פּוּלקוּם צוּ דערגרייכן, מוז אוּנזער קינסטלער אַנטוויקלען א צווייטן חוש: ער דאַרף אָנהויבן זען, ער דאַרף אַ סך זען . . .

*　　*
*

סוף מעשה במחשבה תחלה —

אַפריער דער געדאַנק אוּן דערנאָך שוין די אַרבעט: דאָס איז אידישלעך, אוּן אַזוי איז אויך צוּגעטראָטן צוּ דער קוּנסט אוּנזער אַלט-יונגער סקולפּטאַר, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין לעבן ניט מיט צייכענען, מאָלן, קלעפּן אָדער קנעטן, נאָר מיט גמרא-לערנען. ביטול — דער נביא — דער פּרוּש — פּרעגט די גמרא: אָט דאָס זיינען די געדאַנקען-בילדער, וואָס אוּנזער קינסטלער פליסט זיך ארייננצוּבלאָזן אין זיי אַ לע-בעדיקן אָטעם. אַפּריער דער געדאַנק, וואָרים ער איז דער עיקר, וואָרים ער איז בילכער. אוּן לאָמיר אָנמערקן: דאָס איז ניט די קינסטלערישע

קאָנצעפּציע, דאָס בילד אין גייסט, וואָס איטלעכער קינסטלער איז אים תּופס מיט מער אָדער ווייניקער פּרטים נאָך פאַר דער אַרבעט. ניין, דאָס איז טאַקע דער נאַקעטער רעיון, דער מיין, די כוונה, וואָרים אונזער קינסטלער איז פול מיט כוונות, און די גרעסטע געדאַנקען פלייסט ער זיך אויסצודריקן מיט זיינע קליינע מיטלען. ס'איז רירנדיק צו זען, ווי אונזער סקולפּטאָר שטרעבט אויף פאַרשיידענע אופנים גובר צו זיין אַזאַ מוראדיקע אַבסטראַקציע, ווי „ביטול". מיר פילן אפילו, אַז ער איז גערעכט, אַז אין דער אידישער וועלט זיינען פאַראַן די קליידער פאַר דער דאָזיקער נאַקעטער נשמה, נאָר ווי שווער איז צו געפינען דעם ריכטיקן גוף, וואָס זאָל ריידן פאַר זיך אַליין... ס'איז אָן ספק אַ סקאַרבאָוועך אידישער אופן שאַפן, ניט פון דער ערד צום הימל, נאָר פון הימל צו דער ערד; אויף אַזאַ אופן פאַנטאַזירט אַן אַלט פאָלק, אָדער אַן עלטערער מענטש, ניטאָ דאָ קיין אָנהויב, עס פעלט דאָס שפילעריש-קינדערישע, און ס'שווימט ממילא אַרויף די שאלה: צי איז דאָ פאַראַן קונסט, צי איז בכלל מעגלעך אַזאַ קונסט?..

* * *

אידן האָבן זיך געקליגט די שאלה צו פאַרענטפערן לכף זכות: זיי האָבן באַוויזן צו שאַפן אַ קונסט פון טיפע כוונות, דאָס זיינען די אגדתא'ס פון תלמוד און מדרשים. די אומות העולם האָבן אַלע זייערע מעשיות, לעגענדעס און געטער-געשיכטעס באַשאַפן אין זייער קינדהייט. אידן האָבן ניט אויפגעהערט צו דערציילן שיינע מעשיות אפילו אין אַ צייט, ווען זייער געשיכטע-באַוואוסטזיין האָט דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה, ווען זיי האָבן שוין געהאַט הינטער זיך אַ לאַנגע פּאָליטישע געשיכטע מיט צוויי חורבנות. אמת, די מעשיות פונם דאָזיקן אויסגעוואַקסענעם קינד האָבן שוין ניט געקאָנט אַרויסגעבן פון זיך דעם ריינעם ריח פון יוגנטלעכער תמימות, ווי מיר געפינען דאָס, למשל, אין די מעשיות פון אַנדערע פעלקער: אין אונזערע מעשיות שטעקן מוראדיקע כוונות, אָפּטמאָל מער כוונות, ווי דערציילונגס-שטאָף, דער עיקר איז דאָרטן אָפּט דער מידרש און ניט די פּאָעטישע מעשה... נאָר נאָך אַלעמען, ווי שטאַרק איז פונדעסטוועגן דער כישוף פון אונזערע אגדות. ווי אַ פאַרטריקנטע רויז היט אָפּ איר ריח, אַזוי ליגט אין דער רוחניות,

אין דער כוונה פון דער אגדה פארגליוועדט אף דורות אַ פּאָעטישע קראַפט. דאָס זיינען מעשׂיות פון אַן אַלט פאָלק, וואָס האָט ניט אָנ־געוואָרן די סגולה צו אַ געוויסער תמימות, דאָס איז אַן אופטו פון אַן אַלטן גאון אין נשמה־יתירה־מאָמענטן . . .

* *
*

אָבער געדאַנקן־פּאָעזיע אין דער פּלאַסטיק, צי איז זי גאָר מעג־לעך פאַר אונזער קינסטלער? פונם ענטפער אַף דער דאָזיקער שאלה הייננט אָפּ זיין גורל אין דער אידישער קונסט. וויפיל קונסט דאַרף מען פאַרמאָגן, כדי ס'זאָל איר ניט פאַרשאַטן די אַבסטראַקטע כוונה? וויפיל קונסט דאַרף מען קאָנען אַריינלייגן אין דער פאָרם, כדי זי זאָל אונז קאָנען צושמידן צו זיך אָן דעם פירוש צו איר? די אַבסטראַקטע כוונה— דאָס איז דאָס אָפענע מויל אינם סקולפּטור־ווערק. וויפיל קונסט פאָדערט זיך דערצו, אַז אַן אָפן מויל זאָל ניט ווירקן פּוסט און מיאוס, וויפיל האַרמאָניע דאַרף מען אַריינטראָגן אין דער פיגור, כדי די דאָזיקע דיס־האַרמאָנישע הפסקה זאָל איר ניט פאַרשאַטן?

וועט אונזער סקולפּטאָר אַוועקוואַרפן זיינע טיפע כוונות — קאָן ער אָנווערן זיין אינטימע אידישקייט, וועט ער אָבער האָבן אין זינען נאָר זיינע כוונות, קאָן ער ניט ווערן קיין אמתער קינסטלער: אָט דאָס זיינען די סכנות, וואָס צווישן זיי דאַרף אונזער סקולפּטאָר פאַרקערעווען אַף אַ זיכערן וועג. ער דאַרף געפינען די גשמיות צו זיין רוחניות. און דעם דאָזיקן וועג אַנטפּלעקט מען מיטן כוח פון אַ געוויסער אינסטינקט־טיווער תמימות. צי וועט זי אָבער קלעקן בײַ אונזער קינסטלער פאַר דער גרויסער אַרבעט, וואָס שטעלט זיך איצט פאַר אים, צי פאַרמאָגט ער זי געננג פאַר זיין פּראָבלעם פון דער אידישער קונסט?

ווילנע 1915.

# די אידישע מוזיקאַלישע נשמה.

פון רוסלאַנד הערט מען נאָך — אַ באַשיינפערלעכער נס — די שטים פון דער אידישער מוזיקאַלישער פרייד, און עס טראָגן זיך איבערן לאַנד היינטוועלטיקע אידישע נגונים, וואו עס ווערט אָפּגעהיט מיט יראת־הכבוד די אידישע מוזיקאַלישע ירושה און וואו מען שמידט אין דער אייגענער צייט נייע רינגען אין דער גאָלדענער קייט פון אידישן געזאַנג.

אויב עס וועט אַמאָל קומען דער גואל פאַרן אידישן מוזיקאַלישן גלות, וועט ער אפשר קומען פון רוסלאַנד?

און דער גלות איז אַ לאַנגער, אַ פינצטערער, און ווער עס האָט נאָר אַן אויער, וועט גרינג דערהערן די מוראדיקע זיפצן פון דער אידישער מוזיקאַלישער נשמה, וואָס בּיינקט נאָך גאולה, נאָך אויסלייזונג פון אירע קייטן.

ווען וועט שוין קומען איר באַשערטער, וואָס וועט אַנטפּלעקן די אידישע נשמה פאַר דער מוזיקאַלישער וועלט?

ווילד שפּראָצט און וואַקסט דער אידישער מוזיקאַלישער פאָלקלאָר, אין קעלער־שטיבער, צווישן אַרבּעטער און דינסטמוידן, אין חדרים און ישיבות, אין בתי־מדרשים און שולן, בּאַ באָבעס און בּאַ אייניקלעך, און ניטאָ ווער עס זאָל אים אויסהאָדעווען.

פון די גמרא־נגונים, פון די רעטשיטאַטיוון אין אונזערע תפילות, פונם אַלט־היסטאָרישן טראָפּ האָט שוין לאַנג אַ אידישער וואַגנער געקאָנט געבּאָרן ווערן. וואו איז ער? וואו זיינען אונזערע אייגענע הללויהס, וואָס וועלן געווים אַ וועלט אויפשטורעמען, אויב זיי וועלן זיך נאָר בּאַווייזן אין זייער פולן גלאַנץ? וואו זיינען אונזערע איכה־נגונים, וואָס

דאַרפן איינזאַפּן אין זיך די טראַגעדיע פונם אייביקן איד — די טראַ־געדיע פון דער וועלט־געשיכטע? זיי וואַרטן אַלע אַף זייער גואל.

אין רוסלאַנד זיינען די נשמות פאַרפלייצט מיט גאולה־שטימונגען, און דער קול חתן וקול כלה, קול ששון וקול שמחה, וואָס מען וועט אים דערהערן אַמאָל אין משיחס צייטן, האָט זיך איצטער — ווי אין ערב־משיח־צייטן — אַ טראָג געטאָן איבער די רוסישע סטעפּעס און מיט זיין התלהבות פאַרכאַפּט אויך די אידישע מוזיקאַלישע נשמה.

און אַלטע ביינער האָבן דאָרטן אָנגעהויבן אופלעבן, א מלאך הגואל האָט ווי אַ פאָך געטאָן מיט זיין פליגל איבער דער אידישער מוזיקאַלישקייט, און זי האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן גרינע שפּראָצונגען, עס האָבן זיך שוין בלעטלעך אזוינע פרישינקע באַוויזן, וואָס כישופן מיט זייער חן.

עס איז נאָך ווייט פון דער גאולה, אָבער אַן אָנצוהערעניש איז שוין פאַראַן, ווי אַ ווייטער ווידערקול פון אַ נחמו, נחמו עמי.

אַ דור פון אידישע מוזיקער איז אין רוסלאַנד אופגעשטאַנען, וואָס טוט מיט התלהבות אַ הייליקע אַרבעט און האָט זיך איינגעשפּאַנט אינם יאָך פון דער גאולה — פון אויסלייזן דעם פאַריתומטן אידישן מוזיק־גייסט.

לאָמיר שטאַרקן אונזער גלויבן מיט אַ האָפענונג: אַ קשיא אַף אַ מעשה — אפשר איז טאַקע באַשערט נאָך אונזער דור צו דערהערן דעם קול חתן וקול כלה, קול ששון וקול שמחה!..

# נגלה און נסתר

אָדער

# יאשא חפץ און בראָניסלאַוו הובערמאַן.

פון ניצשעס צייטן אָן האָט מען זיך צוגעוואוינט אונטערשיידן צווייערליי מינים קונסט: אַפּאָלינישע און דיאָניזישע. דער ערשטער מין איז ליכטיק ווי די שיין פון דער זון; קלאָרקייט, האַרמאָניע, אויסגעגליכנקייט זיינען זיינע סימנים מובהקים. פאַרקערט, איז די דיאָניזישע קונסט טונקל, און אירע וועגן זיינען פאַרבאַהאַלטענע. די התלהבות איז בּאַ איר אָן אַ מאָס און אָן אַ בּרעג, זי איז ניט אַזוי מקפיד אַף דער פאָרם און גראָבּט זיך אין די מיסטישע טיפענישן פון דער נשמה. מען קאָן מיט דער דאָזיקער צעטיילונג כאַראַקטעריזירן די קונסט פון גאַנצע פעלקער און פון איינציקע קינסטלער. די אַלטע גריכן זיינען מער נוטה געווען צו דער קלאָרער, אַפּאָלינישער קונסט; די אַלטע אידן, פאַרקערט, האָבּן מער געהאַלטן פון מיסטישער התלהבות און אפילו אין זייערע וועלטלעכע שאַפונגען, ווי למשל, אין דעם ליבּע=ליד שיר השירים, זיינען זיי אויך געווען אָן אַ מאָס און אָן אַ בּרעג, און דער קאָפּ פונם געליבּטן ווערט דאָרטן צוגעגליכן צום כרמל=בּאַרג און זיין נאָז צום טורם פון לבנון.

ווען מיר זאָלן נעמען, למשל, צוויי גאונים פון אונזער היינטוועלטיקער ליטעראַטור, וועלן אונז דער פראַנצויזישער שרייבער פלאָבער, אָדער דער דייטש געטע פאָרשטעלן דעם אַפּאָלינישן פּרינציפּ, און דער אכזרישער און טונקעלער גאון דאָסטאָיעווסקי דעם דיאָניזישן פּרינציפּ אין דער קונסט.

מיט אונזערע אייגענע השגות און ווערטער קאָנען מיר דעם חילוק

צווישן די צוויי מינים קונסט אָנרופן מיט די נעמען נגלה און נסתר, אָפענע און געהיימע קונסט.

פאַראַן טאַלאַנטן און גאונים אין ביידע מינים, און ס'איז גלייכער ניט מאַכן צווישן זיי קיין גזרה שוה און דערלאָזן יעדערן זיין גרויס, טאַלענטפול און געניאַל אין זיין אייגענער מהיצה.

* * *

צי קאָן מען ניט ניצן דאָס אייגענע לגבי ווירטואָזן?

אַז מען הערט יאַשאַ חפצן שפּילן, באַזעצט זיך אין אייער נשמה אַן אויסטערליש געפיל פון האַרמאָניע, און עס קומט אייך צו אַ נשמה יתרה פון פרייַלעכקייט, פון אָפּטימיזם. אייך הויבט זיך אָן דוכטן: פונקט אַזוי ווי דער פידל־קינסטלער, וואָס שטייט דאָ פאַר אייך, איז שפּילעוודיק גובר אַלע טעכנישע מניעות, די שווערסטע פּאַסאַזשן, פונקט ווי ער גייט אַזוי גרינג אַריבער פון לייכט צו שווער, פון האַרמאָניע צו דיסהאַרמאָניע און באַשאַפט פון אַלע מינים טענער אַ הפלא־ופלאדיקן צוזאַמענקלאַנג, וואָס רופט אַרויס בא אייך אַ ווידער־קול פון ריינע האַרמאָנישע נשמה־אַקאָרדן, פונקט ווי די גראַציע פון זיין פידל־שפּיל סימוואָליזירט פאַר אייך די אַבסאָלוטע פרייהייט פון באַוועגונג —

פונקט אַזוי, דוכט זיך אונז, קאָן מען גובר זיין אַלע מניעות, אַלע דיסהאַרמאָניעס פון לעבן, מען קאָן מיט גראַציע באַזיגן די אומגעלומ־פּערטקייט פון מענטשן און לעבנס־תנאים און פאַרענדיקן די טעג מיט אַ לויב־געזאַנג צו זיין הייליקן נאָמען...

אָט דאָס איז די אילוזיע, וואָס יאַשאַ חפצן פלאַנצט אין אייך אַריין מיט זיין אַפּאָלינישן שפּילן, מיט זיין כוח אין נגלה...

מיר פטרן געוויינלעך אָפּ אַזאַ מין שפּיל ווי בא יאַשאַ חפצן מיט די ווערטער: „כישופדיקע לעגענדאַרישע טעכניק — און ווילן ניט זען און ניט הערן, אַז דאָ פלאַטערט אַ נשמה, וואָס גיט זיך אַרויס גאָר אין גאַנצן און שטייגט דעריבער אַלץ העכער אויף דעם לייטער פון נגלה, צו דער אידעאַלער טעכניק, צו דער קלאַסישער פאָרמע, צו דער ליכטיקער שיין פון דער זון, צו דעם אידעאַלן בילד אין דער מוזיק.

יאַשאַ חפצן איז שטאַרק אָנגענומען אין אַמעריקע, און בא אונז אין אייראָפּע נעמט שטאַרק אויס הובערמאַן, וואָס זיין כוח

ליגט אין נסתר, אין דער געהיימער קונסט, אין די מיסטישע טיפענישן און אויפטרייסלונגען פון דער נשמה.

אז איך הער הובערמאַן שפּילן, חידוש איך זיך קודם כל אף זיין דזשענטלמענישן פּראַק, וואָס קלעפּט צו אים ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט:

אז ער וואָלט זיך באַוויזן אף דער עסטראַדע מיט פליגלען, וואָלט עס געווען נאַטירלעך, פאַרשטענדלעך, אָבער אַ פּראַק? אָט דער סימוואָל פון אונזער באַרבאַרישער ציוויליזאַציע, וואָס צאַמט־איין און פאַרקנעפּלט אַלע טיפע מענטשלעכע געפילן, ווי קומט אַזאַ טשיקאַווער מלבוש צו אַ נשמה, וואָס פלאַטערט ערגעץ אַרום אין עולמות העליונים?

ס'איז דער כוח פון נסתר, פון דער געהיימער קונסט, וואָס אַנט־פּלעקט זיך אין הובערמאַנס שפּיל, דער שטרעב צום אידעאַלן טאָן אין דער מוזיק.

אָבער אלו ואלו דברי אלהים חיים, — זיי זיינען ביידע געטלעכע שטימען, יעדער אין זיין מחיצה. נגלה און נסתר זיינען צוויי פּנימער, צוויי אַטריבוטן, וואָלט זאָגן דער ספּינאָזיסט, וואָס דורך זיי אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז די וועלט פון שיינקייט.

# מרים און מרים

אָדער

## צוויי בּיינקשאפטן נאָך אידישער קונסט.

.1

די ערשטע מרים רעדט צו אונז אזוי צו זאגן:

אידישקייט איז ניט אין הימל און ניט אין ארץ ישראל. אידיש־קייט איז אומעטום און אפילו בּאַ די נעגערס, בּעת זיי זינגען און זאָגן און טייטשן א פּסוק אין תנ"ך...

אידישער סטיל, אידישער פּרצוף, אידישע תנועה און העוויה, אידישע אויסטערלישקייט, אידישע עקזאָטיק זיינען ניט ערגעץ ווייט אין מזרח, אין תימן, צי אַראַביע, אידישקייט איז אַרום אונז און אין אונז... עפנט די אויגן, און איר וועט דערזען די קוואַלן, וואָס שטראָמען אַף אונזער גלות־וועג, און איר וועט פון זיי שעפּן אוצרות פון אידישקייט...

וואָס דאַרפט איר זיך פאַרטראָגן העט־ווייט, אזש בּיז צו די אבות, אמער דערמאָנט זיך אין אייער זיידנס אַ קאַפּיטל תהילים, טאַקע אין אייער אייגענעם זיידנס א ניגון, און איר כאַפּט דערמיט אַ איד פאַרן הארצן...

צי זייט איר אמאָל געגאַנגען אין חדר? צי האָט איר אַמאָל מעביר קריאה געווען די סדרה מיטן טראָפּ? צי האָט איר זיך געשאָקלט איבּער דער גמרא, זוכנדיק און טראַכטנדיק אין תוספות און מהרש"א מיט דער הילף פון אַ מתיקותדיקן ניגון? צי האָט איר זיך צוגעהערט ווי אייער טאטע זינגט און זאָגט זיין שיר השירים פרייטיק צונאַכט? טאָ

נעמט זשע פונם גרייטן, מיט מוט, מיט הארץ, פירט דאָס אַריין אינם היכל פון דער קונסט, באַווייזט דאָס אַלצדינג אַף דער סצענע און דער עולם וועט דערזען — די קונסט פון אידישקייט...

.2

אָט אזוי זאגט צו אונז די צווייטע מרים:

גערדיינקט איר נאָך די באַגעגעניש פון אַמאָליקע צייטן? מרים האָט זיך פארבייגקט נאָך טענץ און געזאַנגען, איז זי מיטן פויק אַרויס אַנטקעגן דעם באפרייטן פאָלק, און אלע פרויען זיינען נאָכגעגאַנגען, זינגענדיק און טאנצנדיק.

אויב איר האָט דאָס ניט גאָר אינגאַנצן פארגעסן, וועט איר פאַר־שטיין די בייגקשאַפט פון אונזער היינטיקער מרים נאָך דער גרויסער תאווה, נאָך לידער פון נצחון, נאָך הללויהס פון דער גרויסער פרייד. צי איז נאָך פאַראַן טעמפּעראַמענט, צי איז נאָך פאַראַן העלדישקייט באַ אונזערע אידן, פרעגן אונזערע מרימס? און אז זיי זעען און פילן דאָס ניט באַ אונז, אַז זיי ווערן דערשטיקט פון דער מרה־שחורה, וואָס דעקט־צו אונזער לעבן און לאָזט צו אים נישט אַריין קיין טאַנצנדיקן זונען־שטראַל, גייען זיי קוויקן זייער דאָרשט באַ פרעמדע קוואלן, באַ די טייכן פון בבל... אָט אזוי וואַנדערן אונזערע מרימס אין צווייאיקן גלות, באַ אייגענע און באַ פרעמדע, באַ אידן און באַ גויים... ביז עס קומט די מינוט...

טאַקע ניט מער ווי אַ מינוט... אָבער זי איז גענוג אַף אויפ־צוּוועקן דאָס הארץ פון אונזער מרים, און זי ווערט אָנגעזאַפּט מיט דער אידייע פון איר שליחות — זי פילט פאָראויס און פארשטייט דעריבער אויך צו גיין פאָראויס...

רייסט זיך אין אונזער מרה־שחורהדיקן לעבן אַריין אַ שטראַל, כאַפּט אים אוף אינזער מרים, זי געפינט ווודער דעם פויק פון אַמאָליקע צייטן און קומט אַרויס אונז אַנטקעגן מיט טענץ און געזאַנגען... זי פילט זיך ווי אַ חלוצה פון דער אידישער קונסט...

* * *

און זוכנדיק אַ קוואַל פֿון לעבן און שאַפֿן, אנטפּלעקט מרים די נשמה פֿון מזרח אין חלוצישן ארץ־ישראל און — דער עיקר — אין זיך אליין...

ווי אופגעכאַפּט זיך פֿון אַ לאַנגן, לאַנגן שלאָף, פֿון אַ מידקייט און איבערזאַטקייט אין אייראָפּייאיזם... און דערנסטמאָל הויבט מרים אָן זיך צו חידושן: ווי קומט צו מיר אייראָפּייאיש מיושבדיקייט, איינגעצאַמט־קייט, גראָ־אין־גראָ־פאַרביקייט, ווי קומט צו מיר דער גלייכער טאָן, ווי קומט צו מיר דאָס איינגעהאַלטנקייט אין אַלצדינג — אין צאַרטקייט און אין ליידנשאַפֿט, אין געבעט און געשריי, אין וויינען, זינגען און טאַנצן, דאָס איינגעהאַלטנקייט ניט נאָר פֿאַר דער וועלט: אָ, דאָס ווייס און פֿאַרשטייט די מזרח־פֿרוי גאַנץ וואויל, אַז פֿאַר דער וועלט מוז מען צודעקן די נשמה מיט זיבן שלייערן, — אָבער דאָס איינגעהאַלטנקייט פֿאַר זיך אַליין, די אינעווייניקסטע דיסציפּלין, וואָס טריקנט אויס די נשמה גאָר אינגאַנצן, ווי קומט זי צו אונז, מזרח־פֿאָלק, אָט דאָס אויס־געדאַרטקייט, אויסגעקוואַרטקייט, צוגעקנעפּלטקייט פֿון דער נשמה — אויב ניט פֿונעם גלות און פֿונעם אייראָפּייאיזם, וואָס איז פֿאַר אידן אַזוי לאַנג און אַזוי אָפּט געווען היינו הך —

און דעריבער אַראָפּ מיט די זיבן שלייערן, און זאָל דורך די קייטן פֿון דער ציוויליזאַציע אַ שפּריץ טאָן דאָס ווילדקייט, זאָל דורך די שיינע, צאַרטע ליבע־טענער אַ כאָרכל טאָן די שטים פֿון דער וויל־דער חיה...

האָט איר געהערט און געזען אַן אַראַבּיש וויגליד? — הונדערטער דורות אידישע מאַמעס מיט זייער מזרחישע צאַרטקייט און ווילדקייט קאָנען געפֿינען זייער תיקון אין דער אַראַבּישער מאַמע מיט איר וויגליד.

* * *

פֿאַרשטייט זין, ליגט אייראָפּע אין אונזערע געדערים, אין אונזער פֿלייש און ביין, אין אונזערע געבליטן. פֿאַרשטייט זיך, אַז נאָר מיט אייראָפּע און דורך אייראָפּע וועלן מיר סיי טעכניש און סיי עסטעטיש אַנטפּלעקן פֿאַר זיך און פֿאַר דער וועלט דעם סעמיטישן מזרח —

מיר דאַרפן און מוזן זיין געגוג אַנטיסעמיטיש, בכדי אויס־צוטייטשן פאַר דער וועלט דעם סעמיטיזם —

אונזער חלוץ מוז טעכניש און עסטעטיש אַרויסקומען פון גלות־אייראָפּע, באַוואָפנט מיט אַלע כלי־זין פון אייראָפּע —

ער דאַרף נאָר ניט האָבן אָנגעוואָרן דעם זיכרון — דעם זיכרון, אַז זיין יחוס קומט פון מזרח, און אז אויב ער קערט זיך אום מיט זיין פּנים צום מזרח, איז דאָס א שטיק אייגנס —

און מיר קומען אהינצו מיט דער טעכניק פון דער אינדוסטריע און פון דער עסטעטיק —

מיר קומען און מיר זוכן —

מיר האָבן זיך פאַרשריבן אין דער מחנה פון די זוכנדיקע — גם מרים בנביאות —

און נאָך די זוכנדיקע וועלן קומען די גרויסע געפינערס.

מיר וועלן באַווייזן דעם אידישן ברען און דאָס אידישע העלדיש־קייט — מיר וועלן אויסלייטערן דעם אידישן זשעסט און דעם אידישן פּנים — מיר זיינען מזרחיש און אייראָפּייאיש אינאיינעם, און מיר וועלן ריזיקירן זיך אַרויפצוכאַפּן אף די שפּיץ בערג פון טעמפּעראַמענט און דאָרטן אָנצינדן די בלאָ־ברענענדיקע פייערלעך פון התלהבות —

מיר וועלן באַווייזן פאַר אונז און פאַר דער וועלט — די אי־דישע קונסט...

# איציק מאַנגער און זיין
# באַלאַדן־דיכטונג.

רעדע אין ריגער אידישן ליטעראַטן פאַריין,
יאָר 1931.

מאַנגערס באַלאַדן=דיכטונג — אַ נייער, אַ פרעמדער, כמעט ניט=אידישער שטראָם אין אונזער פּאָעזיע — זעאונג און זוכעניש פון נייע ווענן, אויב נישט פון נייע וועלטן. —

באַלאַדע — אידישע באַלאַדע! — צי קלינגט דאָס ניט ווי פייער=דיקע וואַסער? לירִיק איז אונז נאָענט, א איד האָט ליב דאָס פידעלע — אָבער עפּאָס? בילדער פון לעבן קאָנען מיר נאָך אריבערטראָגן, אָבער בילדער פון דער פאַנטאַזיע? געטער און געטשקעס? עבודה זרה? בעת עס איז פאַראַן נאָר איין גאָט אף דער וועלט, וואָס מען זעט אים ניט און מען הערט אים ניט? און מיטאַמאָל נאַ דיר קינדישע און קינדערשע צאַצקעס! — שדים זיינען דאָך בא אונז מיאוס, מכשפות זיינען דאָך באַ אונז עקלדיק, ניטאָ קיין פרינצעסן, ניטאָ קיין „פייע“, קיין שיינע כישוף=פרייילנס אין דער אידישער פּאָעזיע—און דאָ קומט מאַנ=גער און באַווייזט אונז גאָר שיינע רוחות... צו אל די רוחות. פע, ס'איז ניט אידישלעך!..

שרעקט זיך אָבער ניט מאַנגער — אַ חצוף, א ליידאַק אַזאַ! — און דיכטעט אידישע באַלאַדן, דאָס הייסט מיט אידישע אותיות און מיט נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע — דאָס הייסט אידישע — מאָטיוון. אָבער דער טאָן, דער נשמה=ציטער, די פאָרמע, דער נוסח — מיט איין וואָרט, דאָס, וואָס מאַכט פון פּאָעזיע פּאָעזיע — איז גוייש.

„שטערן אפן דאך“ הייסט מאַנגערס לידער־זאַמלונג. אָט מיט דעם בוך האָט די יונג־אידישע רומעניע זיך באַפרייט פון אירע אָרטיקע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע ד' אמות און איז אריינגעשפרייזט אין דער אידישער וועלט־ליטעראַטור, זיך אריינגעשטופּט אין דער מחיצה פון אונזערע בעסטע, היינטוועלטיקסטע ליריקער.

* * *

איציק מאַנגער איז ניט קיין פנים־חדשות בא אונז אין ריגע. ס'איז גרינג צו דאַטירן מאַנגערס קומען און אוועקגיין, ווייל כמעט אומע־טום לאָזט ער אונז עפּעס איבער. מאַנגער, דאַרפט איר וויסן זיין, איז ניט נאָר אַ דיכטער, אז סע פאַרגלוסט זיך אים, איז ער אויך אַ רעדאַקטאָר אַף אַ שעה. פון צייט צו צייט און פון אָרט צו אָרט לאָזט ער ארויס אַ בלעטל אונטערן קעפּל „ג ע צ ײ ל ט ע ו ו ע ר ט ע ר“, וואָס רופט זיך אָפּ אַף אַקטועלע געשעענישן אין ליטעראַטור, טעאַטער און קונסט, א מין באַוועגלעכע רעדאַקציע, וואָס מען קאָן זי ארומטראָגן אין קעשענע. און אז איר זייט מעיין אין זיינע געציילטע ווערטער, קאָנט איר זיך דערוויסן, אז ער איז דאָ בא אונז אין ריגע געווען דעם 10־טן אָקטיאַבר 1930, בעת ער האָט זיך פאַרמאָסטן גובר צו זיין משה נ א ד י ר ן, וואָס האָט דענסטמאָל אָנגעמאַכט אַ טומל מיט זיין ארויסטריט אין אמע־ריקאַנער „פרייהייט“ קעגן אברהם רייזען. מאַנגערס אַרטיקל טראָגט דעם נאָמען „פון משה טעם ביז . . . משה נאדיר“. דאָס איז איינער פון די פיינסטע קריטישע עסיים, וואָס מיר איז ווען עס איז אויסגעקו־מען צו לייענען, מלא וגדוש מיט פיינע קריטישע פאָרמולירונגען. ער גיט אָפּ נאַדירן דאָס, וואָס סע קומט אים. די ברכה און קללה די ברכה פאַר דעם זיווג פון ליריק און אַנעקדאָט, וואָס איז משה נאַדירס שעפע־רישע קרוין, און די קללה פאַר זיין ליריק־לעסטערונג, בעת ער נעמט די פאַקל און די פאָן פון דער רעוואָלוציע און שלעפּט זי אָן קולטור און אָן יראת הכבוד אריין אין דער אָפּערעטע, ווי דאָס האָט געטאָן „משה טעם“ פון אַלטן אידישן טעאַטער מיט דער ספר־תורהלע; פונקט ווי משה טעם האָט וואולגאריזירט „דאָס פינטעלע איד“, האָט משה נאַדיר פאַרשוועכט דאָס „פינטעלע פּראָלעטאַריאַט“.

מאַנגערס פּאָרטאַטיווע רעדאַקציע „געציילטע ווערטער“ גייט שוין אַריין, לאַכט ניט, אין דריטן יאָרגאַנג און באַגלייט אים, ווי איר זעט, אַף זיינע וואַנדערונגען.

נאָר ניט מאַנגער דער עסייאיסט אינטערעסירט אונדז היינטיקן אָוונט. לאָמיר זיך אָפּשטעלן גענויער און פּרוּוון אַנאַליזירן מאַנגערס באַלאַדן־דיכטונג, וואָס איז אָן ספק אַ נייער שטראָם אין דער אידישער פּאָעזיע, הגם דער שטראָם אַליין איז גאָר ניט קיין אידישלעכער, און עס וועט גאָרניט אַזוי גרינג זיין פאַר אידן אים צו אַסימילירן.

* *
*

אַף דריי עלעמענטן קאָנט איר צעטיילן מאַנגערס באַלאַדן־דיכטונג. אויב איר ווילט, זיינען דאָס דריי נוסחאות, דריי וואַריאַציעס פון איין שטאָף: פון דעם מיטלעלטערלעכן באַלאַדן־שטאָף.

די דריי נוסחאות זיינען ווי דריי פּנימער פון גאָט: די ריינע מיטלעלטערלעכע באַלאַדע, דאָס קריסטוס־ליד און דאָס ליד פון בעל־שם.

אין מאַנגערן האָט אופגעלעבט — אַף אַ ראַפינירטן אופן — די מיטלעלטערלעכע בּיינקשאַפט נאָך אַ נס, דער חשק צו אַ טשיקאַווער וואונדערלעכער מעשה, די עסטעטישע הנאה פון שרעק און פון גרויל. אַזאַ מין ריינעם מיטלעלטערלעכן באַלאַדן־שטאָף (פּונקט אַזוי ריין ווי בּאַ דעם דייטשן דיכטער בּירגער), האָט איר, למשל, אין זיין „באַלאַדע פונם כלה־שלייער“. וויינט דאָס בּלייכע כלה־מיידל: ווער וועט מיר דעם שלייער שפּינען? ס'איז מיין פאָדים אויסגעגאַנגען. קומען זיבן זקנות און לייגן איר פאָר, אַריינשפּינען אין איר שלייער זייערע זילבּער־ווייסע האָר. פאַרענדיקט זיך די באַלאַדע מיטן בּלייכן טויט פון דער כלה. פּונקט אַזאַ מיטלעלטערלעכן גרויל־שטאָף האָבּן מיר אין דער באַלאַדע פונם בּלענדעניש און די צוויי בּריגאַנטן (רויבּער), וואָס ווערן פאַרפירט פון אַ פייערל און ווערן איינגעזונקען אין אַ זומפּ.

אָט אַלע די באַלאַדן זיינען מיטלעלטערלעך־היידניש, גוייש, אפילו ניט קריסטלעך, און מיר טאָרן זיך ניט לאָזן אָפּנאַרן פון זייער סיוזשעט, אַלץ איינס, צי פון אַ נאַציאָנאַלן אָדער סאָציאַלן מאָטיוו אינם סיפּור המעשה. דוכט זיך, וואָס איז נאָך אידישלעכער פונם קידוש־השם־מאָטיוו?

לאָזט זיך אין אַ מאַנגערשער באַלאַדע אַ אידיש-מיידל פאַרברענען אַף קידוש-השם, ווייל זי קאָן ניט פאַרשעמען דער מאַמעס שבת-ליכט.

„און אַז דאָס פייער האָט אויסגעברענט
און דאָס גראָע אַש איז געבליבן
האָבן זיך אַפן אַש צעברענט
גאָלדענע שבת-ליכט זיבן.
גאָלדענע שבת-ליכט זיבן“.

און דאָך איז עס אַ גוייש ליד. אַפן אַש פאַרבלייבן זיבן שבת-ליכט: זייער שיין, אָבער ניט אידישלעך. דער שם, גאָט אַליין, האָט באַ אידן קיין בילד ניט, און אויך דער קידוש-השם האָט באַ אונז קיין בילד נישט. וואָס בלייבט נאָך אַ אידישן קידוש-השם? ניט קיין זיבן ליכט, נאָר טאַקע נישט מער ווי קידוש-השם אין די מוחות, אין דער נשמה, אינם זכרון פון גאַנצן פאָלק, ניט קיין געטשקע, ניט קיין שבת-ליכט אַפן אַש פונם אינקוויזיטאָרישן שייטער-פייער, אַפן קוועמאַדעראָ.

אַ היפשע צאָל פון מאַנגערם באַלאַדעס קענען שוין אריינ-גענומען ווערן אין אידישע שול-כרעסטאָמאַטיעס, ווייל זיי ווייזן דעם אמתן, דעם אָרגאַנישן באַהעפט מיטן באַלאַדע-שטאָף, וואָס מיר האָבן אים ביז איצטער ניט געזען אין דער אידישער ליטעראַטור, וואָס איז, למשל, לגבי מאַנגערס פּאָעטישן באַלאַדן-גלויבן די משכיליש-לצניש-בדחנישע באַלאַדן-ראָמאַנטיקע פון י. ל. פּרצעס „מאָניש“? אַ גרויסן מהלך זיינען מיר אָפּגעגאַנגען פון יענער צייט, און מאַנגער האָט אונז געגעבן צו פילן אַ נייעם ציטער פון דער נשמה. פאַר אַ שול-כרעסטאָ-מאַטיע וואָלט איך רעקאָמענדירן אריינגעמען פאָלגנדיקע מאַנגערס באַ-לאַדן: „די באַלאַדע פונם אַלטן היידוק“, „די באַלאַדע פונם בלענדעניש און די צוויי בריגאַנטן“, „די באַלאַדע פון פאַרלאָרענעם שעפעלע“.

ס'איז גאָר נאַטירלעך, אַז איציק מאַנגער, וואָס האָט זיך באַהעפט מיט דער מיטלעלטערלעכער באַלאַדן-ראָמאַנטיק, האָט זיך ניט באַגנוגנט מיט אירע היידנישע, געצנדינערישע מאָטיוון, נאָר האָט געפּרואווט אַסימי-לירן אין זיין ראָמאַנטיקע אויך דעם קריסטלעכן עלע-מענט. דער מאָנאַך פון מיטלעלטער באַשעפטיקט דעריבער מאַנגערס פאַנטאַזיע.

וואָס האָט באַטייט פאַרן מיטלעלטער דער מאָנאַך? ער האָט אַוועקגעקוילעט מיט א מעסער דעם פרילינג אין דער נאַטור און דאָס קינד אין דער מענטשהייט. אַ סוף מיט דער המימות אין אַלצדינג, אַ סוף מיט דער גענצנדינערישער לייכטזיניקייט. און אַף וואָס האָט ער אויסגעביטן די דאָזיקע קינדיש־זאָרגלאָזע וועלט? אַף דעם גיט אונז אַן ענטפער מאַנגער אין זיין באַלאַדע „דער מאָנאַך".

ער קניט און צלמט זיך
און פאַר די אויגן בליצט די וועלט די אייביקע,
די אויסגעבייגקטע וועלט..."

* *
*

פונם מיטלעלטערלעכן באַלאַדן־שטאָף טיילט זיך אויס מיט זיין וועלט־רעליגיעזן באַנעם דער צווייטער עלעמענט אין מאַנגערס פּאָעזיע — דאָס קריסטוס־ליד.

פאַרן היינטוועלטיקן מענטש און בפרט פאַרן היינטוועלטיקן נייעם איד איז דער קריסטוס־מאָטיוו אין דער קולטור פון דער מענטשהייט זייער אַן ערנסטע פּראָבלעם. ווי דאַרף זיך צו אים באַציען דער אידישער פרײדיינקער?

פאַרן אַלט־פרײנקישן איד, פאַרן איד פון מיטלעלטער, איז די לאַגע געווען א פשוטע און אַ קלאָרע: צום קריסטוס־מאָטיוו האָט זיך דער אַלטער איד באַצויגן פרעמד און פיינטלעך. דער נייער איד האָט אַזוי פשוט צום קריסטוס־מאָטיוו ניט געקאָנט און ניט געטאָרט צוגיין. לאָמיר נעמען דעם שטאַנדפּונקט פון היינטוועלטיקן נאַציאָנאַלן איד. פאַר אים איז די רעליגיע ניט דער איינציקער סימן פונם אידישן נאַציאָנאַלן לעבן. פאַר אים איז א איד אָן אַ באָרד אויך אַ איד, אוודאי נאָך מער, איידער אַ באָרד אָן אַ איד. נאָר אויב אידישקייט איז א נאַציאָנאַלער קולטור־ענין און ניט דווקא אמונה, מוז זיך ממילא בייטן אויך דער קוק פון נאַציאָנאַלן איד אַף דעם קריסטוס־מאָטיוו אין דער קולטור־געשיכטע.

דאָס אייגנע איז מיטן פרײדיינקער. ער קאָן באַ זיך ניט געפינען די שינאה פונם אַלטן איד צום קריסטוס־מאָטיוו, ווייל ער באַציט זיך בכלל אַנדערש צו די רעליגיעזע איבערלעבענישן פון דער מענטשהייט.

נאָר אויב די אַלטע באַציאונג פון פרעמדקייט און שינאה, וואָס דער איד פון מיטלעלטער האָט צו פּאַרמאָגט לגבי דעם קריסטוס-מאָטיוו, האָט ניט געקענט בלייבן די אייגענע אין דער נייער צייט, איז די פראַגע וועגן דער נ י ע ר באַציאונג צום קריסטוס-מאָטיוו געוואָרן איינע פון די ברענענדיקסטע פּראָבלעמען אין דער געדאַנקען-געשיכטע פון היינטוועלטיקן אידנטום.

מען האָט געפּרוּווט צוגיין צו דער פּראָבלעם פון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן, און עס האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי-דריי מינים תשובות.

פונקט ווי עס איז פאַראַן אַ „סאָציאַליזם פון נאַראָנים", (מיטן דאָזיקן נאָמען האָט בעבעל אָנגערופן די שינאה פון אַנטיסעמיטן צום אידישן קאַפּיטאַל), אַזוי איז אויך פאַראַן אַ „נאַציאָנאַליזם און פרייַדיינקערטום פון נאַראָנים". די דאָזיקע קאַטעגאָריע נאַרישע נאַציאָנאַליסטן און פרייַדיינקער זיינען צוגעגאַנגען צו דער פראַגע גאָר פּשוט: אמונה דאַרף זיין פרייַ און האָט צום היינטוועלטלעכן נאַציאָנאַלן לעבן קיין שייכות ניט. בכן איז אויך אַ משומד אַ איד און מען מעג אים פאַררעכענען פאַר אַ מיטגליד פון אַ אידישער קהילה. געווען אַזאַ איד, דער העברייאישער שרייבער ש"י איש-הורוויץ, וואָס האָט זיך דערשראָקן, אַז די נייע היינט-וועלטיקע אידן וועלן ניט פאַרשטיין דעם שכל און ניט וויסן דעם טעם פון אידישקייט און וועלן אופהערן באַנעמען, פאַרוואָס מען טאָר זיך ניט אַ שמד-טאָן און ווערן אַ קריסט, און ער האָט דעריבער באַשלאָסן ראַטעווען דאָס אידישקייט דורך — אַ פּרעמיע אַף דעם בעסטן ווערק וועגן מהות היהדות... דאָס זייַנען אַלץ ביישפּילן פון „נאַרישן" צוגאַנג צו דער קריסטוס-פּראָבלעם, וואָס רעכנט זיך ניט, ניט מיט דער אידישער געשיכטע, ניט מיטן אידיש-נאַציאָנאַלן קידוש-השם, ניט מיט דער פראַגע וועגן קיום און וועגן דער גאולה פון אידישן פאָלק און זיין ממשותדיקער באַציאונג צו דער אַרומיקער קריסטלעכער וועלט.

אָבער אויך אונזערע פילאָזאָפישע ראַציאָנאַליסטן פון ד"ר ח י י ם ז ש י ט ל אָ וו ס ק י ס ח ד ר האָבן נאַאיוו-משכיליש אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן איבערקוקן „רעוויזירן אונזער אידישן ד ר ײ פ ו ס - פּ ר אָ - צ ע ס" און איינשטעלן אַ נייע באַציאונג צו דער ה י ס ט אָ ר י ש ע ר קריסטוס-פּערזענלעכקייט. אידן האָבן כלומרשט מיט עטלעכע טויזנט יאָר קאָריק פאַרמישפּט צום טויט דעם אומשולדיקן יעזוסן, האָבן ביז איצטער

זייער באַציאונג צו „דרייפוס־יעזוס“ ניט געביטן און דאַרפן דעריבער איבערקוקן זייער היסטאָרישן פּסק־דין. און אונזערע פילאָזאָפן נעמען אַף זיך די שליחות אויס־צו־טײַטשן און דערנעענטערן צום היינט־וועלטיקן אידישן שכל, צו ראַציאָנאַליזירן פאַרן אידישן עולם ישו הנוצרי מיט זיין לעגענדע.

פאַרשטייען אָבער נישט אונזערע תמימותדיקע משכילים, אַז פאַר אונז — און אויך פאַר דער וויסנשאַפט — איז קריסטוס פּונקט ווי איוב „לא היה ולא נברא“, אפילו אויב ס'איז געווען אַף דער וועלט אַ מענטש מיט אַזאַ נאָמען און מיט אַזאַ ביאָגראַפיע. וואָרים דער עיקר איז ניט יעזוס, נאָר דאָס, וואָס מען האָט אין אים אַריינגעטראַכט און אַריינגעפילט. קריסטוס איז מער ניט ווי אַ משל, אַ סימבאָל; ווען מען זאָל אפילו אַנטפּלעקן מיט וויסנשאַפטלעכע מיטלען אויסגעפינען, אַז ער האָט יאָ ווען ניט איז געלעבט, וועט דאָס זיין זייער אַ טשיקאַווער ענין, אָבער נישט מער. דער עיקר איז, וואָס עוואַנגעליסטן האָבן דער־ציילט זיינע „שבחים“, וואָס אַפּאָסטעל פּוילוס האָט פונאַנדערגעשפּרייט דעם גלויבן אין אים צווישן די אומות העולם און אַז ער איז געוואָרן אַ קערנדל, וואָס אַרום אים האָבן זיך טויזנטער יאָרן נאָכאַנאַנד צענויפגעקליבן און קריסטאַליזירט רעליגיעזע איבערלעבענישן און גייסטיקע שאַפונגס־פּראָ־צעסן פון מיליאָנען מענטשן. בכן, איז די „רעוויזיע פון אונזער דרייפוס־פּראָצעס“ אן ענין פאַר משכילים און חקרנים. דאָס אידישע פאָלק איז צו קלוג, אַז עס זאָל זיך לאָזן פירן און פאַרפירן אַף אַזעלכע וועגן, וואָס שטאַמען אַלע פון אַ טרוקענעם משכיליש־ראַציאָנאַליסטישן מוח.

ניט דורך אָננעמען דעם קריסטנטום, ווי עס חלומען באַצאָלטע ענגלישע מיסיאָנערן; ניט דורך ראַציאָנאַליסטישע המצאות, ווי עס קלערן באַ אונז פּריידינקערישע חקרנים, המצאות, וואָס זיינען אויך נישט מער ווי אַן איבערנעמען פון פרעמדע און פיינטלעכע דיינקמעטאָדעס און געפילן־ריכטונגען; ניט דורך איבערנעמען, נאָר דורך שאַפן, דורך נייע ליבע און נייע שינאה, דורך דער אַרבעט פון דיינקער־פּאָעטן און פּאָעטן־דיינקער קען דער קריסטוס־מאָטיוו איבעראַנייס באַשאַפן ווערן אין דער היינטוועלטיקער אידישער קולטור.

צי איז דאָס איינמאָל שוין ניט געשען באַ אונז? צי האָט דער זוהר און די חסידות אונז ניט באַוויזן אַ אידישע שאַפונג פון

„קריסטלעכע“ מאָטיוון? צי איז די ראַליע פון אונזער חוט המשולש — גאָט, שכינה און רבי־צדיק ניט געגליכן צו דער קריסט־לעכער דריי־איינינקייט מיט איר גאָט־פאָטער, גאָט־זון און גאָט־הייליקער גייסט? און וואָס איז אונזער „אורייתא, ישראל וקודשא בריך הוא — חד הוא“?

און צי ווייסן ניט קריטישע משכילים, אַז אויך אַף דעם דאָ־זיקן דרך זיינען פאַראַן פאַר אונז גרעניצן, ווייל די אידישע רעליגיעזע שאַפנס־קראַפט איז געפּענטעט, ווייל די „שכינה איז אין גלות“ אינאיי־נעם מיטן אידישן פאָלק?

זיך אָפּרעכענען און פונאַנדעררעכענען מיטן קריסטוס־מאָטיוו אין דער מענטשהייטס־קולטור, אים אַסימילירן דורך גובר זיין מיט שע־פערישע מאָראַליש־עסטעטישע כוחות; שטייגן העכער, אויב נישט נאָך העכער אין סאָציאַלן, מאָראַלישן און עסטעטישן שאַפן און אויסלייזן זיך און די וועלט — אָט דאָס איז דער וועג פון אידישן פאָלק, פון דער נייער היינטוועלטיקער אידישער קולטור.

און די שליחות פון צוגרייטן אַזאַ וועג האָבן אַף זיך גענומען טאַלאַנטן־שעפער אין דער אידישער ליטעראַטור. אויב מען זאָל ניט רעכענען דעם עפּיזאָד פון נסתר מיט זיין „תפילה צו מרים“, שטייען אין דעם פּרט שלום אש און איציק מאַנגער אין דער ערשטער ריי.

* * *

שלום אש האָט געאידישט די קריסטוס־לעגענדע מיט די מיטלען פון זיין נייער עסטעטיקע.

ער איז געקומען אין דער אידישער ליטעראַטור מיט אַ נייער נביאות וועגן דער געהויבנקייט פון די „ערדישע נשמות“. פאַר זיין קו־מען האָט אין דער אידישער ליטעראַטור געוועלטיקט דאָס אָפיציעלע אידישקייט פון בית־המדרש. אלץ איינס, צי מען האָט משכיליש פונם בית־מדרש־איד לצנות געמאַכט, צי מען האָט אין אים ראָמאַנטישע שיינקייט אנטפּלעקט — אין לעבן און ליטעראַטור איז דער בית־מדרש־איד געווען דער פּאַטענטירטער, דער כשרער איד, וואָס אַרום אים האָט זיך צענויפגעקליבן די גרעסטע עסטעטישע אויפמערקזאַמקייט.

און דאָ איז אַש געקומען און האָט דורכגעבראָכן דעם פּראָנט מיט זיינע נייע אידן־טיפּן פון „קוילער געסל“.

נאַטור־קראַפט, פּשטות, די נשמה־מעלות פונם „עם הארץ“ זיינען דערהויבן געוואָרן אין דער נייער עסטעטיקע פון שלום אַש, וואָס האָט קעגן דעם אידישקייט פון די כלי־קודש אַוועקגעשטעלט דאָס אידישקייט פון דער „חברה דריי פּייען“ (פישער, פליישער און פורמאַנעס).

און אָט די דאָזיקע נייע עסטעטיקע האָט אַש אריבערגעטראָגן אין דער אידישער געשיכטע, אין דער אידישער פאַרגאַנגענהייט, אין ארץ ישראל, און זיינע טיפּן פון „קוילער געסל“ זיינען בא אים מגולגל געוואָרן אין די פּשוטע ערדישע אידן פון גליל, וואָס האָבן געלעבט אין די טעג פון קריסטוס און וואָס זיינען דענסטמאָל נעענטער געווען צו גאָט, איידער די בית־מדרש־אידן פון יענער צייט, איידער די אידן פון ירושלים. ניט אין בית־המקדש איז דענסטמאָל גאָט געזעסן. כדי צוצוקומען צו גאָט אין ירושלים האָט מען באַדאַרפט דורכ־גיין אַפּולע מחיצות, כהנים, לוויים, וואָס האָבן דעם פּשוטן איד, דעם איד פון לאַנד, אָפּגעשיידט און אים געהאַלטן ווייט פון די הייליקטימער.

אַנדערש איז אָבער געווען אין גליל. גאָט איז דאָרטן זייער נאָענט געווען, אין דעם טוי פון די פעלדער, אין די רעגנס, וואָס זיינען געקומען אין זייער צייט. און אויב קריסטוס איז נאָר געווען א משל, אַ לא היה ולא נברא, איז אָבער דער פּשוטער גאָט־נאָענטער גליל־איד געווען א פאַקט און פון אים האָט דענסטמאָל געמעגט ארויסשפּראָצן דאָס אור־קריסטנטום, די אָפּאָזיציע קעגן דעם אָפיציעלן אידישקייט פון ירושלים.

צי איז עס ניט נאַטירלעך געווען פאַר גליל־אידן צו גלויבן, אז מרים האָט א גאָט געבאָרן?

איז דאָך די מאַמעשאַפט הייליק, אַפילו אָן אלע כלי־קודשדיקע צערעמאָניעס, איז דאָך די מאַמעשאַפט אַזאַ געפיל, בעת דער מענטש באַהעפט זיך מיט דער וועלט, מיט דער גאַנצער נאַטור און ווערט א שעפער, אין איין בחינה מיט גאָט אַליין.

און אַ דריטער מאָטיוו אַ נאַציאָנאַל־עטישער: דאָס אידישע בכורה־רעכט אף קריסטוס צוליב דעם יחוס פון טראַגישן ליידן. ניט די זינדיקע רוימער, ניט די פריילעכע קאַרנאַוואַל־קריסטן, וואָס

מאכן חוזק פון אידן, ניט די יורשים פון טיטוס הרשע מיט זיין ניצחון־געוועלב, ניין, די ליידנדיקע רוימישע געטאָ־אידן זיינען נאָענט צו גאָט. און דעריבער גייט ניט דער איד איבערקוקן דעם „יעזוס־דרייפוס־פּראָצעס", נאָר פאַרקערט, קריסטוס גייט צום אידישן משיח און בעט דורך אים מחילה בּיים אידישן פאָלק.

אָט דאָס איז שלום אש׳ס דרך, בּעת ער פּרוּווט פאַר אונז אויסטייטשן דעם קריסטוס־מאָטיוו אין דער געשיכטע.

* *
*

אַן אנדער וועג, אַן עטיש־רעליגיעזן און קולטור־פילאָזאָפישן האָט פאַר זיך אויסגעקליבן איציק מאַנגער.

וואָס בּאַטייט געקרייציקט ווערן? דאָס איז די טראַגיק פונם קולטור־מענטש, פון דער קולטור־מענטשהייט, וואָס ווערט כּסדר געקרייציקט. בּכן דאַרף מען איבּערשאַצן אַלטע אידישע השגות.

וואָס איז פאַר אונז עקדת יצחק? אַ לויב־געזאַנג פאַר דער אמונה. מיר גרויסן זיך מיט אברהמס געטריישאַפט צו גאָט, מיט זיין שטאַרקן גלויבּן און פרייען זיך מיט יצחקס בּאַפרייאונג צום לעבן.

אין ליכט פון דער קריסטוס־לעגענדע פאַרוואַנדלט מאַנגער דעם מאָטיוו פון עקדת־יצחק אין אַ טרויער־ליד: ווייל ס׳איז אַ טרויער ניט זוכה צו זיין צו ווערן אַ קרבּן, ניט דערלעבּן געקרייציקט צו ווערן...

נאָר אויב דו האָסט אַ גלויבּן אין זיך אַליין בּאַשאַפן, מעגסטו שילטן און לעסטערן דעם אָפיציעלן גלויבּן מיט זיינע אָפיציעלע סימנים, מיט זיין צלם.

אָט אזוי זאָגט מאַנגערס קריסטוס:

ניט קני פאַר מיר, דו מענטש פון וועג, דו האָסט געגוג פאַרוואָס צו קניען אין דיינע נעכט, אין דיינע טעג

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„אַ יעדעס גרעזל האָט זיין טרויער,
אַ צלם שלאָפט אין יעדן בּוים"...

דורך דעם אויפשטאַנד, דורך דער לעסטערונג קומסטו צו אַ נייעם קריסטוס־מאָטיוו פאַר אונזערע צייטן. דו דערזעסט איבּעראַניים גאָט אינם אַרויסגעשטויסענעם גנב, אין דעם בּעטלער, אין דער זונה.

אלע ווערן זיי אויסגעלייזט פון זינד און שטייגן אַריבער אין זייער נייער אַנטפּלעקונג דעם אָפּיציעלן געקרייציקטן.

דעריבער קאָן זיך „דער לייזיקער" אויסטענהן מיטן געקרייציקטן, פּונקט ווי איוב בשעתו מיט גאָט.

„פּיבערט דער לייזיקער: וואו איז מיין היים?
שפּינוועבס און נאַכט און ווינט און ליים.
וואו איך שטעל מיין טראָט בין איך אין דער פרעמד,
און לייז. ווי שטערן ברענען אין מיין העמד.
פאַר דיין יעדן וואונד איז אַ ליפּ פאַראַן,
פאַר דיין יעדן דאָרן זיינען קני פאַראַן.
שטאַמלט יעזוס: „לייזיקער, איך גלויב,
אַז קדוש, קדוש, קדוש איז דיין טרער אין שטויב;"
און פון דעם שטערן רינט אַ זילבערן געוויין.
שמייכלט דער לייזיקער און לאָזט זיך פריילעך גיין,
מיט שווערע טריט אין שפּעטן דאָרף אַריין,
נאָך אַ לאַבן ברויט און נאָך אַ בעכער וויין".

מען וואָלט נאָך קאָנען אָנווייזן פאַרשיידענע אַנדערע אויסטערלישע ווענן, וואָס מיט זיי אַסימילירט מאַנגער דעם קריסטוס־מאָטיוו. דאָסמאָל איז גענוג אַף צו כאַראַקטעריזירן מאַנגערס קריסטוס־ליד.

דער צווייטער פּנים פון מאַנגערס פּאָעטיש־רעליגיעזער אינטואיציע איז דאָס ליד פון בעל־שם. דאָס איז דער מאָטיוו פון דבקות ביז צענויפגיסן זיך מיט דער נאַטור אין פרייד און לייד.

„הייליק איז די וועלט און דריי מאָל שיין!"

* * *

מיר האָבן זיך באַקענט מיט די דריי עלעמענטן פון מאַנגערס דיכטונג: ריינע מיטלעלטערלעכע באַלאַדע, קריסטוס־ליד און ליד פון בעל־שם.

פאַראַן אָבער נאָך אַן עלעמענט, וואָס האָט מער א שייכות צו דער פאָרמע איידער צום אינהאַלט, אָבער וואָס כאַראַקטעריזירט אַף אַ בולטן אופן די יונג־אידישע דיכטונג אין רומעניע.

איך מיין דערמיט דעם גראָטעסק, וואָס אונזערע רומעניש־אידישע דיכטער ברייננגען אים אריין אין דער ליטעראַטור. ס'איז ניט דאָ דער אָרט אויפצודעקן דעם וואָרצל, די טראַדיציע, פון וואַנען דאָס נעמט זיך באַ אונזערע יונג־אידישע פּאָעטן אין רומעניע: זיכער איז, אַז ס'איז פאַראַן אַף דעם אויך אַ אידישער קוואַל — די גאָלדפאדן־טראַדיציע, וואָס איז זייער לעבעדיק אין רומעניע.

וואָס איז גראָטעסק? דאָס איז טעאַטראַלישקייט אין דער ליניע.

און די דאָזיקע טעאַטראַלישקייט האָט מאַנגער אַריבערגעטראָגן אין זיין לירישער דיכטונג און באַקומען דורך דעם אַ מעגלעכקייט אפילו די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע צוצופּאַסן צו זיין באַלאַדן־נוסח.

באַלאַדע און באָלשעוויזם? צי זיינען גאָר פאַראַן צוויי גרעסערע היפּוכים? ראָמאַנטיק און רעוואָלוציע?

קומט מאַנגער מיט זיין גראָטעסק און פאַרוואַנדלט דעם אויפשטאַנד פון באָלשעוויזם קעגן דער ראָמאַנטיק אין אַ באַלאַדע־סערענאַדע. אַוועק מיט דער לבנה־שיין־פּאָעזיע! באַ דער לבנה איז איצט אויסגעזעצט אַן אויג, און אַ צעשויבערטע היינגט זי אַף דער טיר פון פּאָעט. און עס איז קיין חידוש ניט:

„אַז די שיקסע טאַנצט אין קרעמל,
גייט די מלכה אין עקזיל (גלות).

און די לבנה קלאָגט און יאָמערט:

אין אַ ווייסער יוני־נאַכט
(רעדט זי ווייטער ווי צעמישט)
האָט אַ באָלשעוויק פּאָעט
אַף מיין הערלעכקייט געפּישט.
מיר מיין זילבער קאָנפיסקירט,
און געלאָזט מיך אָן אַ העמד,
ווי אַ זונה דורכגעפּאַטשט
און פאַריאָגט מיך אַף דער פרעמד“.

און אונזער מאַנגער — דאָן קיכאָט, צי דאָן זשואַן — די גיטאַרע אין דער האַנט, מאַכט פון זיין ליילעך דער לבנה אַ באַנדאַזש:

„ס'איז די מלכה אין עקויל,
אָן אַ העמד און אָן אַ פּאַזש"...

אָט אַזוי וואַנדערט און וואָגלט מאַנגער מיט זיין מיטלעלטערלעכן באַלאדן־נוסח איבער דער וועלט פון אונזער צייט, און ווילט איר וויסן זיין אני מאמין?

„אָוונט־ליד פון אַ שיכורן דיכטער,
ערגעץ וואו פאַרלאָרן,
ווערסט איצטער ניי אַנטפּלעקט,
ווערסט איצטער ניי־געבאָרן.
כ'האָב דיך דערקענט —
קיין רגע שיינקייט גייט ניט אויף דער ערד פאַרלאָרן".

# דער שאָטן פון יעקב וואַסערמאַן

אָדער

## דער שקלאַף פון זיין אידישקייט·

אין „קאַספאַר הויזער" האָב איך באַשריבן א שטיל־אינעווייניקסטע דייטשע וועלט און האָב באַוויזן דאָרטן אמתע דייטשן: א דייטשע שטאָט, אַ דייטשן וועג, דייטשע לופט און א דייטשיש וואָרט. נאָר מען האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אז איך בין געוועזן און געבליבן אַ איד, און אז איך האָב פאַר זיי נישט „געקאָנט טאָן און שאַפן גענוג", ווייל איך בין א איד.

יעקב וואַסערמאַן.

עס האַנדלט זיך וועגן רעכט און יושר: צוליב וואָס קלאַפט איר, דייטשן, אַף דער האַנט, וואָס איז צו אייך אויסגעשטרעקט?

יעקב וואַסערמאַן.

„ובהם נהגה יומם ולילה"...

אָט אַזוי ווי אַן אַלטפריינקישער איד איז אַריינגעטאָן אין תורה און מצוות סיי באַטאָג און סיי באַנאַכט, פונקט אזוי טראַכט יעקב וואַסערמאַן שטענדיק וועגן זיין אידישקייט און קאָן פון אים זיין גייסטיק אויג ניט אָפּקערן. ווי א פויגעלע קוקט אַ דערשראָקענע דער שלאַנג אין אויפגעשפּאַרטן מויל אַריין, פונקט אזוי שטייט יעקב וואַסער־מאַן א פאַרגליווערטער פאַר דער ירושה, וואָס זיינע אלטפריינקישע אבות האָבן אים איבערגעלאָזט (איז ער דאָך געבאָרן אין איינער פון די עלטסטע אידישע קהילות פון מיטל־אייראָפּע, אין פירט, א שטאָט פון דער פריינקישער באַוואַריע).

אויב פאַר היינריך היינע איז „דאָס אידישקייט ניט געוועזן קיין רעליגיע, נאָר אַן אומגליק", איז דאָס אידישקייט פאַר יעקב וואַ־סערמאַן אַ קרינק, וואָס מען מוז וועגן איר טראַכטן, ווייל זי האַלט דעם געדאַנק צוגעשמידט צו די ווייטיקן, וואָס זי רופט זיי אַרויס...

ווענן דיין געזונט מעגסטו ניט טראַכטן, די לופט. מיט וואָס דו עטעמסט, מעגסטו אפילו גאָרניט דערפילן און דערשמעקן, אָבער אַ קריינק? ניין, צו אַ קריינק ווערט מען פארשקלאַפּט, און אָט אזוי איז יעקב וואַסערמאַן טאַקע געוואָרן אַ שקלאַף פון זיין אידישקייט.

נאָר אַ קריינק קאָן מען דאָך היילן?

איז אָבער אידישקייט אַזא מין אָנשיקעניש, וואָס באַלייט דיך ווי אַ שאָטן: היינט פרואיו פטור ווערן פונם אייגענעם שאָטן...

אַ שאָטן איז וואַסערמאַנס אידישקייט, וואָס וואַרפט אַ קאָנטיק פינצטערניש אַרום און אַרום, אָבער דאָס פינסטערניש שטראָמט אַרויס פון אַ פאַרבאַהאַלטענעם ליכט, אַ נשמה־ליכט... און טאָמער ווילסטו פטור ווערן און אָפּשניידן דעם שאָטן, דאַרפסטו פאַרטשעפּען און פאַרלעשן דאָס אינעווייניקסטע, אין די טיפעניש שימערירנדיקע נשמה־ליכט... דאָס איז שוין ניט פון די גרינגע זאַכן, בפרט פאַר אַ שעפערישע נאַטור, וואָס דאַרף דווקא אופגראָבן און אַנטפּלעקן די אוצרות פון די אייגענע תהומען...

איז מען דעריבער פאַרמשפט זיך אַרומצושלעפּן איבער דער וועלט מיט דער קריינק, וואָס רופט זיך אידישקייט, און טראַכטן וועגן איר טאָג און נאַכט...

איז מען ניט צופרידן מיט זיך, קומט מען מיט טענות צו דער וועלט, קומט מען מיט פרעטענזיעס צום עולם, צו די לייענער, צו די קריטיקער, צו די פעלקער: למאי ווילן זיי ניט מודה זיין, אַז איך בין אַ הונדערט־פּראָצענטיקער דייטש...

מיט דעם אייגענעם רעכט קאָן איך פאַריבל האָבן אַף דער וועלט, וואָס זי זעט דעם הויקער אַף מיינע פּלייצעס... נאָר אויב אידישקייט איז ניט קיין געזונט, נאָר אַ הויקער, וואָס איך שפּיר אים אף מיין רוקן, מוז דאָך די וועלט אים אויך דערזען? וואָס־זשע קאָנען דאָ העלפן מיינע טענות און געוואַלדן?

איז דער תירוץ, אַז אויב אַ קראַנקער מענטש שרייט געוואַלד, טראַכט ער ניט דווקא וועגן הילף; ער שרייט ניט צוליב אַ תכלית, נאָר בעל־כרחו, ווייל ער מוז שרייען...

אָט אזוי שרייט יעקב וואַסערמאַן מיטן הקול קול יעקב אַף זיין אידישקייט...

* * *

און מיט אזא מין געשריי, וואָס העלפט ניט, קאָן מען זיך און א וועלט משוגע מאַכן.

אַ געשריי, וואָס העלפט ניט, קאָן נאָר פירן צו יאוש...

און נאָענט לעבן דעם גרעניץ פון יאוש האָט אויך געוואָגלט און געוואַנדערט כל ימיו דער שעפער, דער קינסטלער יעקב וואַסערמאַן.

* * *

אַף זיין קאָפּ-שווינדלדיקן וועג האָט וואַסערמאַן שטענדיק זיין פעסטן פונקט, זיין ערד געזוכט. די ערשטע ערד האָט ער באַ זיינע אבות געזוכט. איז זי געוואָרן באַ אים אַ שפּרונגברעט, א רידל אייזן, אַף דערמיט צו גראָבן. און ס'איז געבוירן געוואָרן זיין ראָמאַן „די יודן פון צירנדאָרף“. אָבער תיכף האָט ער פון דערווייטנס די צווייטע ערד באַ די דייטשן דערזען, און אויך באַ זיך, אין די טיפענישן פון טויזנטיאָריקן דייטשן אידנטום, זי דערפילט. האָט ער די האַנט נאָך דער צווייטער ערד אויסגעשטרעקט. האָט מען אים פון דער דייטשער ערד איבער די הענט געגעבן.

און יעקב וואַסערמאַנס האַנט, — איר פאַרשטייט, — דעם דייטש-עסטרייכישן ראָמאַן-דיכטערס האַנט איז אינדערלופטן הייגנען געבליבן...

אמת, אָפיציעל איז ער פאַררעכנט צום דייטשן קהל, און אז ער קומט אין א שטאָט פון אויסלאַנד-דייטשטום פאַרנעמט ער דעם אורחים-צימער באַם דייטשן געזאַנדטן, און א לעקציע האַלט ער אין דער געטע-גע-זעלשאַפט.

אָבער געטע און וואַסערמאַן? ווי שיקט זיך דאָס? אַ דייטשישער פריץ-פּאַטריציער און אַ געזעלשאַפטלעך-באַיקאָטירטער אידיש-דייטש-עסט-רייכישער ראָמאַן-דיכטער? ווי פּאָרט זיך דייטשישע געזונטקייט מיט אידישער קרענק? וועלט-פרייד מיט וועלט-צער?

„נאָר א איד קאָן אויך דאָס דערגרייכן, ער איז אַ פאַרוואַנד-לונגס-קינסטלער, ער איז געגליכן צו דער לעגענדארישער באַשעפעניש פּראָטעאוס, וואָס ווייס דעם סוד פון גילגולים...“

אָט אזוי, ווייס גאַנץ וואויל יעקב וואַסערמאַן, ווען טענהן די דייטשן.

און פונדעסטוועגן בלייבט זיין האַנט אויסגעשטרעקט צו די דייטשן, ווי אין אַ מין מאַזאָכיסטישן אימפּעט, בעת מען וואַרט, אַז די געליבטע זאָל דיר אָנטאָן אַ מאָראַלישן ווייטיק...

ווייל אויב אידישקייט איז אַ קריינק, מוז מען טאָג און נאַכט טראַכטן, ווי פון איר פּטור צו ווערן... מוז מען ווי אַ שקלאַף פון אידישקייט, בעטן רחמים באַם דייטש —

מען מוז אונטערשטעלן די רעכטע באַק, בעת מען האָט פונם דייטש געקראָגן אַ פּאַטש אַף דער לינקער —

מען מוז אַפּעלירן צו דער מינדערהייט, צו די דייטשע דיינקער און פּאָעטן, בעת מען פילט זיך אָפּגעשטויסן פון דער מערהייט, פון די דייטשע פּאָלקס־מאַסן —

מען מוז ריידן בנעימות, בעת יענער שרייט אַף דיר אפן קול, —

מען מוז זיך פירן לייטיש, אין הוילן פּחד, טאָמער וועט דער דייטש חלילה ארוויסריידן אַף דיר אַ וואָרט, —

און נאָך אַלעמען, וועט דאָס ניט העלפן.

וויפיל דו זאָלסט זיך מיט אים ניט באַהעפטן, וועט דער דייטש אַליץ קוקן אַף דיך, ווי אַף אַ פרעמדן.

און אַף דיין געטריישאַפט, ווי אַ פּאַטריאָטישער סאָלדאַט אָדער אַ פּאַטריאָטישער בירגער, וועט ער זאָגן, אַז דאָס איז ניט מער, ווי אַן אָנשטעל...

און טאָמער ווילסטו פאַר אים לעבן, טאָמער ווילסטו פאַר אים שטאַרבן, וועט ער אַלצאיינס טענהן: פאַרפאַלן, די ביסט אַ איד...

אָט אַזוי יאָמערט און קלאָגט יעקב וואַסערמאַן אַף זיין קריינק, אַף זיין אידישקייט...

צי וואָלט ניט געווען אַ יושר גדול, אַז אַ קינד, אַ געזונט אידיש קינד, אָט פון אונזערע אידישע שולן, זאָל צוגייןׂ צום צעווייטיקטן שרייבער־דיכטער און זאָגן צו אים:

— ליבער, טייערער, האַרציקער, געפּלאָגטער און צעווייטיקטער וואַסער־מאַן! טאָמער וואָלט געווען אַ סברה גאָרניט צו קריכן אַף אַ גלייכער וואַנט? טאָמער איז אידישקייט גאָרניט קיין קריינק און מען דאַרף דע־ריבער גאָרניט טראַכטן וועגן דעם טאָג און נאַכט? אפילו ניט יעמאָלט, בעת דער אַנטיסעמיט דערמאָנט אונז וועגן דעם?

וואָרום וואָסער באַטרעף האָט זיין דערמאָנען? און אַז ער דער־מאָנט אונז אַמאָל, אַז מיר סמען ברונימער און טרינקען קריסטלעך בלוט אום פּסח, דאַרפן מיר דאָס שטענדיק געדיינקען?..

אַי, ער קומט אמאָל מיט אַ בייטש אין דער האַנט און שרעקט? איז מה רעש? נעמט מען אַליין אויך אַ בייטש אין דער האַנט אריין. אָט האָט ער אַנומלט געשריען אַפן קול: „גאָט שטראָף ענגלאַנד!“ און „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלצדינג“ — האָט זיך ענגלאַנד און די וועלט דערשראָקן?

אַי, דער צלם אלהים? דער צער איבער דער ווילדער חיה, וואָס רופט זיך מענטש און שטייט מיט אַ בייטש אין דער האַנט?

זייט איר דאָך אַ איד, — און נאָך וואָסער אַ איד, מיט אַלע פּלאָנטערנישן און אַלע האַרצווייטיקן, — דאַרפט איר דאָך ווי אַ איד וויסן:

ס'איז דאָ אַ שטראָף איבער אַלע שטראָפן און אַ בייטש איבער אַלע בייטשן, — אמאָל האָט מען דאָס גערופן „דער טאָג פון גאָט“ און איצטער רופט מען דאָס דער טאָג און די שעה פון דער גרויסער רעוואָלוציע...

נאָר אויב אַזוי, אויב איך דאַרף ניט טראַכטן וועגן אידישקייט, ווייל איך בין אַ געזונטער איד, דאַרף איך גאָרניט אויס־שטרעקן מיין האַנט צום דייטש, כדי די האַנט זאָל בלייבן היינגען אינדערלופטן, קאָן איך מיר גאָר גיין מיט די הענט אין די קעשענעס, מעשה ענגלענדער, און אַמאָל גאָר ארופלייגן ביידע פיס אַפן טיש...

אויב שוין יאָ ווערן אַ דייטש און סתם אַ גוי, לאָמיך אויסלערנען דעם גוייאישן אלף־בית: דאָס ניט־כסדרדיקע טראַכטן וועגן דעם „צווייטן איך“, וועגן דעם „אתה־בחרתנו־איך“, וועגן אייגענעם „איך־טאַלאַנט“, וועגן די אייגענע „איך־מעלות“ און די „איך־פאַרדינסטן“, פאַרקערט לאָמיר אפריער זיך אָנזאָפּן מיטן פּשוטן מענטשישן „איך“. מיטן ערשטן איך, וואָס גיט, ווי בא אמתע גויים, יעדן מענטש אַ נאַטירלעכן, זעלבסט־פאַרשטענדלעכן וועדע־געפיל און מאַכט דאָס, אַז אַ מענטש פון איין פאָלק פילט זיך גלייך צום מענטש פון אַ צווייטן פאָלק.

איר האָט אַלצדינג אויסגעפרואווט, ליבער און הויכגעאַכפּערטער וואַסערמאַן, איר האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין די טיפענישן פון דער

דייטשישער נשמה, איר האָט אפילו מיט זייערע דייטשישע אויגן גע־פּרואווט אַ קוק טאָן אַף אידן און אידישקייט, איר האָט אויסגעפּרואווט אַלע ראיות אַף זיי צו איבערצייגן, אַלע מיטלען אַף זיי צו געפעלן, — און איר זאָגט אליין, אַז איר זייט נאָענט דערגאַנגען ביז צו דער גרענעץ פון יאוש, איר זייט — באמת אַ שרעק און אַ גרויל — געגאנגען קלאָגן און יאָמערן פאר די טויטע אין טויטן־שטיבל, ווייל אַף די לעבעדיקע דייטשן איז ניט געווען קיין האָפענונג, אַז זיי וועלן אייך אויסהערן —

איר זייט אַזוי ווייט אוועקגעגאנגען און האָט אַזוי פיל געפּרואווט און זייט אַזוי ווייטיקדיק געפּרואווט געוואָרן, נאָר איין זאַך האָט איר ניט אויסגעפּרואווט: טראָגן אייער אידישקייט אָן חכמות און אָן קשיות, פּרואוון געפעלן זיך אַליין און ניט יענעם, זיך אָראָפּנעמען אַ מוסר פון די גויים און קוקן אַף זיך ווי אַף אַ זעלבסטצוועק, וואָס דאַרף דינען און געטריי זיין צו זיך אליין...

אמת, אויב איר וואָלט אויסגעפּרואווט אָט דעם לעצטן מיטל, וואָלט דאָס געווען אַ גלייכע זאַך, און בכן ניט גאָר אידישלעך, בפרט ניט מערב־אייראָפּייאיש אידישלעך, וואו מען האָט אָפּט ליב, בעוונותינו הרבים, גאָר קרומע וועגן; נאָר דערפאַר וואָלט איר אַ פרייער און גע־זונטער איד געוואָרן, איר וואָלט ניט פאַרבליבן — אַ שקלאַף פון אייער אידישקייט...

# דער אָנהויב פון דער אידישער קריטיק

אָדער

## בעל מחשבות און זיין תקופה.

רעפעראַט צום הזכרה־אָוונט.

דאָ ניט לאַנג, סך הכל מיט אַ האלב יאָר קאַריק, האָבן מיר געיומטובט דעם 25־יאָריקן יובילייאום פון זיין שריפטשטעלערישער אַר־בעט. עס איז געווען אַן אמתער קולטור־יום־טוב, וואו עס זיינען זיך צענויפגעקומען אידישיסטן און העברייאיסטן, סאָציאַליסטן און בירגערלעכע דעמאָקראַטן, און אלע האָבן געפונען אַ בשותפותדיקן באָדן, וואו זיי האָבן געקאָנט אַרויסזאָגן זייערע פאַרשיידענע אמונות און דעות.

זיינע נאָענטע באַקאַנטע און פריינט האָבן שוין דענסטמאָל מורא געהאַט פאַר זיין געזונט, און די ווערטער, וואָס ער האָט מיט זיי אָפּ־געענטפערט אַף די באַגריסונגען, ווי למשל וועגן דעם קולטור־וואַנדאַליזם, וואָס הערשט אין דער מלחמה צווישן אידישיסטן און העברייאיסטן, וועגן דעם, אַז עס איז נויטיק צו שאַנעווען אונזערע קולטור־אוצרות אין ביידע שפּראַכן, האָבן געקלונגען אין אונזערע אויערן ווי א צוואה. איצטער איז בעל־מחשבות שוין ניטאָ, און ס'ליגט אַף אונז דער חוב צענויפצוקלייבן די פונקען פון זיין נשמה און זיי אויסלייזן פונם גלות, וואָס יעדער גייסטיקער מענטש ריכט אים אָפּ פאַר זיין לעבן, בפרט נאָך אַ אידישער אינטעליגענט, וואָס לעבט ווי אַ נע ונדניק מיטן לעבן פון זיין צעזייט און צעשפּרייט פאָלק. לאָמיר פּרואוון זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון וועגן דעם, וואָס איז געווען און וואָס עס באַטייט פאַר אונז דער אידישער קריטיקער, ד״ר איזידאָר עליאשעוו, מיטן ליטעראַרישן נאָמען „בעל־מחשבות“.

* * *

מיט 26—27 יאָר צוריק האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אַרטיקלען פון בעל־מחשבות, וואָס איז באַשערט געווען צו זיין דער לעבעדיקער עדות און צו ווערן דער קול מבשר פון דער יונגער ליטעראַטור אין דער אידישער שפּראַך.

אויב מאָליערס העלד, וואָס פלעגט זיך שווער פונאַנדערקלייבן אין די פאַרשיידענע מינים ליטעראַטור, האָט גערעדט, ניט וויסנדיק, אַז זיינע רייד זיינען פּראָזע, האָט מען אין די צייטן פון בעל־מחשבות אוודאי און אוודאי געקאָנט ריידן און שרייבן אידיש, ניט אָנערקענענדיק אידיש פאַר אַ שפּראַך און ניט וויסנדיק און ניט אָנערקענענדיק די אידישע ליטעראַטור. מיר האָבן דענסטמאָל פאַרמאָגט ליטעראַרישע דערשיינונגען, אָבער קיין ליטעראַטור איז נישט געווען, פאַרמאָגט איינצלנע ליטעראַטן, צעזייט און צעשפּרייט איבער דער אידישער וועלט, אָבער אַ ליטעראַרישע קולטור האָט אויסגעפעלט.

עס האָט באַדאַרפט זיך ערשט באַווייזן דער קולטור־מענטש מיט דער אידייע פון דער אידישער ליטעראַטור, וואָס זאָל צונויפקלייבן די צעזייטע און צעשפּרייטע ליטעראַרישע דערשיינונגען און זיי דערהויבן ביז צו דער מדרגה פון אונזער נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, כדי מיר זאָלן דערפילן אין די אָפּגעריסענע גלידער, אין די איינצלנע טשיקאַווע קינסטלער־דערשיינונגען דעם לעבעדיקן אָטעם פון אַ שאַפנדיקן אָרגאַניזם.

די דאָזיקע ערשטע קולטור־אַרבעט האָט בעל מחשבות אָפּגעטאָן פאַר דער אידישער ליטעראַטור. און ווייל זי איז געווען די ערשטע, איז זי איצטער שוין אַ פאַרענדיקטע און וועט זיך קיינמאָל ניט מער איבער־חזרן. לאָמיר פּרוּאוון זיך פונאַנדערקלייבן אין דער עובדה פון בעל מחשבות און אויפלעבן אין אונזער גייסט די ערשטע תקופה פון אונזער ליטעראַרישער קריטיק.

* * *

ריידן וועגן בעל מחשבות באַטייט קריטיקירן אַ קריטיקער, אויס־פאָרשטן אַן אויספאָרשטער, אויסקוקן אַן אויסקוקער. דאָס איז נישט פון די גרינגע זאַכן.. רעדט איר וועגן אים שלעכטס, איז עס אַ ריזיקאַלישע

זאַך, וואָרים ער אַליין איז דאָך געווען דער קריטיקער, דער ריכטער פון גוטן געשמאַק, און פאַרקערט זשע גוטס, זאָגט איר פאַר אים אַ הלל און זינגט אים שירות ותשבחות, קאָן צו אייך קומען דער גייסט פון זיין קריטיק מיט טענות: „סטייטש, צי האָב איך אייך ניט געלערנט מיט מיין 25־יאָריקער אַרבעט קריטיש זיך פונאַנדערקלייבן צווישן גוט און שלעכט, שיין און מיאוס, זיך האַלטן גלייך ווייט פון קעלבערנער התפעלות און ישיבה־בחורשן ביטול — און מיטאַמאָל קומט איר צוגיין און זייט עובר דווקא בנוגע צו מיר אויף מיין אייגן געבאָט: נישט צו לויבן גלאַט אין דער וועלט אַריין, נאָר באַנעמען אַ זאַך, ווי עס באַדאַרף צו זיין — פון אַלע זייטן, מיט איר ליכט און מיט איר שאָטן, באַקוקן די זאַך פון רעכטס, באַקוקן זי פון לינקס, און נישט נאָר די זאַך אַליין, נאָר אויך דעם אָרט, וואו זי געפינט זיך, און די לופט, מיט וואָס זי עטעמט, און קאָנט איר דערגיין איר יחוס — איז מה טוב, וואָרים איר פאַרגרעסערט אייער הנאה, אויב איר ווייסט, פון וואַנען זי שטאַמט אַרויס און ווער עס זיינען אירע אבות געווען — טאָ זייט זשע מוחל און טרומייטערט ניט וועגן מיר, נאָר זייט זיך טאַקע מטריח — אַט טירחה האָב איך טאַקע שטענדיק געפאָדערט, ניט גלאַט אַ לעק און אַ שמעק טאָן, און מעג ער אַפילו זיין אַן עסטעטישער לעק — איז נאָכאַמאָל, זייט זיך טאַקע מטריח, ד. ה. לייגט צו מי, און זאָגט וועגן מיר נישט עפּעס גוטס, נאָר עפּעס רעכטס, כדי עס זאָל צוקומען מער פאַרשטענדעניש, מער באַוואוסטזיניקייט, מער ליכט און מער לעבן"...

פאַרשטייט זיך, אַז איידער מען קלייבט זיך ריידן וועגן בעל מחשבותן, מוז מען זיך צוהערן צו אַט דעם קריטישן קול זיינעם, און דער בעסטער מיטל וועט זיין — אָנווענדן אויף אים זיין אייגענע מעטאָדע, פּרוּוון אים פאַרשטיין דורך אים אַליין, ד. ה. צוגיין צו אים מיט זיין סביבה־שיטה, „מיליע"־קריטיק, וואָס זוכט צו באַנעמען די ליטעראַרישע דערשיינונגען דורך דער סביבה, וואו זיי האָבן זיך באַוויזן, און דורך דער ציט, ווען זיי זיינען אויפגעקומען. דאָס איז ניט די סאָציאַלע קריטיק, וואָס פאַרשקלאַפט דאָס קינסטלערישע ווערק צו אַ באַשטימטער פּאָליטישער אָדער סאָציאַלער כוונה, טענדענץ בלע"ז, נאָר דווקא פאַרקערט, זי איז משעבד די סביבה צו דעם ווערק און מיטט

זיך בעסער פאַרשטיין דאָס ווערק און דעם קינסטלער, אַרויסגייענדיק פון זיין סביבה, פון זיין תקופה. בכן איז דאָס א באַשטימטע ריכטונג אין דער עסטעטישער און שטריינג ליטעראַרישער קריטיק, וואָס בעל מחשבות איז געווען איר באַשעפער אין אונזער ליטעראַטור, און ער קאָן גאָר־נישט ניט האָבן קעגן דעם, אז מיר זאָלן אים מאָלן מיט זיינע אייגענע פאַרבן.

* * *

אין עצם אָנהויב פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט וואָלט בעל מחשבות געקאָנט זינגען א לידל פון געטעס סטודענטן־לידער, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„Jch hab' meine Sache auf Nichts gestellt"

(כ'האָב איינגעשטעלט מיין אינטערעס אף גאָרנישט"). די אידישע ליטעראַטור איז נאָך געווען „une littérature mèconnue" נישט באַוואוּסט נישט צווישן פרעמדע, און אפילו ניט צווישן אייגענע. ס'איז דעמאָלט געווען א שטיקל ספעקולאציע — זיך פאַרנעמען מיט אידישער ליטעראַרישער קריטיק. נישט חס ושלום מיט דעם מיין פון דער היינטוועלטיקער וואַלוטע־ספעקולאציע. אין מאַטעריעלן פּרט האָט בימי בעל מחשבות די גאַנצע ספעקולאַציע זיך געקענט דרייען אַרום דעם אינטערעס צו שטאַרבן פון דער אידישער ליטעראַטור אין אייגענע תכריכים, צי אין פרעמדע תכריכים. ניין, נישט דאָס בין איך אויסן. איך האָב דאָ איצטער אין זינען די ג ײ ס ט י ק ע ספעקולאַציע, וואָס איז געלעגן דערין, וואָס א מענטש מיט פייאיקייטן און מיט א ײ ר אָ פּ ײ־א י ש ע ר קולטור האָט זיך דערוועגט ווערן אַ קריטיקער פון דער א י ד י ש ע ר ליטעראַטור. ס'איז געווען א גרויסע פראַגע, צי קען די אידישע ליטעראַטור אַריבערטראָגן און אויסטראָגן אַ ג אַ נ צ ע קריטיקער־פערזענלעכקייט — און אויך דאָס פאַרשטיי איך אין העכערן גייסטיקן זינען, וואָרים עס איז קלאָר געווען, אַז אידישע שרייבער וועלן נים קע־נען אַריבערטראָגן ריין פערזענלעך מער פון א פערטל־קריטיקער. און אויך דאָס נאָר אף אַזויפיל, אַף וויפיל דאָס איז נויטיק צו דער רעקלאַמע, מיט דער שטילער הנחה: כאַפּט דיך דער וואַטנמאַכער, קרי־טיקער, אַבי נאָר פאַרשוויג מיך נישט! צווישן אונז גערעדט, וויבאַלד

מיר ריידן וועגן אַ קריטיקער מעג מען דאָך זאָגן דעם אמת: וויפיל פון אונזערע שרייבער און קינסטלער גיבן אַ קריטיקער מער רעכט פון אַ רעקלאַמיסט? נאָר אויך נישט דאָס בין איך אויסן — די פּראָבלעם איז געווען אַ סך טיפער: צי האָט די אידישע ליטעראַטור געקענט גייס־טיק אויסטראָגן אַ קריטיקער, ער זאָל האָבן גענוג רחבות פאַר זיינע כוחות, גענוג שפּייז פאַר זיין גייסט, ער זאָל מיט דער ליטעראַטור אינ־איינעם קאָנען וואַקסן און זיך אַנטוויקלען. אָט דערין איז געלעגן די ריזיקע, דער איינשטעל, די גייסטיקע ספּעקולאַציע, דער גרויסער פראַגע־צייכן.

און אויב בעל מחשבות האָט געענטפערט מיט אַ מוטיקן „יאָ", און האָט דער ערשטער מעשה נחשון אָפּגעטיילט דעם פוס פון דער פעסטער יבשה און זיך געלאָזט גיין אין אומבאַקאַנטן וועג אַריין, האָט ער דעם כוח דערצו געשעפּט פון זיין ג ל ו י ב ן, האָט ער זיין שטאַנד־האַפטיקייט, זיין איינגעשפאַרטקייט, זיין פליכט־באַוואוסטזיין גענומען פון דער אידייע, וואָס ער האָט זי אויסגעהאָדעוועט אין זיין נשמה, ד ע ר א י ד י י ע פ ו ן ד י נ ע ר ש א פ ט צ ו ד ע ר א י ד י ש ע ר ל י ט ע־ר א ט ו ר.

* * *

אויב איצטער קען אופקומען בא אונז אַ קריטיקער, ווייל ס'איז פאַראַן גענוג ליטעראַרישער מאַטעריאַל, האָט מען דענסטמאָל באַדאַרפט גלויבן, אז עס וועט זיין דער ליטעראַרישער מאַטעריאַל, מען האָט באַדאַרפט גלויבן אין דער אידישער ליטעראַטור. כדי איך בולט צו אילוסטרירן די ראַליע פונם גלויבן אין דער אַנטוויקלונג פון אַ קרי־טישער פערזענלעכקייט אין אונזער ליטעראַטור, וויל איך אייך ברענגען אַ ראיה פונם היפוך. אָט האָט געלעבט און געשאַפן צווישן אונז ד ו ד פ ר י ש מ אַ ן, אפשר פון אַלגעמיין־אייראָפּייאישן קוק אַ גרעסערער לי־טעראַרישער טאַלאַנט פון בעל מחשבות, מיט אַ שאַרפן קריטישן שכל, נאָר אים האָט געפעלט אָט די אינטימע באַציאונג צו אידיש, וואָס איך באַ־צייכן מיטן באַגריף גלויבן, און וואָס איז באַהעפט מיט דער אידיי פון קולט, פון עבודת־הקודש, פון דינערשאַפט. און טאַקע צוליב דעם איז פרישמאַן ניט געוואָרן פאַר אונז דאָס, וואָס ער האָט אפשר לויט זיינע

ליטעראַרישע מעלות געקאָנט ווערן. אז איך לייען פרישמאַן אין אידיש און וועגן אידיש, פיל איך, אַז מען פאַרשווייגט מיר עפּעס טייערס, ניטאָ קיין ערנסט־אינטימע באַציאונג צום ענין, ניטאָ דער אינטימער באַהעפט פון אַ שרייבער מיט זיין שפּראַך, און ממילא אויך ניט דער דרך ארץ צו זיין גייסטיקן כלי זין, — און דעריבער האָט פרישמאַן געמעגט אָנ־שרייבן נאָך אַ צענדליק בענד צו דעם, וואָס ער האָט פאַר אונז אָנגעשריבן, און ער וואָלט פונדעסטוועגן ניט פאַרנומען דעם רעכטן פלאַץ אין דער אידישער ליטעראַטור. שרייבער! איר זאָלט זיך היטן ניט נאָר מיט אייערע ווערטער, נאָר נאָך מער מיט אייערע באַהאַלטענע כוונות, און טאָמער זיינען זיי ניט די רעכטע, דענסטמאָל זיינען אויך די ווערטער איבעריקע און נישטיקע, זיי זיינען דענסטמאָל פאַרמשפּט אַף גייסטיקן טויט — אַן ערגערער פּסק דין, ווי דער פיזישער טויט, ווײַלע גייסטיקע דערשיינונגען זיינען פאָרט מסוגל צו לעבן אַ לייגגערע צייט, אָפּטמאָל פאַר דורות.

און אָט דער גלויבן האָט אָפּגעשיידט בעל מחשבותן צום לעבן. פון וואַנעט האָט ער זיך באַ אים גענומען? נאָכגייענדיק דער שיטה פון בעל מחשבות, וואָס מיר האָבן זי אָנגערופן סביבה־קריטיק, מוזן מיר אויך אַ זוך און אַ פאָרש טאָן אין דער סביבה און אין דער צייט פון בעל מחשבותעס אָנהויב, כדי צו דערגיין דעם יחוס פון זיין גלויבן.

וואָרים זיין גלויבן האָט אַ טאַטן, האָט אַ יחוס, ער שטאַמט פון די 90־קער יאָרן פון פאַרבייאיקן יאָרהונדערט, וואָס ס'איז גענוג זיי צו דערמאָנען, כדי עס זאָל פאַר אונזער גייסטיק אויג אופלעבן אַ העל־דישע תקופה אין דער געשיכטע פונם אידנטום. דאָס איז געווען אַ צייט, ווען די אידישע מאַסן האָבן שוין ניט געוועלט פאַרבלייבן דער קרבן פון דער געשיכטע און האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער־ראָלע פון אַן אַקטיוון כוח אין זייער אייגענעם לעבן און אין דער גע־שיכטע פון דער וועלט. אליינבאַפרייאונג און אליינטעטיקייט זיינען גע־וואָרן די גרויסע ליידנשאַפטן, דער העלדישער חשק און די איידעלע תאוה פון די ברייטע אידישע מאַסן, און ראַדיקאַל־נאַציאָנאַלע שטרע־בונגען, ווי דער ציוניזם, רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע אידייעס, ווי דער בונדיזם, האָבן צעגויפגעקליבן אַרום זיך די שאַפנדיקע כוחות פונם פאָלק.

דער ציוניזם האָט פאָרמולירט פאר אידן די העכסטע קראַפט=אידייע פון אַ פאָלק, די אידייע פון דער פּאָליטישער נאַציע, וואָס שאַפט זעלבשטענדיק אין אַלע ווינקעלעך פון לעבן און איז ניט פאַר=שקלאַפט ניט מיטן גוף און ניט מיט דער נשמה בײַ אַנדערע פעלקער. דער בּונדיזם האָט געשמידט אין די אידישע פאָרמעס די אידייע פון סאָציאַלער און אינטערנאַציאָנאַלער גערעכטיקייט, און בּיידע, סיי דער ציוניזם, סיי דער סאָציאַליזם, האָבּן איינגעפלאַנצט אין די בּרייטע אידישע מאַסן דעם גלויבּן אין די אייגענע כּוחות, דעם גלויבּן אין אידישן פאָלק.

בּעל מחשבות איז אַ קינד פון יענער צייט, ער האָט דענסטמאָל אָנגעהויבּן שרייבּן, און ער האָט דעם גלויבּן אין אידישן פאָלק אַריבּערגעטראָגן אַף דער אידישער ליטעראַטור. אָט מיט דעם יחוס פון דער העלדישער תקופה אין אונזער געזעלשאַפטלעך=פּאָליטישן לעבּן איז בּעל מחשבות געקומען צו אונז, די שיין פון יענער צייט רוט אַף זיין גאַנצער ליטעראַרישער אַרבּעט און איז אונז מסביר די ראָליע, וואָס ער האָט געשפּילט אין אונזער שרייבּער=וועלט. דעם גלויבּן און די ליבּע צו דער מאַמען האָט ער אַריבּערגעטראָגן אַף דער מאַמעס לשון.

* * *

כדאי צו פאַרצייכענען אַ דאַטע און אָנשפּאַרן אַף איר דעם זיכרון. ס'איז די אָנהויבּ=דאַטע פון אונזער העלדישער תקופה: דאָס יאָר 1897. אָט אין דעם יאָר איז זיך צענויפגעקומען דער ערשטער ציוניסטן=קאָנגרעס, דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון „אידישן אַרבּעטער=בּונד“, און אין דעם אייגענעם יאָר האָט זיך אויך בּאַוויזן דער ערשטער אידישער אַרטיקל פונם היידלבּערגער סטודענט=מעדיצין איס. עליאַשעוו: „ישראליק איז קראַנק“ (אַ חנוכה=פאַנטאַזיע).

„איך זע טויזנטער, צענדליקער טויזנטער אידישע הייזלעך, אָרימע, איינגעפאַלענע, מיט פאַרלאַטעטע שויבּן און צעבּראָכענע קוימענס. און אַקוראַט ווי די הייזלעך זיינען די מענטשן אין זיי! פאַרטראַכטע, דער=שלאָגענע, פאַראומערטע, מיט גראָע קראַנקע פּנימער, מיט הונדערטער דאגות אין קאָפּ, וועלכע עקבּערן און עקבּערן דעם מוח... און די אַלע מענטשן שטייען בּײַ בּלעכענע לעמפּלעך, גיסן בּוימאייל אין קליינע פאַר=

שמוצטע רערעלעך און דרייען מיטן גראָבן פינגער באַוועלנע קנויטלעך.
און וואָס מער זיי דרייען דעם ווייסן באַוול,˙ ווערט דער קנויט אַלץ ברודנער
און ברודנער, ווייל אַף זייערע פינגער ליגט דער ברוד פון גאַנצן
דרויסן"...

„אויסגעשטאָרבן איז די וועלט! ניטאָ קיין איינציקער מענטש, אין
וועמענס אויגן עס זאָל ברענען אַ וואַרימער פייער, ניטאָ קיין איין האַרץ,
וואָס זאָל שפּרינגען אין דער ברוסט און פאַרלאַנגען
גרויסע העלדנטאַטן. אומעטום פאַרלאָשענע בליקן, שלאַפע הענט
און הערצער, וואָס קלאַפּן שוואַך און שטיל, ווי אַן אַלטער זייגער".

„וואָס זוך איך? איך זוך די ליכטיקע זון, די גרינע שפּראָצנדיקע
פעלדער. איך זוך דעם מענטש, וואָס האַלט מלחמה מיט די כוואַליעס
פון ים, איך זוך אַ לעבעדיקן מתתיהו!"

„נו גיי צו דיינע ברידער און טרייסט זיי, דערציייל זיי, אַז ער
לעבט, ער לעבט! — דער קול האָט פאַרקלונגען דאָס אומעטיק פעלד
און אַ הייליקער גלויבן איז אַריין אין מיין זעעל"

* * *

מתתיהו (טעאָדאָר) הערצל איז געווען די צענטראַל=זון פון יענער
העלדישער תקופה סוף 90=קער יאָרן אין אידישן לעבן, און עס איז
געווען נאַטירלעך, אז זי האָט געמוזט צוציען צו זיך די אַנדערע הימל=
קערפּערס, וואָס האָבן דענסטמאָל געבלאָנדזשעט אין חלל פון דער
וועלט.

די באַגעגענישן מיט מענטשן קאָן מען איינטיילן, ווי רפואות, אין
צווייערליי מינים: אין אַזעלכע, וואָס מען נוצט זיי פון אויסנווייניק, און
רפואות, וואָס מען נעמט זיי אַריין אינעווייניק. און אָט אזא רפואה
פון צווייטן מין איז געווען הערצל פאַר בעל=מחשבותן. ווען מען
לייענט די פּסיכאָלאָגישע עטיודן, וואָס בעל מחשבות פלעגט שרייבן וועגן
הערצלען, פילט מען, אַז מיר האָבן דאָ צוטאָן מיט עפּעס אזוינס, וואָס
איז גאָר אינטים און רירט אָן די יסודות פון דער נשמה, געגליכן צו דער
השפּעה פון אַ רעליגיע. הערצל איז געווען פאַר בעל=מחשבות אזא מין
אינעווייניקסטע דערפאַרונג, ווי א התגלות בא אַ רעליגיעזן טאַלאנט:
ער איז געווען דער נביא פון בעל=מחשבותעס תקופה און האָט משפיע

געווען אַף זיין גייסט, איינפלאַנצנדיק אין אים דעם גלויבן אין אידישן פאָלק.

און דער ליטעראַרישער אויפשטראָם פון יענער צייט, דאָס אָנ־מעסטן און צופּאַסן דעם גייסט פון זיין תקופה ספּעציעל אַף דער אידי־שער ליטעראַטור איז פאָרגעקומען בּאַ בּעל־מחשבות אויך ניט אָן דער פאַרמיטלונג, אָן דער השפּעה פון אַ פּערזענלעכקייט, וואָס איז באַוואוסט ווי דער קול מבשר און דער פאָנען־טרעגער פון אידיש אין אונזער הייטוועלטיקער אידישער קולטור. איך האָב דאָ אין זינען ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. מיט דער ענוות און דער אָפנהאַרציקייט, וואָס צייכנט אויס אַ טאַלאַנט, דערציילט אונז בּעל־מחשבות וועגן זיין ערשטער בּאַגע־געניש נאָך אין די סטודענטישע יאָרן מיט ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. ס'איז געווען אין יאָר 1898, אַף אַ פאַרזאַמלונג אין בּאַזעל, די ערשטע אידישיסטן־פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאַררופן געוואָרן פון דוד פּינסקי. און אָט אַף דער פאַרזאַמלונג דערהערט ער, און עס מאַכן אַף אים אַ שטאַרקן רושם, עטלעכע נפלאותדיקע ווערטער פון אזא גע־לערנטן און געאַכפּערטן מענטש, ווי ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, וואָס האָט זיך שוין דענסטמאָל געהאַט געמאַכט אַ נאָמען אין דער רוסיש־אידי־שער און אויך אין דער דייטשער און רוסישער סאָציאַליסטישער לי־טעראַטור.

זשיטלאָווסקי האָט געזאָגט, אַז דייטש און רוסיש זיינען זיינע ברויט־שפּראַכן, און אידיש איז זיין האַרצן־שפּראַך. און בּעל־מחשבות דערמאָנט זיך, ווי ער זעט זשיטלאָווסקין זיצנדיק בּאַם שרייבּ־טיש אין זיין קליינעם קאַבּינעטל פון אַ פּריוואַט־געלערנטן, ווי ער נעמט ארויס פון שופלאָדל זיינע „אידישע מאַנוסקריפּטן" און ווי זיינע בּלווילעכע אויגן בּלאָנדזשען מיט ליבּשאַפט איבּער די בּויגנס פּאַ־פּיר. מיט אַ בּאַזונדער ליבּשאַפט... ניט מיט דעם בּליק פון מחבּר, וואָס טראָגט אַוועק מאָרגן זיין כתב־יד צום פאַרלעגער און קריגט אָפּ דערפאַר זיין האָנאָראַר, נאָר מיט דעם בּליק פון אַ זאַמלער, וואָס זאַמלט נאָר פאַר זיך. די שיינע וואַזע, וואָס דער זאַמלער האַלט אין שאַפ־קע, ווערט ניט פאַרשאַכערט. זי בּלייבּט איבּיק שטיין הינטער דער גלעזערנער טיר פון שאַנק, פון וואַנעט זי וואַרפט אַ שיין אַף דער גאַנצער שטוב...

ד"ר זשיטלאָווסקים באַציאונג צו אונזער מאַמע־לשון האָט אויף אים געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. „ווער ווייסט ? — רופט אוים בעל־מחשבות אין אַ שטימונג פון חשבון הנפש — אפשר האָב איך אַ סך צו פאַר־דאַנקען אָט דעם טשיקאַווען דאָקטאָר, וואָס איך בין געוואָרן אַ שטיקל ליטעראַט בײַ אידן". אָט אַזוי איז משפיע אַ קריסטאַל, וואָס פאַלט אַריין אין אַ צעלאָזטער קריסטאַלינישער מאַסע: ער קלייבט אַרום זיך צענויף אַלע באַהאַלטענע כוחות פון דער פליסיקייט און גיט אַ שטופּ דעם פּראָצעס פון קריסטאַליזאַציע.

אַצינדערט איז אונז שוין קלאָר געוואָרן דער יחוס פון בעל־מחשבותעס גליבן אין אידיש און אין דער אידישער ליטעראַטור, און מיר קאָנען נעענטער צוטרעטן און אָפּשאַצן זיין אויפטו פאַר אידיש און פאַר דער אידישער ליטעראַטור.

* *
*

ווילן מיר האָבן אַ סימן פון יענער צייט, ווען בעל־מחשבות האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע אַרבעט, אַ סימן, וואָס זאָל אונז געבן אַ בילד כהרף עין וועגן דעם מצב פון אידיש אין אונזער קולטור־לעבן, איז גענוג צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז מען האָט דענסטמאָל פאַר אונזער מאַמע־לשון מער גענוצט דעם נאָמען „זשאַרגאָן", איידער „אידיש". ניט קוקנ־דיק אויף דעם, וואָס שוין אין 18־טן י"ה, בײַ דעם באַוואוסטן ד"ר משה מאַרקוזע אין זיין „ספר רפואות", הייסט אונזער לשון פשוט „אידעש", פונדעסטוועגן האָט דער קוק פון די העבראיאיסטישע משכילים אויף אונזער פאָלקס־שפּראַך גובר געווען, און דער פאָלקסטימלעכער נאָמען „אידיש" האָט זיך ניט געקאָנט איינפונדעווען, בפרט צווישן דער אינטעליגענץ, און איז פאַרביטן געוואָרן אַפן פאַרמיאוסנדיקן פילאָלאָגישן אויסדרוק „זשאַר־גאָן". אין יענע יאָרן האָט נאָך פרוג ברחניש געזונגען וועגן אידיש בזה הלשון:

„איך האָב מיט דעם לעצטן צאָן
געביסן און געריסן דעם זשאַרגאָן,
געקייט די ליבע שפּראַך פון אונזער מאַמען,
געפעפערט מיט צעזור, געזאַלצט מיט גראַמען,
צו מאַכן זי אַביסעלע כאָטש ווייך,

און צו פֿאַרשטיקן יענעם ריח
פֿון ווילנער מאַרק און דינאַבורגער יאַטקעס
מיט אַלערליי פֿאַרוואָגלטע אָסטאַטקעס,
וואָס שמעקט אַף דרייצן מייל אַרום דעם אָרט,
וואו נאָר עס בליט כאַטש איין זשאַרגאָניש וואָרט".

מען דאַרף זיך דעריבער ניט חידושן, וואָס אפילו די פּאַרטיידי־קער און פֿריינט פֿון אידיש, וואָס האָבן אגב געהייסן „זשאַרגאָניסטן" (היינט „אידישיסטן") האָבן גענוצט דאָס אָנגענומענע וואָרט „זשאַרגאָן", אַבּיסל צוליב רגילות, און אַבּיסל אויך אַף צו להכעיס, און זאָלן די שונאי אידיש וויסן, אז דווקא פֿונם שטיינדל, וואָס זיי האָבן אזוי פֿאַר־מיאוסט, איז געוואָרן א גרויסער ווינקלשטיין, א זייל פֿון אונזער קול־טור. מיר געפֿינען דעריבער אין די ערשטע אַרטיקלען פֿון בעל־מחשבות כסדר דעם אויסדרוק „זשאַרגאָן", און אויב אונזער איצטיקע צייט פֿילט דערינען אַן אָפּגעפּרעמדקייט, דאַרפֿן מיר ניט פֿאַרגעסן, אז מיר האָבן אונזער היינטוועלטיקן אידיש־געפֿיל צו פֿאַרדאַנקען דווקא יענע, וואָס האָבן מיט מוט זיך אָנגענומען די קריוודע פֿונם זשאַרגאָן — און האָבן פֿון דער פֿאַרמיאוסטער שפּחה געמאַכט א שיינע גבירתטע.

אַרויסטרעטנדיק אין קאַמף פֿאַר אידיש האָט בעל־מחשבות ווי אַ געניטער אין טכסיסי מלחמה אויסגעקליבן די טאַקטיקע פֿון אָנפֿאַלן, וואָס האָט אונזער אינטעליגענץ קודם כל באַדאַרפֿט אוועקשטעלן אין אַ פֿאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע, כדי זי דערנאָך מנצח צו זיין.

פֿון אייער אַלגעמיין־קאָסמאָפּאָליטישן בילדונגס־שטאַנדפּונקט, האָט געטענהט בעל־מחשבות, קוקט איר פֿון אויבן אַראָפּ אַפֿן „זשאַרגאָן" און פֿאַררעכנט אונזער מאַמע־לשון פֿאַר דער שפּראַך פֿון דער דינסט־מויד און פֿון מאַרק. די גרעסטע הנחה, וואָס איר, משכילים, האָט ביז איצטער געמאַכט פֿאַרן „זשאַרגאָן" איז געווען, אז איר האָט אים גע־ניצט אלס אַ מיטל אויפֿצוקלערן און צו בילדן די ברייטע פֿאָלקס־מאַסן, וואָס ריידן מעשה שטן נאָך אַלץ אידיש. טאָ זייט זשע וויסן, אז די זאַך איז איצטער דווקא פֿאַרקערט. דער „זשאַרגאָן" איז ניט נאָר פֿאַרן פֿאָלק, ער דאַרף אויך דינען אלס א מיטל צו בילדן די אינטעליגענץ. וואָרים אויב איר ווילט נאָר באַנעמען די נשמה פֿון אייער אייגן פֿאָלק, מוזט איר אָנקומען צום „זשאַרגאָן" און צו זיין ליטעראַטור. טיפֿע און

שטאַרקע טאַלאַנטן האָבן זיך באַוויזן אין אידיש, און דאָס מאַמע־לשון איז געוואָרן דער זאָגער פאַר די אידישע ליידן און פריידן, פונם אידנס מעלות און חסרונות, דער אַנטפּלעקער פון זיין טראַגישקייט און קאָמיש־קייט, פון זיין קלוגשאַפט און נאַרישקייט, שיינקייט און מיאוסקייט. אויך אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע שטרעבונגען און ליידנשאַפטן פון די פאָלקס־מאַסן געפינען איצטער זייער ווידערקול אין אידיש. אוצרות פון דער פאָלקס־נשמה און פון פאָלקס־ווילן האָבן רייך געמאַכט די אידישע שפּראַך, און עס פאַרבלייבט דעריבער פאַר דער אידישער אינטעליגענץ נאָר איין וועג: אויב זי וויל זיך באַהעפטן מיטן פאָלקס־לעבן, מיטליידן זיינע ליידן, און זיך משמח זיין מיט זיינע שמחות, דאַרף די אינטע־ליגענץ זיך לאָזן בילדן פון דער שפּראַך פון די דינסטמוידן, פון אידיש.

אָט אַזוי האָט אוועקגעשטעלט די פראַגע בעל מחשבות אין גייסט פון זיין תקופה, וואָס האָט די משכילים און אַסימילירטע אידישע אינ־טעליגענץ געשטויסן אַף אַ דרך תשובה, אַף באַהעפטן זיך מיט די ברייטע אידישע פאָלקסמאַסן, און האָט דערמיט באַשאַפן דעם אידישן נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם, און ווי זיין ליטעראַרישן אָפּ־שיין — דעם אידישיזם.

אין 15 יאָר ארום האָט בעל מחשבות אונטערגעפירט אַ סך הכל צו זיין ליטעראַרישער תקופה און האָט מיט גדלות און התפעלות גע־קאָנט אָנווייזן אַף די דערגרייכטע רעזולטאַטן. שוין גאָר אַן אַנדער צייט האָט זיך באַוויזן אַפן אידישן האָריזאָנט. וואָס איז שוין געוואָרן פונם אידיש, וואָס פרוג האָט אים בשעתו נאָך צוגעגליכן צו דער „באָבעניו מיט דער צעריסענער, צעביסענער וואַטאָווקע אין אַלע מיתה־משונה־קאָלירן, אַף איין פוס אַ חליצה־שיכל, אַף דעם צווייטן אַ ווייסע יום־כיפור־זאָק און אַפן קאָפּ אַ קאָלטן" — אָט די דאָזיקע באָבעניו האָט זיך דאָס איצטער צערעדט אַף אַ לשון, וואָס האָט פאַרנומען באַם הארצן מיט דער ריינקייט און לויטערקייט פון די געפילן. וואָס איז געוואָרן פון דער דינסטמויד, וואָס האָט זיך געדאַרפט יאָגן נאָך דער גבירתטע! איצינדערט יאָגט זיך שוין די מאַדאַם נאָך איר, זי פאַרלאַנגט שוין אַ צימער פאַר זיך, און למען השם אַ גרויסן צימער, אַז מען זאָל קענען אַריינשטעלן אַ פּיאַנאָ. ווי רייך אין מינים און פאַרבן איז געוואָרן די

אידישע ליטעראַטור, וויפיל געדאַנקען און געפיל־שטראָמען זיינען אַריין פאַר דער צייט אין דער פאָלקס־שפּראַך: פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט, ראָמאַנטיזם און פוטוריזם, רעאַליזם, נאַטוראַליזם, פּסיכאָלאָגיזם און סימ־באָליזם, כלל־אידייעס און יחיד־געפיל, קאָלעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם, ליריק, דראַמע, עפּאָס, — אָט אַלע זיי האָבן שוין זייער אָפּשיין און כמעט שוין זייער עכטע פאָרשטייערשאַפט אין דער אידישער שפּראַך.

און אַ נצחון־געפיל מיט אַ רחבות־הנפש נעמט אַדורך בעל־מחשבותן. זיין מוט האָט אים ניט אָפּגענאַרט, און צוזאַמען מיט אונזערע קלאַסיקער־שרייבער, מיט מענדעלע מוכר ספרים, פּרץ, שלום עליכם און אַש, איז אויך בעל מחשבות געוואָרן אַ לעבעדיקער סימן פאַר דער ממשותדיקייט פון דער אידישער ליטעראַטור; וואָרים והא ראיה: אָט האָט זי דאָך שוין איר ערשטן ספּעציעלן און אין גאַנצן איר איבער־געגעבענעם קריטיקער.

* *
*

אויב זשיטלאָווסקי איז געווען דער לערער פון בעל־מחשבותעס יוגנט—טאָמער האָט ער פון אים געלערנט נאָר איין אות, און זיך אָנגענומען נאָר מיט איין נייעם ציטער פון דער נשמה, איז דאָס אויך שוין גענוג, אַז מיר זאָלן צוזאַמען מיט בעל־מחשבות אים פאַר־רעכענען צווישן זיינע רביים — איז דערנאָך מענדעלע מוכר ספרים געוואָרן זיין גמרא־מלמד, וואָס האָט אים אַריינגעפירט אין די טיפעניש פונם פאָלקס־אידישקייט און אים געוויזן דעם ריכטיקן צוגאַנג צו דער פאָלקס־שפּראַך און צו איר ליטעראַטור. און דער עיקר איז געווען אָט וואָס: מען האָט באַדאַרפט קומען צום פאָלק און צו זיין שפּראַך נישט מיט דער פּרעטענזיע פון אַ נישט געבעטענעם מלמד, ווי אַ פירער און שטראָפער, נאָר קודם כל ווי אַ תלמיד, פּרואוון מיטלעבן זיין לעבן און מיטליידן זיין פּיין. די כוונה האָט באַדאַרפט זיין ניט דעם המון צו באַלערן, ווי דאָס האָבן געטאָן די השכלה־שרייבער, נאָר אים צו שטודירן, זיך אַליין לערנען, זיך טובלען אינם פאָלקס־גייסט, זיך אָננעמען און אָנזאַפּן מיט זיינע ווערטער און ווערטלעך, מיט זיין חכמה און זיינע חכמות, נאָכשפּירן די קנייטשן פון זיין געדאַנק, די פאַרבאַהאַלטענע כוונות זיינע און דערפילן דאָס צניעותדיק אינגעווייניקסטע

שײנקײט אין דעם אומגעלומפּערטן לבֿוש, די קדושה אינם אידישן װאָ־
כעדיקײט.

אַזאַ מין דבקות מיטן פֿאָלק האָט געהאַט אַפֿילו פֿון דער אַמאָ־
ליקער חסידות, און איז געװען אין אַ סך עיקרים און פּרטים געגליכן
צום רוסישן פֿאָלקיזם (נאַראָדניטשעסטװאָ), צו דער באַװעגונג פֿון דער
רוסישער אינטעליגענץ, װאָס איז „געגאַנגען אין פֿאָלק אַרײַן". דער
אויפֿטו פֿון אונזער גאון מענדעלע, װאָס האָט אַלײן כמעט באַשאַפֿן אַ
ש פּ ר אַ ך און אַ ל י ט ע ר אַ ט ו ר, װעט אונז רײן פּסיכאָלאָגיש
פֿאַרבלײַבן אַ רעטעניש, אויב מיר װעלן פֿאַרגעסן אין דער דאָזיקער
למד־װאָװניק־שטימונג, װאָס האָט געשטראָמט פֿון יענער תּקופֿה אין רוס־
לאַנד און װאָס האָט אים באַלײט מיט איר התלהבֿות און געפֿירט איבער
אַלע דערנער אין װעג װי אַן אמתן פֿאָלקס־אויסלײזער.

זיך אַלײן לערנען, זיך צוקוקן, געפֿינען באַם פֿאָלק אַ תּירוץ פֿאַר
די באַדערפֿענישן פֿון דער אײגענער אינטעליגענטישער נשמה — אָט
דאָס איז געװען דער פֿאָלקס־באָדן, װאָס אױף אים האָט זיך אױפֿגעשטעלט
בעל־מחשבֿות, אָט דאָס איז געװען דאָס נײַע „פּאָרטאַטיװע פֿאָטערלאַנד"
(הײַנעס אויסדרוק, אַ גײַסטיק פֿאָטערלאַנד, װאָס מען קאָן עס אַרױספֿירן
מיט זיך אױף די װאַנדער־װעגן, אַזױ װי אידן האָבן אַרומגעטראָגן מיט
זיך די תּורה), װאָס בעל מחשבֿות האָט געפֿונען פֿאַר זײַנע ליטעראַריש־
אינטעליגענטישע װאָגלענישן (און װאָסער אידישער אינטעליגענט בלאָנ־
קעט ניט אַרום איבער דער װעלט, זוכנדיק אַזאַ פֿאָטערלאַנד?!).

װען איר לײענט בעל־מחשבֿותס שריפֿטן, האָט איר ניט דעם
אײַנדרוק, װאָס מען באַקומט פֿון אַ געשװאָרענעם פּראָפֿעסיאָנעלן קרי־
טיקער. נײן, איר זעט פֿאַר זיך דעם אינטעליגענטן לײענער, װאָס קוקט
און לײענט פֿאַר זיך אַלײן אױף צו באַפֿרידיקן זײַנע אײגענע גײַסטיקע
באַדערפֿענישן און װאָס פֿאַרצײכנט אַזױ האַרציק און ליב און מיט אמתער
שמחה די תּשובֿות, װאָס ער געפֿינט אױף זײַנע אײגענע שאלות.

און זוכנדיק אין אידיש און אין דער אידישער ליטעראַטור די
תּשובֿות אױף די שאלות פֿון דער אײגענער נשמה, געפֿינענדיק דאָרטן אַן
אָפּקלאַנג פֿון זײַנע אײגענע שטימונגען, אַ װעגװײַזער פֿאַר די אײגענע
אינטעליגענטישע װאָגלענישן, איז בעל מחשבֿות געװאָרן דער אָנזאָגער
פֿון אַ נײַעם טיפּ צװישן דער אידישער אינטעליגענץ און פֿון אַ נײַער

באַציאונג צו דער אידישער ליטעראַטור. שוין ניט בילדונגס־פּראָפּאַגאַנדע, אופקלערעכץ־פאַרשפּרייטונג איז געווען דער ציל — ווי וויכטיק דאָס זאָל ניט זיין פאַר זיך — שוין נישט קולטור־טרעגערײ, נאָר קולטור־שאַפונג: דאָס שטרעבן און די מעגלעכקייט זיך גייסטיק אויסצולעבן אין אידיש איז געשטעלט געוואָרן אין אויבן־אָן צווישן אַלע אַנדערע אויפגאַבעס פון דער אידישער ליטעראַטור.

דערמיט האָט בעל־מחשבות געהאָלפן צוגרייטן דעם גייסטיקן פּרצוף פון נייעם אידישן אינטעליגענט, וואָס טיילט זיך אַזוי בולט אָפּ פונם אַמאָליקן משכיל און זיין מוסר־השכל־מלמדישער באַציאונג צו דער אידישער שפּראַך.

* * *

צו מענדעלע, צו זיין הויפּט־רבין אין דער אידישער ליטעראַטור האָט בעל־מחשבות געהאַט אַזאַ באַציאונג, וואָס דערמאָנט אין דער ליבּ־שאַפט צו עמיצן, וועמען מען פאַרדאַנקט ניט נאָר די אָדער יענע קענטשאַפט, נאָר אַ טייל פון זיין נשמה, פון זיין קוק אַף מענטש און וועלט, פון וועמען מען האָט צום ערשטן מאָל נאָך לאַנגע וואָגלע־נישן איבערן ים דערהערט דאָס וואָרט: לאַנד! לאַנד!

מענדעלע האָט געגעבן בעל מחשבותן דעם ממשותדיקן באָדן, וואו ער האָט געקאָנט זיך אַוועקשטעלן, און פונדעסטוועגן האָט די דאָזיקע פאַרליבטקייט אין מענדעלען ניט געשטערט בעל מחשבות אין זיין קרי־טישער אַרבעט און ער האָט, באַוואָפנט מיט אייראָפּייאישער בילדונג און ליטעראַרישן גוסט, זיך פונאַנדערגעקליבן אין זיינע מעלות און אין זיינע חסרונות.

מענדעלע באַלאַנגט, לויט בעל מחשבות, צו יענעם מין שרייבער, וואָס שלעפּט דעם לייענער אין זייער עולם הדמיון מיט גוואַלד. ניטאָ בא אים די זאַנפטע לייכטקייט, וואָס פאַרכישופט אונז מיט איין וואָרט, מיט איין תנועה, ווי בא אַנדערע פּאָעטן. מענדעלע קומט צו אונז אין אַ מאַסקע, פאַרשטעלטערהייט, מיט אַ פרום פּנימל, מיט אַ פּסוקל גאָר ווי די משכילים פון זיין צייט, וואָס פלעגן זייער אַפּיקורסות באַהאַלטן אין דער לאַנגער קאַפּאָטע, מיט וועלכער זיי האָבן זיך ניט געשיידט משום דרכי שלום. מענדעלעס לשון איז אַ געקינצלטער, שוין צופיל

אָפּגעטאָקט, ס'איז אַ מין עקסטראַקט, אַן עסענץ, אַן אײַביקער מאָנומענט פון דער אידישער שפּראַך. כמעט אַלע זיינע פאַרשוינען ריידן, ווי מענדעלע אַליין. און ס'איז קיין חידוש ניט, וואָס מ'ווערט מיד צו טרינקען לויטער עסענץ אָן אַ קאַפּעלע וואַסער. עס גלוסט זיך אויסצורוען אַ ווײַלע, אָפּכאַפּן אַביסעלע דעם אָטעם, אַ קוק טאָן אָן אַ זייט. דאָס איז בײַ מענדעלע אַ שטיקל פאַרבלאָנדזשעניש פונם משכיל, וואָס פלעגט זיך לאָזן ממיתן איבער „צחות־הלשון", דאָס וואָרט זאָל אַרויסקומען מיט אַלע דקדוקים, אויסגעצוואָגן און אויסגעפּוצט.

מענדעלע איז אַ שלעכטער אַרכיטעקטאָר, ער שרייבט פאַרקייטלטע מעשיות און מען פאַרגעסט באַם סוף ביכל דעם אָנהויב פונם סיפּור המעשה.

מענדעלע האָט ליב דאָס ווערטלען זיך, דאָס וויצן זאָגן לשמו ולשמה, און צעשטערט אָפט די שטימונג פונם לייענער, פאַרדאַרבנדיק שיינע שטעלעס פון זיינע ווערק.

אָט אַזוי אַנאַליזירט פאַר אונז בעל מחשבות מיט זיין קריטישן שכל און באַווייזט אונז די שטריכן פון מענדעלעס טאַלאַנט, ווייזט אונז אַף זייער סאָציאַלן מקור און באַהעפט זיי אין אייראָפּייאישער דיאַלעקטיק מיט זיינע מעלות.

אַ גלענצנדער ביישפּיל פון בעל מחשבות קריטישער מעטאָדע איז זיין אַנאַליז פון שלום עליכם'ס שאַפן, וואָס האָט אונז מיט זיין הומאָר געגעבן דאָס באַפרייענדיקע לאַכן, באַפרייענדיק טאַקע אין פולן מיין פון וואָרט. מיר טוען זיך אויס פון זיך אַליין, בעת מיר לאַכן פון אונזערע חסרונות, פון אונזערע לופטיקע חשבונות און נאַרישע חכמות, פון אונזערע מנחם מענדלס, און באַפרייענדיק זיך מיט אונזער לאַכן פון אונזערע אייגענע שלעק, קריגן מיר מוט און כוח צו הויבן די פויסטן קעגן די פרעמדע שלעק, וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אַף אונז און מאַכן אַ „בלוטיקן שפּאַס" פון אונזער לעבן.

אויב בעל מחשבות איז בנוגע צום עלטערן דור אידישע שרייבער, צו מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ, דינעזאָן אַ דאַנקבאַרער תלמיד, איז ער בנוגע צו די אינגערע אַ ליבער פריינט, וואָס זאָגט דער ערשטער דעם קריטישן ברוך הבא, און אַף וועמעס סמיכות און ליטעראַרישער קונסט מען קוקט אויס, גלייך נאָכדעם, ווי מען האָט

אויסגעהאלטן פרץ'ס שטריינגן בליק. מיט אופמערקזאמער ליבע באַלייט בעל מחשבות נאָמבערגן, ווייסבערגן, אַשן, די פּאָעזיע פון זון־פּאַרגאַנג און לבנה־שיין בײַ דויד איינהארן, די יוגנט־און־קראַפט־פּאָעזיע פון שניאור און אַנדערע, זוכנדיק דאָס טאַלאַנטפולע, דאָס שיינע, דאָס אמתע און ניט מיד ווערנדיק נאָכצוּשפּירן דעם געטלעכן פונק אין די אינגסטע פון די אינגסטע.

און דאָ איז כדאי אָנצואווייזן אַף אַ שטריך פון בעל מחשבותס קריטישער אַרבעט, וואָס טיילט אים אָפּ לטובה פון אַפּולע שרייבער. דאָס איז די אָביעקטיווקייט, די אומפּאַרטייאישקייט, וואָס איז אין אונזער תקופה פון פּאָליטישע תאוות, כנופיה־באַלעבאַטישקייט און מיאוסער קאָנ־קורענץ כמעט גאָר אינגאַנצן נעלם געוואָרן און וואָס ווייזט אונז אַף זיין נעטריישאפט צו קונסט און ליטעראַטור, אַ געטריישאפט, וואָס שטאַמט פון ליבע און איז דעריבער העכער פון קאַלטע חשבונות און זייטיקע פניות.

* * *

פאַראַן דרייערליי שטרויכלונגען, וואָס אַף זיי קאָן זיך אָנשטויסן אַ קריטישער טאַלאַנט. דאָס זיינען די קייטן פון דער פּריוואַטשאַפט, די סאָציאַלע און פּאָליטישע פּאַרטיי־פּניה און די שרייבערישע קינאה און קאָנקורענץ־געפילן. פון אַלע דריי האָט זיך בעל מחשבות אָפּגעהיט.

ווען אַ קריטיקער בענטשט דעם אַרויסטריט פון אַ קינסטלער־טאַלאַנט, פאַרקניפּן זיך צווישן זיי פעדים פון פריינטשאַפט, וואָס פאַר־שווערן דערנאָך די אַרבעט פון דער אָביעקטיווער קריטיק. בעל מחשבות האָט זיך ניט געלאָזט פאַרשקלאַפן פון דער פריינטשאַפט, און בעת מען האָט באַדאַרפט אופּווייזן שלום אַשן אַף די חסרונות פון זיין דראַמאַטישן שאַפן, האָט ער דאָס געטאָן מיט אַן אומבּרחמנותדיק שאַרפקייט.

אַן אילוסטראַציע צו זיין סאָציאַל־פּאָליטישער אָבּ־יעקטיווקייט איז זיין באַציאונג צו דויד פּינסקי, וואָס איז אין דער ערשטער תקופה פון זיין שאַפן אים געווען נאָענט אַלס קינסט־לער־מאָלער פון אידישן אַרבעטער־לעבן, אָבער ווייט דורך זיינע אַנטי־נאַציאָנאַלע אָנשויאונגען. בעת דויד פינסקי איז אין די לעצטע יאָרן גע־

וואָרן אַ שטאַרקער נאַציאָנאַלער איד און אַ שוואַכער נאַציאָנאַלער קינסט־לער און האָט זיך פאַרמאָסטן מיט ליטעראַרישע קונצן פאַרקלייבן אונטער זיין „באַרג סיני דאָס גאַנצע אידישע פאָלק“, האָט די נאָענטקייט פון זייערע נאַציאָנאַלע סימפּאַטיעס ניט פאַרבלענדט די אויגן פון בעל מחשבות, און ער האָט דעם פריערדיקן אַרבעטער־סאָציאַליסטישן דויד פּינסקי דערקלערט פאַרן אמתן קינסטלער און דעם נאַציאָנאַלן גילגול זיינעם פאַר אַן עקר, וואָס מאַכט אָנשטעלן פון ליטעראַרישן שאַפן. מען דאַרף דאָס נאָר צוגלייכן צו די מנהגים פון אונזער צייט, ווען ס'איז געוואָרן, אַז דער שרייבער זאָל אַרויסזאָגן אַ באַשטימטע פּאַרטיי־כוונה, (איצטער דאַרף דאָס זיין אַ פּראָלעטאַרישע), כדי פון אַ שאַר־לאַטאַנישן גראַפאָמאַן מיט אַ פּיצעלע טאַלאַנט צו מאַכן אַ געניאַלן פּאָעט, און מיר וועלן קענען אָפּשאַצן ווי געהעריק דעם דאָזיקן שטריך פון אומפּאַרטייאישקייט אין בעל־מחשבות קריטישער אַרבעט.

און אחרון אחרון חביב. דער ברוך הבא, מיט וועלכן בעל מחשבות, דער ערשטער און אַ געוויסע צייט אויך דער איינציקער אידישער קרי־טיקער, האָט באַגעגנט דעם אַרויסטריט פון אונזער צווייטן קריטיקער, פון שמואל ניגער, איז אַ ראיה, אַז אויך די געפילן פון שפּלער קינאה און קאָנקורענץ זיינען אים געווען פרעמד: אוודאי אַ זעלטענער שטריך אין אונזער שרייבער־כיתה.

* *
*

איידער מיר גייען אַריבער צו דער כאַראַקטעריסטיק פון בעל מחשבות אַלס שרייבער פון „סקיצן און נאָטיצן“, ווי ער פלעגט מיט עניוות אָנרופן זיינע פּסיכאָלאָגישע עטיודן, מוזן מיר מיט אַ פּאָר ווערטער זיך אָפּשטעלן אויף זיין קריטיק פון ביאַליקס פּאָעזיע, וואו ער האָט אָנגעווענדעט אַחוץ זיין סביבה־מעטאָדע אויך די כלי זין פון זיינע פּסיכאָלאָגישע דערפאַרונגען.

בכלל, מוזן מיר זאָגן, האָט זיך מיט דעם אַריבערגאַנג פון דער אי־דישער ליטעראַטור פון כלל־און־סביבה־מאָלעריי צו יחיד־און פּרט־פּראָב־לעמען אויך בא בעל־מחשבות פאַרשטאַרקט די אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישע קריטישע מעטאָדע, וואָס ער האָט זי געניצט אויף צו אַנאַליזירן די פּאָעזיע פון שניאור און ביאַליק. און דאָ מוזן מיר איינס האָבן אין זי־

נען. דער קריטישער מענטש פאַרמאָגט ניט נאָר זיין אייגענע נשמה, נאָר אויך על פּי אינטואיציע די קעגנער־נשמה, וואָס ער בויט זי אויף לויט די כללים פונם היפוך צו זיך אַליין. די דאָזיקע מעטאָדע האָט בעל מחשבות אָנגעווענדט צו ביאַליקס פּאָעזיע. בעל מחשבות אַליין האָט ליב געהאַט די מ אָ ל ע ר י ש ע ליניע, ער איז געווען אָנגעזאַפּט מיט מערב־אייראָפּייאישע קונסט־דערפאַרונגען און האָט געוואוסט אפּצושאַצן דעם ווערט פון דער אויסנווייניקסטער פאָרם. און הא הא תליא, האָט ער אויך פאַרשטאַנען און געליבט די פּאָעטישע ר ו א י ק י י ט, וואָס ליגט אינם פּלאַסטישן בילד, די רואיקייט און שטילקייט, וועלכע ער פלעגט אַליין אָנווענדן אין זיין שרייבן. און אָט, באַנוצנדיק זיך מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון קאָנטראַסטן, האָט ער כאַראַקטעריזירט ביאַליקס פּאָעזיע ווי א מין נ ב י א י ש ע פּאָעזיע מיט איר נטיה צו שטאַרקע געפילן: ניט דאָס בילד, נאָר דער טאָן און די באַוועגונג זיינען דאָרטן דער עיקר.

אָט די פּסיכאָלאָגישע מעטאָדע, וואָס בעל מחשבות האָט זי געשעפּט פון זיינע דערפאַרונגען, האָט אים געמאַכט אויך פאַר אַ ל ע ב נ ס ק ר י ט י ק ע ר, וואָס איז ניט ווייניקער פול מיט טאַלאַנט פונם ל י ט ע ר אַ ט ו ר־ק ר י ט י ק ע ר. אָט מיט דער זייט פון בעל מחשבותס שאַפן וועלן מיר זיך פאַרנעמען אין לעצטן קאַפּיטל.

* *
*

אַחוץ בעל־מחשבות דיים ליטעראַטור־קריטיקער, איז נאָך פאַראַן אַ צווייטער בעל־מחשבות, וואָס וועט אפשר אַריבערלעבן דעם ערשטן: דאָס איז בעל־מחשבות דער „סקיצן־שרייבער“, דער פיין־פילנדיקער ע ס יי־ א י ס ט. ווען מען וויל, זיינען בעל־מחשבותס סקיצן אויך אַ מין קרי־טיק, אַ ק ר י ט י ק פ ו נ ם ל ע ב ן. פאַרוואָס זאָל דער קריטיקער, וואָס איז דאָך, לויט בעלינסקין, אַ „נישט אויסגעטראָגענער קינסטלער“, פאַר־וואָס זאָל ער ניט אָפּשאַצן דעם לעבן גופא מיט דער פ ר אָ ז ע פונם וואָכעדיקייט און דער פ אָ ע ז י ע פון זיינע נשמה־יתירה־מאָמענטן? צי זאָל דער קריטיקער בלויז וואַרטן אַף ל י ט ע ר אַ ר י ש ע געשעענישן און פאַרמאַכן זיין אויג פאַר ל ע ב נ ס פּ אַ ס י ר ו נ ג ע ן? בעל־מחשבות האָט פאַרמאָגט דעם נויטיקן טביעות־עין, ער האָט געקאָנט גוט נאָכקוקן, זען שאַרף די קאָנטורן, באַנעמען גיך דעם ו ו י ץ פון דער קליינלעכקייט

און האָט פאַרמאָגט אַן ערנסט געפיל פאַר דער  ט ר אַ ג י ק  פון לעבן, פאַר שיינקייט און איידלקייט. ס'וואָלט געווען אַ שאָד, ווען ער וואָלט נישט אויסגענוצט אָט אַלע זיינע מעלות אין לעבן גופא און וואָלט זיך פאַרשפּאַרט אין די ד' אמות פון דער ליטעראַרישער הלכה. בעל מחשבות האָט געפאָלגט דעם קול פון לעבן און האָט אַף אַזאַ מין אופן, ברייטער באַנעמענדיק דעם באַגריף פון קריטיק, באַשאַפן בײַ אונז אַ נייעם זשאַנר, די קריטיק פון דער „ל ע ב נ ס ל י ט ע ר אַ ט ו ר".

ניטאָ כמעט קיין איין כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג פונם טאָג־טעגלעכן אָדער יומטובדיקן אידישן לעבן, וואָס בעל־מחשבות זאָל זיך ניט האָבן צוגערירט צו איר מיט זיין פיינעם פּינזל. דער פאַרנעם איז בײַ אים געווען א ברייטער, אַן אמת־נאַציאָנאַלער, כמעט דער גרעסטער, וואָס מיר האָבן אים ביז איצטער פאַרמאָגט בײַ דער אידישער אינטע־ליגענץ: ער האָט זיך ניט געלאָזט פאַרשפּאַרן אין אַ געטאָ, אין אַ באַ־שטימטן אידישן קיבוץ, און האָט מיט זיין גייסטיק אויג אַרומגענומען דעם גאַנצן שטח פון תפוצות ישראל. ער האָט געוואוסט דעם לעבנס־שטייגער פון א קליינעם ליטווישן אידישן שטעטעלע באַגלייך מיטן לעבנסטאָן פון אַ פּעטערבורגער אידישער קהילה, און ווי אַ אידישער נע־ונדניק, וואָס שפּרייזט איבערן ערד־קויל, ווי אַן אמתער „גלאָבטראָטער", איז ער ניט ווייניקער געווען באַהאַוונט אין דער נשמה פון אַ דייטשן אַסימילירטן איד, וואָס דערמאָנט זיך אין זיין אידישקייט נאָר אין די ימים־נוראים, און אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אַ בערנער ישיבה־בחורישן סטודענט, וואָס אַלע הכמות חיצוניות קלעקן ניט אַף אַראָפּטרייסלען פון אים דעם שטויב פון בית־המדרש.

ווי קאַרג אינם אויסדרוק און ווי רייך אין אינהאַלט איז בעל־מחשבות דער ס קיצן־שרייבער! אין דער קאַרגער צאָל שורות פון זיין סקיצע „היינגלייכטער", למשל, פּסיכאָלאָגיזירט אונז בעל־מחשבות דעם בערלינער איד, וואָס איז א גאַנצן יאָר אַ דייטש מיט דייטשן באַגלייך און צו ימים־נוראים ווערט ער פּלוצים, דורך זיין שולגיין, מיט די מזרחי־שע תפילות און תנועות, וואָס קלעפּן זיך ניט צו זיין דייטשער ווירק־לעכקייט, מגולגל עפּעס אין אַ מוזיי־אַנטיקל פון טויזנטיאָריקן עלטער, אין אַן אלטן טייערן „היינגלייכטער". אַלע פעלקער, קלערט דער דייטשער איד בײַ זיך, וואָלטן אוודאי עולה רגל געווען אים אָנצוקוקן, אויב ער

וואָלט געווען דער לעצטער איד, דער לעצטער צווייג פונם עלטסטן פאָלק. און אָט אַזוי פאַרטיפט אין זיינע יחוסדיקע געדאַנקען, דערזעט דער דייטש פלוצלונג פאַר זיך אַ יונגנמאַן אין אַ רוסישן שוואַרצן העמ־דעלע, און ער פילט בחוש, אַז דאָס „הייפעלע עלנט", וואָס רופט זיך רוסישער איד, אָדער „אָסטיודע", קאָן אין דעם מאָמענט פון ימים־נוראים האָבן די אייגענע פרעטענזיעס אַף אידישן אַלטן יחוס. און עס בייט זיך זיין שטימונג, עס ווערט אים נימאס זיין חשבון הנפש, צוזאַמען מיט דער דאָזיקער נישט ליבער רוסיש־אידישער קרובהשאַפט, ער גייט נאָך זיין פרוי און קינדער און פאַררופט זיי מיט זיך אין אַ דייטשן קאַפע, כדי זיך אויסצורוען פון די ימים־נוראים . . . אין אַ צענויפגעפרעסטער פאָרם אַ דראַמאַטישער אינהאַלט, אַ פיינע כאַראַקטעריסטיק פון דער בערלינער אַסימילאַציע און איר צוזאַמענשטויס מיטן מזרח־אידנטום!

בכלל זיינען פיינקייט און שטילקייט די עיקר־סימנים פון בעל־מחשבותעס אופן שרייבן. ער ווייס, אַז ס'איז אָפט מגושמדיק־גראָב זיך דירעקט צוצורירן צו אַ טראַגישער טעמע און ער קלייבט זיך אָפּ דעריבער אַ באַזונדערן טעכנישן מיטל: זיין עפעקט דערגרייכט ער מאָלנדיק נישט דעם טראַגישן ענין גופא, נאָר נישט מער ווי דעם שאָטן, וואָס ער וואַרפט אַף דער סביבה. בעת איר לייענט די סקיצע „פאַרבלאָנדזשעטע קינדער", וועט איר אַפן ערשטן קוק זיך גאָרניט אָנשטויסן, אַז דאָ רעדט מען אַף דער טראַגישער טעמע פונם בלוט־בילבול. ער טענהט דאָרטן מיט אַ באַקאַנטן גוי: „ס'איז אַ ליגן, וואָס גוים זאָגן, אַז אידן האָבן קיינעם נישט ליב, אחוץ זיך, והא ראיה, אידן ליבן נישט נאָר די אייגענע קינדער, נאָר אויך פאַרן לעבן פון די גוישע קינדער זיינען זיי אין הוילער ציטערניש. זיי וואָלטן וועלן, אַז איטלעכער שייגעצל זאָל האָבן לעבן זיך אַ גוטע קינדער־פריילן, בעסער פון אַלץ אַ דייטשקע, וואָס איז בטבע מער מקפיד, אַז דאָס קינד זאָל ניט פאַרפאַלן ווערן. טאָמער פאַרבלאָנדזשעט ערגעץ אַ שייגעצל, לויפן אידישע עלטערן אים זוכן, און זיינען מלא שמחה, ווען ער געפינט זיך אָפּ. בפרט אום פסח־צייט איז די זאָרג און די אימה, וואָס כאַפּט אָן אידישע עלטערן פאַרן גורל פון די גוישע קינדער, גאָרניט צו באַשרייבן", און אַזוי ווייטער. אָט דאָס איז די פיינע שאָטן־צייכענונג, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר בעל־מחשבות דעם סקיצן־שרייבער.

און מיט דעם אייגענעם פיינעם פינזל פסיכאָלאָגיזירט ער די אי־
דישע ימים־טובים און באַשאַפט איבער־אַ־נייס פאַר אונזער אינטעליגענט
דעם נע־ונדניק די אידישע היים מיט איר נשמה־יתירה־פּאָעזיע.

אַ קלוגע אידישע פרוי, די באַרימטע רחל לעווין־וואַרנ־
האַגן־פאָן־ענזע (פון משה מענדלסאָנס תקופה) האָט אַ יאָר נאָך
געטעס טויט, אין אַ שיינעם שפּראָצנדיקן פרילינגס־טאָג, פאַרצייכנט אין
איר טאָג־בוך: „געטע איז טויט; עס פעלט אַ גרויסער עדות!" מיט אַ
ווייטיק אין האַרצן מוזן מיר זיך דערמאָנען אָן בעל־מחשבות: מיט אים
איז אַוועק פון אונז און עס פעלט אונז ביז צום היינטיקן טאָג אַ גרוי־
סער עדות ניט נאָר פון דער אידישער ליטעראַטור, נאָר אויך פון
אידישן לעבן.

„די אידישע צייטונג", אַרגענטינע — בוענאָס־איירעס,
פעברואר 1924.

# דער נביא פון דער ערד

אָדער

# וועגן דער דיכטונג פון שלום אַש.

רעפעראַט.

ס'איז געווען אין יאָר 1906. שלום אַש האָט דענסטמאָל צום ערשטן מאָל איבערגעשפּרייזט דעם רוסישן גרעניץ און איז געקומען קיין בערלין. עלנט ווי אַ שטיין. וואָס איז דענסטמאָל שלום אַש געווען פאַר בערלין? אין רוסלאַנד און פּוילן האָט מען אים געקאָנט, ער האָט דאָרטן שוין פאַרמאָגט אַן עדה חסידים. זיי האָבן געשאַפן פאַר אים יענע אַטמאָספער פון סימפּאַטיע, התפּעלות און אויפמונטערונג, וואָס יעדער טאַלאַנט דאַרף זי האָבן אַף צו שאַפן. צווישן אידן איז ער געווען דער דיכטער פון „שטעטל“. ניט אומזיסט האָט פּרץ אַליין אים געקרוינט, און אין אַ שמועס ווי אַ ציואה איבער־געלאָזט: „וואָס פאַר אַ גרויסע ווערק איר זאָלט ניט אָנשרייבן, אַש, זאָלט איר אַף אייער מצבה הייסן אויסקריצן, אַז איר זייט דער מחבר פון „שטעטל“. צווישן גויים האָט מען געוואוסט וועגן אַש דעם דראַ־מאַטורג. זיין דראַמע „משיחס צייטן“ האָט מען שוין דענסטמאָל אופגע־פירט אַף דער פּוילישער און רוסישער סצענע (אונטער דעם נאָמען „На пути въ Сіонъ“), און די באַרימטע רוסישע אַקטריסע וועראַ קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ האָט געשפּילט די הויפּטראָלע פון יומטיבנע און איז מיט דער פּיעסע אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד.

נאָר דאָס איז אַלץ געווען פון דער זייט גרעניץ, אָבער אין בער־לין? ניט קיין קרוב און ניט קיין גואל, אין לחלוטינדיקער איינזאַמקייט, ניט באַוואוסט אין קיין סביבה, ניט אין דער אידישער און ניט אין דער גוישער, פּונקט אַזוי ניט באַוואוסט, ווי דענסטמאָל די גאַנצע אידישע ליטעראַטור.

און אָט אין אַ שיינעם טאָג קום אין צו אַשן מיט אַ באַזוך און זע ווי ער שפּרייזט אַרום איבער זיין צימער — ווי אַ לייב אין אַ שטייג — אין גרויס אומרו. מיטאַמאָל גיט ער זיך אַ שטעל אוועק אינמיטן צימער און טוט אַזוי זיך אַ זאָג אַרויס: „איך האָב געזען „סאַלאָמע“ בא מאַקס ריינהאַרד. איך מוז אוועקשטעלן אַ פּיעסע בא אים אין טעאַטער“.

ס'איז שווער זיך איצטער פאָרצושטעלן די „חוצפּה“, וואָס האָט דענסטמאָל געשטעקט אין אַזעלכע ווערטער, אין טראַכטן גאָר מיט 25 יאָר קאַריק וועגן אַוועקשטעלן אַ אידישע פּיעסע אין דייטשן טעאַטער, דעם אויבערשטן פון אַלע דייטשע טעאַטערן, וואו סע האָט געוועלטיקט דער גרויסער סטראַטעג, דער נאַפּאָלעאָן פון דער דייטשער בינע מאַקס ריינהאַרד. וויפיל דייטשע דראַמאַטורגען האָבן געגאַרט אָנצוקומען צו ריינהאַרדן, צו דערגרייכן ביז צום שפּיץ באַרג און דערלעבן אַן אופפירונג אין „דייטשן טעאַטער“. און מיטאַמאָל זאָל טאַקע באַשערט זיין, אַז דער שטיין, וואָס די בויער האָבן אים פאַרמיאוסט, זאָל ווערן גאָר אַ ווינקלשטיין, און אַ ווערק פון דער אידישער ליטעראַטור זאָל זוכה זיין צו אַן עליה אין דעם גרעסטן אייראָפּעאישן טעאַטער? מיט אַ סקעפּטישן שמייבעלע אַף די ליפּן האָב איך אויסגעהערט אַשם רייד און געטראַכט בא זיך: „אַ קשיא אף אַ מעשה! וואָס ס'איז אפשר ניט מעגלעך פאַר אַן אויסגערייפטן קולטור=מענטש, וועלכער גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון וועגן דעם מהלך פון אַ אידישן שרייבער ביז ריינהאַרד, קאָן אפשר דערגרייכן מיט אַ מוטיקן שפּרונג אַ טאַלענטירטער יונג פון קוילער=געסל? אַ קשיא אַף אַ מעשה“. און כך הוה. באַלד דערנאָך איז פון דער חנעווידיק באַשטעמטער מעשה וועגן דער שיינער מאַריע. געדרוקט צום ערשטן מאָל אין צענטראַל=אָרגאַן פון די ס'ס — דער „נייער וועג“, אויסגעוואַקסן „גאָט פון נקמה“ און אין יאָר 1907 האָט מען די דראַמע געשפּילט אין ריינהאַרדס טעאַטער.

אָט אַזוי האָט שלום אַש געעפנט פאַר דער אידישער ליטעראַטור אַ פענסטער אין אייראָפּע, און די וועלט האָט דערזען אַ נייעם צווייג אַף דעם

אלטן קולטור־בוים: די אידישע ליטעראטור, די אידישע דראמע.

פון וואַנען האָט געשטאַמט אָט די אַשישע חוצפה?

פאַראַן צווייערליי מינים חוצפה. איין מין שטאַמט פון שוואַכקייט, פון אַ הסרון. אַז סע פעלן אוים מעלות, קומט די חוצפה און מאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי זיינען פאַראַן. אַזאַ חוצפה איז ווי אַ פאַלשע מטבע: זי ווייזט אַף גאָרנישט. דער צווייטער מין חוצפה שטאַמט פון קראַפט, אַזאַ חוצפה איז דער באַוואוסטזיין פון די אייגענע כוחות. דאָס איז די חוצפה פון לאַסאַל, וואָס געאָרג בראַנדעס האָט וועגן איר געשריבן.

פונקט ווי סע האָט זיך געפאָדערט חוצפה פאַר עמיל זאָלאַ, בעת ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר דעם אומשולדיקן דרייפוס קעגן דער פראַנצויזישער רעגירונג, קעגן דער מיליטערישער מאַכט, קעגן דער פרעסע, קעגן דער פראַנצויזישער פאַטריאָטישער געזעלשאַפט־לעכקייט.

און ניט קיין קליינע חוצפה האָט זיך געפאָדערט יעמאָלט פאַר אַ פאָרשטייער פון דער אומבאַקאַנטער אידישער, קבצניש־פראָלעטאַרישער לי־טעראַטור, אַף אַ שפרונג צו טאָן ביז מאַקס ריינהאַרד, וואָס האָט דאָס בעסטע און דאָס שענסטע פון אייראָפּייאישן רעפּערטואַר ארופגעפירט אַף די טעאַטער־ברעטער.

אָט די חוצפה האָט געשטאַמט באַ אַש פון קראַפט, פון זיין ערד־רעליגיע, און אויב איר ווילט טאַקע, פון זיין קנאַפּן אידישן יחוס. אויב ביז דענסטמאָל האָט געוועלטיקט אין דער אידישער ליטעראַטור דער משכיל מענדעלע, דער יוסטער בעל־הביתּ שלום עליכם און דער רבי פרץ, האָט זיך אין אַש דאָס „קוי־לער געסל" מיט דער חברה פון די דריי פייען — פישער, פליישער און פורמאַנעס — ארויסגע־רוקט אין פראָנט פון דער אידישער ליטע־ראַטור.

אַש האָט דאָס געוואוסט. בעת פרץ האָט אין וואַרשע אָרגאַניזירט אַ שרייבער־באַל — דערציילט אונז אברהם רייזען אין זיינע זכרונות —

האָט שלום אַש געבלאָנקעט צווישן די געסט פארשטעלט, אַלס אַ וואוילער יונג פון „קוילער געסל"...

* * *

וואָס באַטייט דאָס „קוילער געסל" פאַר דער אידישער ליטעראַ־טור? דאָס קוילער געסל מיט דער חברה דריי פייען. איז געוויען דער היפוך, דער אנטקעגנשטעל צום בית־מדרש־געסל. דאָס קוילער געסל איז ניט געווען אין „גלות", דאָרטן האָט מען אידן ניט געשלאָגן, מען האָט פאַר זיי מורא געהאַט. אין קוילער געסל האָבן געלעבט ניט־אָפּי־ציעלע אידן — קצבים, בעלי־עגלות, בעלי־מלאכות. אין בית־מדרש־געסל, פאַרקערט, האָט געלעבט דער רב מיט די שוחטים און מיט די מלמדים, דאָרטן איז געשטאַנען די מקוה מיטן שעכט־הויז פאַר עופות. דאָס בית־מדרש־געסל האָט זיך זייער געשעמט מיטן קוילער געסל: פּע, גראָבע מענטשן, קצבים, פישער־יונגען! דערפאַר אָבער, אַז סע פלעגט נאָר עפּעס זיך פאַרלויפן אין שטעטל, עפּעס א שטיקל צרה, איז מען פון בית־מדרש־געסל געלאָפן אָנזאָגן אין קוילער־געסל: געוואַלד, א גוי שלאָגט! איז דאָס געווען אין א מהומה־צייט און אומדערוואָכן. יום־טוב צייט האָט דאָס קוילער־געסל געהאַט דרך ארץ פאַרן בית־מדרש־געסל, און יום־כיפור פלעגט פאַר דער טיר פון שול ליגן אויסגעצויגן אַ הויכער גע־זונטער איד, אַ בעל־עגלה, אָדער א פישער, און דאָס בית־מדרש־געסל האָט דעמאָלט אויסגעטיילט מלקות דעם קוילער געסל.

(אגב זעט איר דאָ, פון וואַנען משה ליטוואַקאָוו און זיינע חברים די אפיקורסים־בעזבאַזשניקעס פון ראַטן־רוסלאַנד האָבן גענומען זייער סאָ־ציאַלן פירוש אַף דעם אידישן מנהג פון מלקות: פון דאַנקבאַרקייט וועגן האָבן זיי דעריבער געדאַרפט דערמאָנען שלום אַש צום גוטן!).

און שלום אַש נעמט זינגען אַ לויבגעזאַנג צו דער קראַפט. מאַכט אַ וואַרע דעם קצב! א נייס אין דער אידישער ליטעראַטור. נאָטע זשאַב־לינער, וואָס האָט ליב די געזונטע שיקסע יוזעפע און פאַרפירט אַ מלחמה מיט די גויים צוליב אַ טויבן־שלאַק, איז א ו י ך אַ מענטש און ניט נאָר אַ מענטש, אויב נישט נאָך העכער, אפשר גאָר ד ע ר מענטש, וואָרים איר זעט דאָך, אז אגב אורחא, אזוי פאַרבייגייענדיק, גיט

ער זיין לעבן אוועק אַף אָפּצוראַטעווען דעם טאַטן פון אַן אומגליק און דאָס שטעטל פון אַ פּאָגראָם.

* * *

פון נאָטקע זשאָכלינער אין קוילער געסל ציט זיך אַ גלייכע ליניע צו „מאָטקע גנב", וואָס געפינט זיך אין קריגס־צושטאַנד מיט דער וועלט. ער איז ניט קיין מיטגליד פון פּאַרטיי, און קיין שום רעוואָלוציאָנערער אָדער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי וואָלט מען אים נישט אריינגענומען, אָבער מיט זיין גאַנצן וועזן איז ער אַ פּראָטעסט קעגן דער איצטיקער מענטשהייט און נאָמען פון מענטשלעכקייט.

די באַציאונגען צווישן קוילער געסל און בית־מדרש געסל קאָנט איר ארויספילן אויך אין דער באַשרייבונג פונם אָרימקייט אינם „ראָוו", (ראָמאַן „מערי"), אין יענער גרוב, וואו עס פויזשעט דאָס האָרעפּאַשנע אָרימקייט. בעת די פּאַרטייאישע אינטעליגענטלעך, וואָס האָבן פאַרביטן די אמאָליקע פּני פון בית־מדרש געסל און זיינען אָבער געבליבן אין תוך די אייגענע פאָלקס־פרעמדע אריסטאָקראַטלעך, בעת די דאָזיקע פּאַרטיי־לייט פירן אַן אומפאַרשטענדלעכע, פּול מיט חקירות־פּילפּולדיקע אגיטאַציע און האַמפּערן זיך צווישן זיך, צי מען זאָל ארוים מיט אַ דעמאָנסטראַציע, צי ניט, אין דער אייגענער צייט קומט דער פאָלקסמענטש שמואל בערלס, וואָס שטאַמט אליין פונם „ראָוו" און איז אַ קינד פונם קוילער געסל און פאַרשטייט זיין נשמה און זיינע ליידן און אָרגאַניזירט דעם אופּברויז, די דעמאָנסטראַציע, דעם פּראָטעסט פון דער אָרעמקייט קעגן דער וועלט.

פונקט אַזאַ ליניע פירט פון קוילער געסל צו דער נאַטור, צו דער מאַמע־ערד. נאָטקע זשאָכלינער האָט ליב טויבן, און דער אויסגעדינטער סאָלדאַט זעליק פאַרפלאַנצט זיך אַ גרינס־גאָרטן אונטער דער שטאָט און ס'איז קיין חידוש ניט, וואָס אידן פון בית־מדרש געסל מאַכן פון אים חוזק, ווייל אַ „איד פאַרנעמט זיך ניט מיט אַזוינע זאַכן".

צי שטאַמט ניט דער פּראָטעסט קעגן „ברית־מילה", וואָס שלום אַש איז בשעתו מיט דעם ארויסגעטראָטן אין דער אידישער עפנטלעכקייט, צי שטאַמט ער אויך ניט פון קוילער געסל? ווען „מאָטקע גנב" (אַ גילגול פון „קוילער געסל") דערציילט שלום אַש, אז ער האָט

באַ זיין ברית דערפילט די ערשטע עוולה, וואָס מען טוט אים. אויך אַשם פּראָטעסט (אגב, אויך אין דעם פּרט האָבן די אידישע קאָמוניסטן פון סאָוועט-רוסלאַנד גענאַשט באַ שלום אַש אין זייער קאַמף קעגן די אידישע טראַדיציעס!) נעמט זיך פון זיין ליבשאַפט צו דער נאַטור און צו נאַטירלעכקייט, דאָס איז זיין אָרגאַנישער פּראָטעסט קעגן דעם אומ-נאַטירלעכן אין דער אידישער טבע, וואָס האָט אויך געפונען זיין אָפּ-שפּיגלונג אין די היסטאָרישע אידישע טראַדיציעס, וואו דער איד שטעלט זיך אנטקעגן דער נאַטור, אנטקעגן די אָרגאַנישע פונקציעס פונם קער-פּער, אַנטקעגן די מענטשלעכע תאוות, און פּרואווט זיי איינצאַמען, אָפּשניידן, כדי צוצוגרייטן דעם מענטש צו אַן אַסקעטיש-נזירישן קוק אַפן לעבן.

און אָט אַזוי, פּונקט ווי די פאַרפּירטע חנהלע, מאָטקע גנבס נגידישע מילך-שוועסטער, איז אויך די אידישע ליטעראַטור פול געוואָרן מיט מאָט-קעס לייב.

* *
*

אַ גילגול פון „קוילער געסל“ איז אויך דער איד פון גליל אין דער קריסטוס-תקופה.

צוריקקוקנדיק אין דער אידישער געשיכטע, האָט שלום אַש ארי-בערגעטראָגן אף אונזערע אַמאָליקע צייטן די סאָציאַלע קעגנערשאַפט צווישן קוילער און בית-מדרש-געסל און האָט כאַראַקטעריזירט די אייגענע היפוכים פונם אריסטאָקראַטיש-אָפיציעלן פּרוש און כהן און פּשוטן, אָבער ניט-אָפיציעלן איד און עם-הארץ אין יענער וועלט-היסטאָרישער תקופה, ווען באַ אידן איז געבוירן געוואָרן אַ נייע אמונה פאַר די אומות העולם.

„און פּראָסט און פּשוט איז געווען דער איד פון גליל, ווי די פּאַלמע און דער ציפּרים-בוים, וואָס אַף זיין פעלד. געלעבט פון זיין אַקער און שניט, האָט ער גאָט געקענט נאָר פון פעלד, אין וועלכן ער האָט געאַרבעט. יעדע מינוט קען ער צוקומען צו גאָט, און אין אַלצ-דינג זעט מען גאָטס האַנט, גאָטס וואונדער. אַז דער הימל איז באַלייגט און אַ וואָלקן רוקט זיך אָן, באַגיסט די ערד מיט רעגן, דאָס איז גאָטס ברכה פון זיין האַנט געשיקט.

נאָר אין ירושלים צוצוקומען צו גאָט איז זייער שווער,

אזוי פיל כוהנים און גבאים און נגידים און סנהדרין זיינען דאָ, וואָס שטייען נאָהענט נעבן גאָט, נאָהענטע צום בית־המקדש און נאָך נאָהענטערע — ווי קאָנען זיי, גלילער, וואָס קומען איינמאָל אין יאָר צום קרבן פּסח, דאַרטן צו גאָט צוקומען?

אין ירושלים האָט מען זיך מיט די גלילער געשעמט, מען האָט זיי געהאַלטן פאַר נידעריקע באַלעבאַטים, פאַר גראָבע יונגען, וואָס קאָנען נישט גוט לייענען אין די הייליקע ספרים, און וואָס מען טאָר פאַר זיי קיין טאָכטער נישט געבן צום מאַן".

אָט אַף וואָסער וועג האָט שלום אַש פאַרטראַכט צו אידישן די גאַנצע קריסטוס־רעוואָלוציע אין דער אַמאָליקער אידישער אמונה־וועלט. גליל און יהודה—די אייגענע קעגנערשאַפט, וואָס צווישן קוילער געסל און בית־המדרש געסל — דאָס פעלד פון גליל און דער בית־המקדש פון ירושלים — די אייגענע סתירה, וואָס צווישן דעם טויבנשלאַק פון נאָטע זשאָכלינער און דער שול מיט דער מקוה אין בית־מדרש געסל — און שלום אַש אינאיינעם מיט די גלילער אידן האָט זיך אויסגעדוכט, אז גאָט האָט זיך פונם פּראַכטיקן, אין גלאַנץ שיינענדיקן בית־המקדש ארויסגעגנבעט, איבערגעלאָזט די כוהנים מיט די גבאים און שומרים, און אויסגעטאָן דעם מאַנטל, האָט ער זיך איבער דער גלילשער ערד אויסגעצויגן...

און פון דער ערד, פון דער מאַמעשאַפט, וואָס איז אָרגאַניש אזוי נאָענט צו דער ערד, האָט שלום אַש, געשעפּט מוט — קוילער־געסל־מוט — אַף צו אידישן ישו הנוצרים מאַמע, מרים.

„און איר איז גוט געווען. נאָר דאָס מיידל, ווען עס פילט אין זיך די פרוכט, נאָר די ערד, ווען זי ציט פון זיך דאָס בליהעכץ ארויס, קען אזוי שטיל און רואיק גליקלעך זיין"...

און אָט באַווייזט זיך דאָס בילד מיט דער עבודה צו אים: מרים ווערט אַ מאַדאָנע, די מוטער פון אַ גאָט.

„דעם מיידל האָט זיך געדאכט, אז זי גייט איבער אַ ברייטן לאַנגן הימל, וואו עס ציען זיך ליכטיקע מילך־וועגן. און עס קומען צופליסן אהין און אהער ליכטיקע וואָלקן־שטיקער. אף די מילך־וועגן איבער די ליכטיקע פעלדער זיינען מלאכים געגאַנגען, פון אַלע

פיר זייטן וועלט זיינען זיי אָנגעקומען. אין גאָלדענע קליידער זיינען זיי געגאַנגען אָנגעטאָן, און זייערע גאָלדענע קרוינען האָבן זיי אין זייערע הענט גע־האַלטן. און געגאַנגען זיינען זיי איבער די ליכטיקע פעלדער און געבויגן זייערע קעפּ פאַר איר און גענייגט זייערע קרוינען צו אירע פיס און באַגלייט זי פונדערווייטנס מיט א שטיל געבעט קיין בית לחם אריין.

און די מאַמע רחל איז פון איר קבר ארויסגעגאַנגען, אין ווייסע תכריכים אָנגעטאָן און א ווייסן שלייער אף איר קאָפּ, און האָט פונדערווייטנס נאָך איר די לאַנגע בלייכע הענט נאָכגעשטרעקט: גאָט זאָל דיר ביישטיין, מיין קינד".

מאָראַלישער און עסטעטישער תיקון פאַר מרים — פאַר דער מאַמעשאַפט — אין דער אידישער קולטור־געשיכטע.

און אין בייַנקשאַפט נאָך אַ בילד, נאָך אַ אידישער מאַדאָנע, האָט שלום אש באַהעפט מרים מיט דער מוטער רחל און מיט דער מוטער ציון — דריי נוסחאות, דריי פּנימער פון שלום אש'ס „געטלעכער מוטער".

איר געדיינקט די „קאַרנאַוואַל־נאַכט"?

די מוטער רחל גייט ארויס פון דער שוואַרצער נאַכט אין ווייסע תכריכים און איר הויב אַפן קאָפּ און די שבת־אויערינגלעך אין אירע אויערן. פון איר ברייטער שירץ ציט זי שטיקער צעריסענע ספר־תורהס, שטיקער צעריסענע טליתים, שטיקער צעריסענע פרוכתן (פון טראָיאַנאָווער פּאָגראָם): „מיינע קינדער האָבן זיי מיר געטויט, האָבן זיי־ערע לייבער אין די גאַסן געוואָרפן. כ'האָב מורא, די פויגלען זאָלן מיר זיי נישט אופעסן, מיהע איך מיר ליילעכער נייען, ליילעכער נייען" און זי איז געקומען פונם וועג, וואָס פירט קיין בית לחם, בכדי פלאַכטעס צו נייען און אירע קינדערס לייבער צו פאַרדעקן . . .

און אָט שטרעקט אויס צו איר די הענט מרים: „לאָז מיך, מאַמעשי, לאָז מיך דיר העלפן די פלאַכטעס נייען . . . אין מיין קינדס נאָמען האָבן זיי מיינע ברידער געשאָכטן, עס זיינען מיינע מתים . . . "

„און די מאַמע רחל מיט איר טאָכטער מרים האָבן זיך אינ־

מיטן מאַרק געזעצט, אין שוואַרצער נאַכט געהילט, האָבן פלאַכטעס גע־
נייט, פון צעריסענע ספר־תורהס, פון צעריסענע טליתים, פון צעריסענע
פרוכתן פלאַכטעס גענייט“..

און שלום אש האָט דערפילט, אַז ער איז געקומען צו אידן מיט
אַ נייס, מיט אַ ליד פּון קראַפט, און ער האָט דערזען אין זיך דעם
„נ ב י א פ ו ן ד ע ר ע ר ד“. א נייע, אַפּיקורסישע נביאות בּאַ אידן!

„ד י א ל ט ע ה אָ ב ן נ ב י א ו ת ג ע ז אָ ג ט א י ן ד י
נ ע מ ע ן פ ו ן ד י ג ע ט ע ר א י ן ה י מ ל, ד י ך ז א ל ב
א י ך — ז אָ ג ט צ ו א י ם ז י י ן מ ו ז ע — פ א ר אַ נ ב י א צ ו ם
ג אָ ט פ ו ן ד ע ר ע ר ד...“

און אַז אש, דערשראָקן פאַר זיין שליחות, זאָגט צו זיין מוזע:
„איך בּין נאָך יונג און קיינער קען מיך נישט און קיינער האָט פון מיין
נאָמען נישט געהערט און עס וועט זיין, אַז איך וועל צו די בּרידער
פון מיין לאַנד קומען און זאָגן צו זיי אין נאָמען פון אַ גאָט, וואָס זיי
האָבן פון אים בּיז איצט נישט געהערט, וועלן זיי זאָגן: נאָר ליגן,
זאָגט דער יונג... אַז עס איז טאַקע אמת, אַז גאָט האָט זיך צו אים
בּאַוויזן, זאָל ער אונז זיין צייכן וויזן, כּדי מיר זאָלן זען און גלויבּן,
אַזוי ווי אין די נביאים פון די געטער“. און זיין מוזע ענטפערט אים:
„נישט דער גאָט פון די הימלען איז דיין גאָט פון דער ערד, און נישט
ווי די נביאים פון די הימלישע געטער איז דער נביא פון דעם גאָט
פון דער ערד. נישט דער צייכן פון אומגעוויינלעכעם איז דער צייכן
פון גאָט, דיין גאָט — דער צייכן פון דיין גאָט, איז דאָס געוויינלעכע.
נישט די מאַנדלען, וואָס וואַקסן אַף דעם שטעקן אין מענטשנס האַנט,
איז דער צייכן פון דיין גאָט, נאָר די מאַנדלען, וואָס וואַקסן אַפן צווייג,
וואָס דער וואָרצל פון זיין בּוים איז אין דער ערד איינגעפלאַנצט. נישט
ווען די זון גייט אונטער אין מיטן טאָג איז דער צייכן פון דיין גאָט,
נאָר דאָס, וואָס די זון גייט אונטער יעדן טאָג, איז דער צייכן פון דיין
גאָט. דאָס וואָס אין זומער שיינט די זון און אין ווינטער גיסט דער
רעגן איז דער צייכן פון דיין גאָט“.

נאָטע זשאָכלינער פון קוילער געסל איז טאַקע ווי אַ בּוים איינ־
געפלאַנצט אין דער ערד. שלום אַש ווערט זיין פּאָעט און רעהאַבּילי־
טירט, כּשרט די ניט־אָפיציעלע אידן, די געוויינלעכע אידן, די ע ר ד־

נשמות אין אונזער וועלט. מיט אשן חזרט זיך איבער דער אופשטאַנד פונם עם הארץ, פונם פאָלק פון דער ערד, ווי אין דער אַמאָליקער חסידות קעגן דער אַריס־טאָקראַטישער למדנות. און דער מענטש מיט דער ערד־נשמה האַלט פון קראַפט און האַלט פון שיינקייט. וואָרים זען שיינקייט אַף דער וועלט באַטייט זיך אָפּזאָגן פון יענער וועלט, באַ־טייט קעמפן קעגן טויט און הימל און אייסרופן: זאָל לעבן דאָס לעבן! אַש טוליעט זיך צו דער מאַמע ערד, און דער ערדגייסט ווערט זיין עסטעטישער אני־מאמין. קראַפט און שיינקייט! צווייי צווילינג־באַשעפענישן פון דער ערד. ביידע אַזוי ניט־אידישלעך, אַז ס'איז קיין חידוש ניט, וואָס אידן האָבן אים אָדער גאָרניט פארשטאַנען, אָדער מיט אַ האַלבן מויל אין אים מודה געווען, אָדער אין חרם אַריינגעלייגט.

אַש איז געוואָרן אין דער ליטעראַטור דער ערשטער דיכטער פון שיינקייט. אינפלוג קען מען אַ פרעג טאָן, צי איז ניט דיכטונג און שיינקייט היינו הך, אַלץ איינס? וואָס באַטייט דאָס וואָרט בעלע־טריסטיק? שיינע ליטעראַטור! קאָן דאָך שיינקייט ניט זיין דער סימן מובהק, דער מאַנאָפּאָל פון איין שרייבער? און דאָך איז דאָס אַזוי. ריינע שיינקייט, שיינקייט ווי אַ מלוכה פאַר זיך, האָט אונז דער ערשטער באַוויזן שלום אַש.

שיינקייט איז עפּעס גאָר אָן אַ תכלית, אָן אייבן־אויפיקן תכלית, אָן זייטיקע כוונות. ניט קיין שכלדיקייט, ניט קיין אינטערעסאַנטע פּסי־כאָלאָגיע—אַלץ בייזאכן, וואָס גיבן צו אַן אינטערעס דעם ראָמאַן, אָבער באַשאַפן נאָך ניט די שיינקייט פאַר זיך אַליין. פאַרשטייט זיך, אייך די ריינע שיינקייט אָן בייזאכן האָט אויך אַ תכלית, נאָר ער איז פאַרבאָרגן, אַן אמתער נסתר, ניט דער מחבר, ניט דער לעזער און אַפילו ניט די גאַנצע מענטשהייט ווייסן ניט דעם תכלית־באַשייד פון דער שיינקייט — איר פונקציע, איר פעולה איז אַן אויבערהיסטאָרישע.

* * *

אַש האָט זיך דערוועגט צו קומען צו אידן מיט דער ערדישער נביאות, מיט דער עבודה זרה פון ריינער שיינקייט...

הערט אַ העזה. . .

נעמט אש פּריילעכע הייזל־מיידלעך (אין דער מעשה וועגן דער שיינער מאריע „אין אַ פרילינגס־נאַכט") און „גאָט פון נקמה" און גיסט זיי אָפּ מיט אַ רעגן און מיט אַזאַ שיין פון פּאָעזיע, וואָס פאַרכאַפּט אונז מיט איר ריינער און חנעוודיקער בילדערישקייט . . .

„עס איז געווען אַ ליבער שבת־צו־נאַכט, פּסח־צייט, די לופט יונג, פריש. דער הימל טיף בלוי, אויסגעמאָלט מיט שטערן, אַז עס איז אַ ליבע לוסט צו שפּאַצירן. אַלץ האָט נאָר געשמעקט, און די מיידלעך האָבן זיך געפילט ניי־געבוירן. איינע האָט געפּייפט, די צווייטע האָט געזונגען און האָט קאָקעטיש געוואונקן מיט די אויגן, ווי עס וואָלט פאַר איר אַ חברה בחורים געשטאַנען. די נאַכט איז זייער שטיל געוואָרן, ווי זי וואָלט דעם אָטעם אופגעהאַלטן, אַזוי אַז די מיידלעכ'ס געזאַנגען האָבן אין די ווייטע גאַסן איבער די הויכע דעכער אָפּגעקלונגען. די הויכע שמאָלע הייזער פון די „אַלטע שטאָט" וואַרשע זיינען געשטאַנען און האָבן געשוויגן. אין שוואַרצע נאַכטפלעקן זיינען געווען פאַרבאָרגן די הויכע שטאָקן, און די שטיקער גראָע מויערן, וואָס זיינען באַלויכטן געוואָרן פון די איינזאַמע נאַכט־לאַמטערן, זיינען נאָך מער פאַרסודעט געווען . . .

עס האָט אָנגעהויבן קאַפּן אַ רעגנדל, אַ לייכט־טריפּענדער פרי־לינג־רעגנדל, וואָס יעדער טראָפּן האָט געזוכט אַן אָפּן מיילכל ערד, כדי ער זאָל עס קאָנען מחיה זיין. נאָר די טראָפּנס, פאַלנדיק אַף שטיינער און מויערן, האָבן זייער פרישקייט און זומער־געשמאַק אין אוויר פאַר־שפּרייט. דאָס רעגענדל האָט דאָס גאַסל מחיה געווען און היימלעך גע־מאכט. די מיידלעך האָבן זיך פון ביידע זייטן גאַסל הינטער די רינעס געשטעלט, און איינע צו דער צווייטער איבערגערעדט, איבערגעזונגען און איבערגעשאָלטן. באַלד איז איינע אוועק פון דער רינע און זיך גע־שטעלט אין מיטן גאַס אַפּן רעגן. „ וועט זי העכער וואַקסן" — זאָגט זי. האָבן איר די חברטאָרינס באַלד נאָכגעטאָן. די צווייטע, דערמאָנענ־דיק זיך, וואָס זי פלעגט טאָן אין אַזאַ רעגן בײַ זיך אין דערהיים, האָט זי זיך דאָ אויך די קאַמאַשן מיט די שטרימפּ אויסגעטאָן און אין די וואַסערלעך ארומגעשפּרונגען. די איבעריקע האָבן אויך דאָסזעלבע געטאָן. זיי האָבן זיך די נאַסע האָר צולאָזט און די קאָפּטענעס אַראָפּגעוואָרפן

און . האלבנאַקעט מיט די נאַסע צעפּ געיאָגט איינע די צווייטע אין רעגן. און פארגעסנדיק אין אַלעס, ווי זיי זיינען און וואָס זיי זיינען, האָבן זיי זיך ווי קינדער געשפּילט, געלאַכט, געזונגען, געפייפט און געפּאַטשט איינע די צווייטע מיט וואַסער".

וואָס איז דאָס? דאָס איז ניט דאָסטאָיעווסקי, וואָס פירט אונז אַראָפּ אין די נשמה-טיפענישן פון סאָניא מארמעלאַדאָווא און ווייזט אונז איידעלע, במעט רעליגיעזע מענטשלעכקייט; ניט טאָלסטאָי, וואָס נעמט קאַטיושא מאַסלאָווא און ווייזט אונז איר מארטירער-וועג; ניט קופּרין, וואָס לאָזט זיך מיט אונז אין גרוב פון זינד אַראָפּ און עס כאַפּט אונז אָן א גרויל. אַש איז ניט אויסן קיינע פון די דאָזיקע כוונות: פּשוטו כמשמעו — דער פּשט איז זיין מיין — ער איז אויסן נאָר שיינקייט — ער מאָלט אונז א בילד אונטער א רעגנדל און באַגיסט מיט ליכטיקע שטראַלן אַ סצענקע אין א פריילעך הייזל — אַ אידיליע — אַ גריכישע אידיליע ווערט דאָ באַשאַפן — ריינע שיינקייט אָן זייטיקע כוונות — א בילד — אַ געטשקע — עבודה זרה — (ניט אומזיסט האָט אַש געזאָגט, אז נעענטער פון אַלע מינים קונסט איז אים מאַלעריי...)

אָדער נעמט למשל „משיח'ס צייטן". שיינקייט איז דאָרטן א מליצה פאַר זיך, העכער פון אַלע תכליתים און כוונות, וואָס איר קאָנט אין דער פּיעסע אַריינטייטשן און וואָס מען האָט טאַקע אַריינגעטייטשט, אים אויסריידנדיק זיינע פּויליש-פּאַטריאָטישע סימפּאַטיעס. פּרוּווט און געפינט איר א תכלית אַ העכערן פון שיינקייט אין אסתרקע, וואָס זיכט נאָכן טויט אירע שיינע אויגן אין די שלאָס-חורבות פון פּוילישן קעניג! אָבער איך דאַרף ניט קיין שום תכלית, אז פאַר מיר איז גענוג, וואָס עס ווילט זיך מיר בוקן צו דער שיינקייט, וואָס האָט זיך דאָ באַוויזן... אין איר ניט? הערט זשע אַ שמועס צווישן יוסטינע און דער אַלטער דינסט רחל לאה:

יוסטינע (צו דער אַלטער דינסט רחל לאה) —

„איך בין געווען אין דעם לאַנד פון דער נשמה... אין די בערג בין איך געווען, וואו מיך האָט געקושט יעדעס ווינטל, געבלעטערט מיר די האָר און געגלעט מיין נאַקעטן האַלז און געשעפּטשעט מיר אין אייער סידורים פון אַנדערע צייטן. אין דער קעניגינס אסתרקעס שלאָס בין איך געווען, וואו מיך האָבן אַרומגערינגלט די אַלטע מויערן: שטיי-

נערנע עדות — זיי האָבן געזען, ווי דער קיניג האָט געהאַלזט די שיינע אידין, זיי האָבן געהערט די תאווהדיקע קושן, וואָס די אידישע שניידערין האָט געקושט איר קאַנאַנעק, איר מאַן, איר פּאַן, איר קיניג—

רחל לאה (די אַלטע דינסט) —

רייד נישט אַזוי, מיין קינד (נעמט זי איין און זעצט זיך מיט איר אַף אַ גראָז־באַנק) גיי נישט מער אין די בערג. זי האָט פאַרכישופט דעם שלאָס, מיט די אויגן, מיט אירע צוויי שוואַרצע אויגן, וואָס דער קיניג האָט געבעטן צו זיי... יעדע נאַכט קומט זי דאָך דאָרט אַהין בלינדערהייט און זוכט זיך די אויגן...

יוסטינע (דערשראָקן) —

פון וועמען דערציילסטו דאָס, באָבעשי?

רחל לאה —

פון דער קיניגין אסתרקע, וואָס האָט פאַרכישופט דעם קיניג מיט אירע צוויי גרויסע, שוואַרצע אויגן. וואו דער קיניג איז געגאַנגען, זיינען די אויגן אים נאָכגעגאַנגען. נאָך איר טויט האָט דער קיניג איר די אויגן אַרויסגענומען און אין צוויי גאָלדענע רינגען איינגעפאַסט...

יוסטינע —

וואָס האָט דער קיניג מיט די אויגן געטאָן?

רחל לאה —

ער האָט זיך אַ שוואַרצן זאַל געהייסן אויסמויערן, דעם זאַל מיט שוואַרצן טוך געהייסן אַרומקלאַפּן, די רינגען האָט ער אַף אַן עמוד אַנידערגעלייגט. יעדע נאַכט, פּונקט האַלבע נאַכט, קומט ער צוגיין, קניט פאַר זיי און בעט צו זיי.

יוסטינע —

אַ מענטשן, ווערט פאַרשוויגן, וועלט, האַלט דעם אָטעם איין! דער קיניג בעט אין איינזאַמקייט...

רחל לאה —

זי קען דאָך צום בית דין של מעלה נישט קומען מיט אַרויס־גענומענע אויגן. דער מלאך טרייבט זי: וואו האָסטו די אויגן? וואו האָסטו די אויגן? קומט זי צוגיין יעדע נאַכט צום פּאַלאַץ מיטן שטעקן אין דער האַנט, זוכט זי זיך בלינדערהייט אירע אַרויסגענומענע אויגן,

צווישן די שטיינער, צווישן די גראָזן. האָט איר מיינע אויגן געזען? האָט איר מיינע אויגן געזען"?

אָט דאָס איז דער עגל, די געטשקע, די עבודה זרה, דער ניט־אידישער קולט פון א ריינער שיינקייט, וואָס אש האָט זיך מיט איר באַוויזן אף דער וועלט.

אָדער נעמט דעם נאַציאָנאַלן היסטאָרישן עפּאָס פון אש, נעמט „קידוש השם".

ווי בילדעריש און ווי ניט־אָפיציעל אידישלעך געשריבן!

די פאָלקסמיסטיק איז ניט נאָר א שטרעב צו דערנעענטערן גאָט צום מענטש, דעם הימל צו דער ערד, דעם גאָט פון דרויסן צו מאַכן פאר אַ גאָט פון אינעווייניק, פון אַ גאָט, וואָס איז מלא כל הארץ כבודו, צו א גאָט פון שורש נשמות: די פאָלקסמיסטיק איז אויך אַ שטרעב צו בילדערישקייט, אַ שטרעב צו פארקערפּערן און אָנצוטאָן דעם נאַקעטן, אבסטראַקטן רעליגיעזן געדאנק. אָט אַזוי ווערט באשאפן דער געטלעכער מענטש, דער גאָט־מענש, דער למד־וואָווניק, דאָס „הייליקע שניידערל" פון אשס „קידוש השם". דאָס איז דער היפּוך פון אידישקייט, וואָרים ס'איז עובר אפן לא תעשה לך פסל: פסל מיינט ניט נאָר פון שטיין, נאָר אויך פון עמאָציעס, א בילד אויסגעהאָפטן פון נשמה־פעדים. אַזא מין מיסטיציזם איז שטענדיק געווען מחוץ למחנה פונם אָפיציעלן אידישקייט, אַזא מין מיסטיציזם איז געווען באַ אידן פאָלקסטימלעך, אָבער פאררוקט הינטער די קוליסן, ווייל ער איז געווען קריסטלעך־היידניש, אזא מין מיסטיציזם האָט געוועלטיקט אין מיטלעלטער, אין די ימי הבינים.

אַש האָט אַ באַזונדער ליבשאַפט צו די בילדערישע מאָמענטן אין דער נאַקעטער אידישער רעליגיע. און ער איז זיך ממש מחיה עסטעטיש, ווען ער קען ערגעץ אויסגעפינען אַן עבודה־זרהשן מאָמענט אין אידישקייט.

אָט לייענט, מיט וואָסער עסטעטישער הנאה און תאווה עס זיינען למשל ביי אים באַשריבן דער ארון־קודש און דער פרוכת אין דער פריש אויסגעבויטער אידישער שול („קידוש השם"):

„איבערגעצויגן איז היינט געווען דער ארון מיט דעם נייען יומטובדיקן פרוכת, וואָס איז געווען אויסגעהאָפטן

מיט זילבערנע פעדים אף בלאָען פלאָרענטינישן בראָ־
קאַט. עס האָט די קרוין פון דער תורה אַראָפּגעשײנט
פון פּרוכת מיט אַ צניעותדיקן שבת־גלאַנץ פון די
כשרע פּערל, וואָס פלעגן אַזוי באַחנען די ווײס־פרומ|ע
העלזער פון די יונגע אידישע פרויען צו שבת־ליכט־
בענטשן. געהײליקט זײנען געווען די פּערל מיט
יענעם צניעותדיקן רײץ פון די שבת־נאַכט־אָוונטן,
און טיפע רויטע רובינען־שטײנער האָבן אַרויסגעפינקלט ווי
רויטער ווײן פון די ווײנטרויבן, וועלכע זײנען געהאַנ־
גען אף גרינע, פון סאַפיר־שטײנער אויסגענײטע צווײגן
אײנגענײט איז געווען אין פּרוכת מיט די נעמען פו.
די פרומע פרויען און מײדלעך אויך זײערע וואונשן,
וואונשן פון גוטע קינדער האָבן, פון זיסע האָפענונגען
פון שטילע פרומע פאַרלאַנגען נאָך ליבע. אַזוי האָט
דאָס פּרוכתל, באַגאָסן מיט ווײבערשן חן, אײנגעטריפט
דורך אײדעלע פרויען־פינגער, אַראָפּגעזונגען יענעם
צניעותדיקן געזאַנג, וואָס זינגט פון אידישע שטובן
אַרוים אין די שבת־נאַכטן".

מיט דער אײגענער ליבע צו בילדערישער פּראַכט איז באַשריבן אויך
דער בעלעמער.

ניט אמת? אַלטע גריכישע און רוימישע עבודה־זרהניקעס און
מיטלעלטערלעכע קאַטוילישע מאָלער און שרײבער וואָלטן ניט בעסער
פון שלום אַש אונז געקאָנט באַווײזן אַזאַ מין עסטעטיש־תאווהדיקע־ביל־
דערישקײט.

און אַש גײט אַלץ העכער און העכער ביז צו אַן
אײגענעם מאַדאָנען־קולט, וואָס ער ברײנגט אים אַרײַן אין
דער אידישער ליטעראַטור און פאַרפירט אונז דערצו מיט „דבורהס אויגן"
(„קידוש השם"):

„ער הערט שוין ניט דאָס חריפהדיקע פּשטל, וואָס דער שווער
האָט מחדש געווען. ער קלערט שוין ניט, דער יונגערמאַן, וועגן דעם
רמב"ם, מיט וועלכן ער האָט געפּלאַנט צו שטורעמען די פעסטונגען, וואָס
זײן שווער האָט אַזוי קונציק צענויפגעשטעלט. עס קלערט שוין דער יונ־

גערמאן וועגן גאנץ אנדערע זאכן. די אויגן, די שווארצע, די שטאלצע קארשן־אויגן, וואס האבן ארויסגעקוקט דורך די דינע פינגערלעך ביים ליכט־בענטשן, שטייען יעצט פאר אים, און ער דערמאנט זיך, אז ער האט זיי געזעען אזוי אפט דורך דער צייט פון זיין לערנען אין דער ישיבה, ווען עס איז אזוי טרויעריק געווארן אין די פארנאכטן; אויף די גרויסע שאטנס פון די ווענט, פון די ספרים, וואס האבן איינגעשלונגען די ישיבה, האט ער געזעען די אויגן. אזוי האט געקוקט רבקה אף יצחקן, ווען ער האט זי באגעגנט אפן וועג. אזוי האט רחל געקוקט אף יעקבן, ווען ער האט זי אנגעטראפן מיט די שעפסן ביים ברונים. און אזוי קוקט די שכינה צום רבונו של עולם, ווען זי קומט יעדן תשעה באב אף די חורבות פון בית־המקדש און טרעפט איר פריינט דעם רבונו של עולם זיצנדיק אין טרויער און צוויי גרויסע טרערן רינען אראפ פון זיינע אויגן און זידן אף די וואסערן פון ירדן. און אזוי קוקט די שבת־מלכתא, ווען זי ניי־דערט אראפ פון די הימלען און קומט אריין אין אידישע שטיבער, ווען די מאמעס בענטשן ליכט“.

יא, דאס „פארפירעניש“ איז די בייקשאפט נאך בילדערישקייט, איז די עבודה צו שיינקייט.

און דא קומט אשם גרעסטע אנטפלעקונג: דאס שיינע שטעטל. ווי קאן מען דאס גאר ארויסזאגן בנשימה אחת, אין איין אטעם? שטעטל און שיינקייט? צי האבן מיר אונזער שטעטל ניט געקאנט? האט אונז מענדעלע ניט באוויזן זיין שלומפער און זיין טארבע? האט ניט מענ־דעלע פון אים חוזק געמאכט און אים געשטראפט מיט ריטער, זיין קבצנות ווי אן ערוה אופגעדעקט פאר דער וועלט? האט שלום עליכם אונז ניט לאכן געמאכט איבער זיינע קליינע השגות? יוער ווייס זיי ניט, ווער געדיינקט זיי ניט — אונזער גלופסק און קאבצאנסק, מאזעפעווקע און כתרילאווקע? און אט איז אש געקומען מיט זיין באזונדערן חוש פאר שיינקייט און א נייס האט זיך באוויזן אין אונזער ליטעראטור. די שכינה־שיין האט זיך אויסגעגאסן איבער דעם שטעטעלע: ווי נעלם געווארן זיי־נען די קרומע געסלעך און איינגעהויקערטע הייזלעך מיט אלע זייערע

טראַגיקאָמישע באַשעפענישן, און אין רחבות, אין ראָמאַנטישער רחבות און חנעווודיקייט באַווייזט זיך דאָס שיינע שטעטעלע.

מען קאָן זען אַזאַ נס אויך אין דער מאָלעריי: שטעטל און מאָנו־מענטאַלישקייט — זיינען דאָס ניט צוויי היפּוכים? נאָר אָט נעמט אײַ האַנט אַריין ריבאַקס בילדעראַטלאַס פֿונם שטעטל און איר וועט דערזען, ווי די שול רוקט זיך אַרויס אין איר מאָנומענטאַלישקייט און דעקט צו און באַהאַלט הינטער איר געהויבנקייט אַלע קרומע הײַזלעך... פּונקט אַזוי וואַרפט אַריבער אַשם רײנע שײנקייטס־פּאָעזיע אַ צודעק אַף דער אָפֿענער ערוה פֿון אונזער שטעטעלע. „דאָס געמויזעכץ האָט מיטאַמאָל געקראָגן חן און פאַרב, באַשטראַלט מיט זון און מיט טרוים“... און עס ווערט באַ־שאַפֿן אַ בילד: ויצא העגל...

צי האָבן אידן געקאָנט אַזוינס באַנעמען? און אַז זיי האָבן שוין יאָ באַנומען, ווי האָבן זיי דאָס אופגענומען? צי פרײַנטלעך, בסבר פּנים יפות, צי גאָר מיט רוגזה, מיט כעס? צי האָבן זיי דאָס צוגעלאָזט אין זייער מחנה, אָדער זיך אָפּגעגרענעצט? צי איז אפשר גאָר אַשם פּירסום צווישן אידן געקומען פֿון דרויסן, פֿון די גויים? און פּונקט ווי משה האָט זיך געמוזט אויסהאָדעווען באַ פּרעהן, האָט אַש געמוזט אַף אַן אמת קומען צו אונז פֿון דער פרעמד?

אונזער קריטיקער בעל־מחשבות—וואָס האָט דער ערשטער אין דער קריטיק דערזען, אָפּגעשאַצט און אויסגערופֿן „אַ נײַער טאַלאַנט“ (אַזוי הייסט זיין ערשטער אַרטיקל וועגן שלום אַשם ערשטן ביכל „ביל־דער און ערציילונגען“). — בעל־מחשבות האָט זיך קיין דין וחשבון ניט געקאָנט אָפּגעבן וועגן אַשם „קראַפט און שײנקייט“, וועגן אַשם עסטעטישן, ריין עסטעטישן מהות. דער באַשעפֿער פֿון אונזער סביבה־קריטיק, וואָס האָט די אידישע שרײַבער אַרויסגעטײַטשט פֿון דער אידישער סביבה אָדער אַרײַנגעטײַטשט זיי אין אונזער לעבן, אָט דער אָביעקטיווער קרי־טיקער אונזערער מיט דער סאָציאַל־נאַציאָנאַלער מעטאָדע, וואָס איז כל ימיו געווען צוגעוואוינט צו סאָציאַל־נאַציאָנאַלע כוונות און תכליתים, צו גלות־ניגונים, צו אלול־מעלאָדיעס. האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַר־שטיין די געזונטע נשמה פֿונם „יונג“ שלום אַש, וואָס וויל — הערט נאָר א מאָדנע זאַך — וואָס וויל אַ שטיף טאָן אָן א שום תכלית, הנאה האָבן פֿון גאָטס וועלט און פרייען זיך אפילו באַ די ערגסטע

באַדינגונגען און באַגעגענישן. צי האָט גאָר בעל־מחשבות געקאָנט תופס זיין אַשם צוגעבונדנקייט צו דער ערד, צו זיין מאַמע ערד, צו זיין היים, צו זיין פויליש־אידישער היים? נאָר בעל־מחשבות איז געווען ער־לעך און פאַרליבט אין די אידישע ליטעראַטן, ווייל ער האָט פון זיי, דורך זיין נאַציאָנאַלער אידייע, אַ ליטעראַטור באַשאַפן, האָט ער ליב באַ־קומען אַשן בלינדערהייט.

פונקט אַזוי האָט ליב אַן אַלטער פרומער איד שיר השירים, הגם ער איז גאָר ניט תופס די ליבעגעפילן, וואָס שטראָמען אַרויס פון דעם „ליד פון אַלע לידער“ און ער חזרט איבער יעדן ערב שבת די שמועסן צווישן די פּאָר פאַרליבטע, מיינענדיק, אַז דאָס רעדט מיט אַזאַ לשון דער הקדוש ברוך הוא צו זיין כנסת ישראל.

און ווי איר ווייסט, העלפן דאָ ניט קיין שום טענות. די פאַר־שייטסטע ווערטער, מיט וועלכע די געליבטע פאַרפירט איר געליבטן און זאָגט אים צו עפּעס אַף די ווייגבערג — שם אתן את דודי לך — דאָרטן וועל איך דיר מיין ליבע געבן — העלפן אויך ניט: קומט אַן אמר רבא און טייטשט איך אוים דעם גאַנצן ענין ווי אַ שמועס פונם אויבערשטן מיט דער כנסת ישראל וועגן זיינע תלמידי חכמים...

ס'איז ממש זיך צו חידושן, ווי איינגעשפאַרט זי איז, אונזער טראַ־דיציע, און וויפיל חן עס ליגט דאָרטן, אַז קיין שום אייראָפּייאישע קול־טור — און בעל־מחשבות האָט פאַרמאָגט אייראָפּייאישקייט — האָט אים ניט געקאָנט באַפרייען פון זיין בלינדקייט. אָט אַזוי האָט זיך אונזער פרום־פאַרליבטער בעל־מחשבות געזאָגט יעדן פרייטיק צונאַכט זיין שיר השירים אשר לשלום אַש, ניט טאַנ־צנדיק חלילה, ניט שטיפנדיק, נאָר פאַרגיסנדיק טרערן איבערן אידישן גלות, איבער גלות השכינה...

און אַז דער געזונטער שטיפער שלום אַש פאַרגעסט ניט אפילו גנבענענדיק דעם גרענעץ, אַז ער האָט ליב די ערד, וואו ער איז גע־בוירן, און פאַרגעסנדיק די סכנה, געזעגנט ער זיך מיט זיין ערד אַפן קול: „דאָס לעצטע מאָל זע איך דיך, מיין לעצטער טריט אַף דיין ערד!... דעם טאַטן מיט דער מאַמען דאָ אין קבר איבערגעלאָזט, און דו טראָג זיך די ביינער אנדערשוואו“ — קומט דער ווייגענדיקער מפרש בעל־מחשבות און טייטשט אונז אוים: „נאָר קברים פאַרבינדן

דעם אידן מיט דער ערד, מיט וועלכער ער איז קיינמאָל ניט צוזאַמענ־
געבונדן"...

„מה יפו פעמיך בנעלים" — דאָס מיינט מען די עולי־רגל קיין
ירושלים, טייטשט אויס אַ איד דעם פסוק שיר השירים.

און בעל־מחשבות קלאָגט: „אַף וואָס פאַר אַן אופן דריקט זיך
אויס דער צובונד צו דער ערד, וואו דער איד חושבט אָפּ זיין גאַנצן
לעבן? עמיצער כאַפּט זיך אריבער די גרעניץ, פאַרוואָגלט צו ווערן אַף
אייביק פון דעם אָרט, וואו ער איז געבוירן געוואָרן. עס פאַטשט שוין
דער רודער, דאָס געפעק ליגט שוין אין שיפל, די צייט איז קורץ, די
גרענעץ איז אַף אַ רגע פריי געוואָרן... ער זעגנט זיך אָפּ... מיט
די קברים". דאָס איז אַ סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אמת, וואָס בעל־
מחשבות זאָגט דאָ ארויס, און כאַראַקטעריזירט דעם אידישן לופט־
מענטש אוודאי, נאָר צו שלום אַש האָט דאָס קיין שייכות ניט, אים איז
דאָס אין דער לינקער פאה ניט געלעגן צו דרשנען וועגן פראָדוקטיווי־
זאַציע, פראָפּאַגאַנדירן ערד־אַרבעט, אָדער אַ נייע אידישע היים, וואו דער
איד זאָל זיך פילן איינגעוואָרצלט אין דער ערד; אַלץ זייער נוצלעכע,
זייער נויטיקע זאַכן — אָבער אַשס עסטעטיק איז גאָר פון אַן אַנ־
דער וועלט.

אַש איז געקומען מיט אַן אנדער שליחות — אַש האָט אונז אַנט־
פּלעקט אַ נייע עמאָציע, אַ נייעם געפיל, un frisson nou-
veau, אַ נייעם ציטער פון דער נשמה, ער האָט אונז געפּרואווט
אויסלערנען דעם פשט פון שיר השירים, פשוטו כמשמעו — אָן שום
דרש, געפּרובט לערנען אידן פילן די וועלט און די ערד
אפילו אין גלות —

פונקט אזוי ווי ס'איז געווען אַ התגלות, און ס'איז אַנטפּלעקט
געוואָרן אמאָל אַ נייער געפיל א נייע עמאָציע בא אידן, בעת דער
רבי האָט געהייסן „פריילעך זיין" (פאַרגעסט ניט, אז דאָס איז געווען
נאָך די קאָזאַקישע און היידאמאקישע פּאָגראָמען!) און עס האָט א שפּאַר
געטאָן פון דער אידישער נשמה א קוואל פון פריילעכקייט און דווקא
אין גלות — וואו מען האָט לאַנג פאַרוועדט.

אָט מיט דער אייגענער שליחות איז געקומען שלום אַש און האָט
אונז באוויזן די ערד, זיין שיין שטעטעלע, וואָס אלע האָבן ביז פאַר

אים געזען אין אים נאָר שמוץ און ברוד — און ער האָט אין אים דערזען, אריינגעזען און אריינגעדיכטעט ליכטיקייט, האַרמאָנישקייט, גאַנצקייט — און ער האט אַ זינג געטאָן ניט מיטן אַלטן ערב־שבתדיקן טראָפּ, נאָר מיט א נייעם ניגון זיין שיר השירים: ניט אומזיסט האָט ער זיין שטעטעל אַ נאָמען געגעבן אין דער ערשטער אויסגאַבע — אַ שאָד, וואָס ער האָט עס ניט איבערגעחזרט אין די לעצטע — פּ אָ ע מ ע פ וּ ן א י ד י ש ן ל ע ב ן —

יא, דאָ האָט אופגעלעבט עפּעס פון גריכנלאַנד, אָדער אויב איר ווילט — גאָר פון חומש, פון ביבלישן אידישקייט, עפּעס פון יעקב אבינו (צי פילט איר ניט אין ר' שלמה נגיד — יעקב אבינו?), וואָס וואַנדערט אינפלוג אום איבער דער וועלט, אָבער איז פונדעסטוועגן אזוי איינגעוואָרצלט אין דער ערד מיט זיינע צוויי ווייבער און צוויי קעפּסווייבער, מיט צוועלף בנים און מיט טשערעדעס שאָף און רינדער: אָט די דאָזיקע אַלט־ביבלישע און אלט־גריכישע זעאונג פון קראַפט און שיינקייט — אָן תכליתים — די ערד ווי זי שטייט און גייט איז אונז געקומען באַווייזן שלום אַש — אונז, גלות־אידן. צי האָבן אידן, גלות־אידן, אים געקאָנט באַנעמען ?..

וואָס איז שלום אשס „שטעטל“ געווען פאַר בעל־מחשבות ? אזוי ווי ער האָט ניט געהאט קיין חוש פאַר שלום אַש און ס'איז אים לחלוטין פרעמד געווען זיין עסטעטיק, האָט ער געמוזט זוכן פאַרשיידענע וועגן ווי אַשן צו פאַרענטפערן און אים איינפלאַצירן, פאַררעגיסטרירן אין אַזאַ מין רשימה, וואָס זאָל זיין אידישלעכער און פאַרשטענדלעכער. פאַר בעל־מחשבות איז אַשס שטעטל געווען — א מעשהלע פאַר קליינע קינדער, ניט פאַר ערנסטע דערוואַקסענע מענטשן, וואָס זוכן, פאַרשטייט זיך, כוונות און תכליתים אין לעבן. „אשס „שטעטל“—זאָגט בעל־מחשבות — איז אַ שטעטל פון קינדער מיט באָרד און פּאות, און ווען מיר, דערוואַקסענע, לייענען דאָס, האָבן מיר דעם איינגענעם איינדרוק, ווי מען וואָלט אונז דערציילן א מעשה פון אונזערע יונגע פלימעניקעס, וואָס ליגן נאָך אין די וויגן אָדער וואָס בויען פון קלעצלעך שולן און פּאַלאַצן“. ריינע שיינקייט, בילדער און פיגורן זיינען פאַר דעם אידישן סביבה־קריטיקער בעל־מחשבות נישט מער ווי קינדערשע צאַצקעס.

אין אַן אַנדער אָרט זאָגט בעל־מחשבות: „אין דער שילדערונג פון רבינס קבלת־פּנים אַפּן פעלד פילט זיך די קערפּערלעכע הנאה פון אַ קינד, וואָס האָט ליב זיך איינגער צוזוטוליען צו דער מאַמעס שויס; דאָס איז נישט דאָס אחדות־געפיל, וואָס פאַראייניקט צווישן זיך ערנסטע גייסטער (אַ נאַציאָנאַלער רעיון אָדער אַ סאָציאַלע אידייע, וואָס פאַראייניקט גרויסע דערוואַקסענע מענטשן, וואָלט פאַר בעל־מחשבות געווען פאַרשטענדלעכער. וו. ל.־ב.) נאָר דאָ, בײַ די חסידים אין וואַלד זעען מיר דאָס האַלב־עראָטישע, האַלב־קינדיש־שטיפערישע און קינדיש־ערוואַכטע געפיל, וואָס פאַראייניקט הענט מיט גאַרטלען, אָרעמס מיט אַקסלען, לאַנגע קאַפּאָטעס מיט קינדערשע הענטלעך, וואָס האַלטן זיך בײַ דעם טאַטנס פּאָלעס".

בעל־מחשבות האָט פאַר אַשס „שטעטל" אויך אַ צווייטע גירסא. „אַשס „שטעטל" איז אַ חלום, וואָס האָט געקאָנט צייטיק ווערן אין קאָפּ פון פּאָעט, ווען דאָס „שטעטל", ווי אַ ממשותדיקע לעבעדיקע, נאָענטע מאַכט האָט שוין אופגעהערט צו זיין אַ דבר ממש. ווייטע זכרונות — לערנט אונז בעל־מחשבות — פאַרוואַנדלען זיך בײַ אונז אין פּאָעזיע. און די פּאָעזיע פון שלום אַש איז אַ גרויסע ראיה, ווי ווייט דאָס שטעטל איז שוין געוואָרן בײַ אונז אַ ווייטע, ווייטע ערינערונג.

אַשס „שטעטל" לעבט נאָר אין זיכרון ווי אַ געליבטער זיידע, וואָס האָט זיך שוין געשיידט מיט דער וועלט".

קאָן מען דאָך פרעגן אַף בעל מחשבות צוויי קשיות: אויב אַשס ראָמאַנטיק נעמט זיך פון אַ פּאָעטיזירטער ערינערונג, איז ווי קומט דער ראָמאַנטישער חן צום העלד „פּשאָריקן", בעת ער כאַפּט זיך צו צו באַשן אין דער בערלינע, פּונקט ווי דער ערשטער מענטש איז צוגע־גאַנגען צו דער ערשטער פרוי — צי איז דאָס נישט פריש־צאַפּלדיקע קעגנוואַרט, אמתע לעבנס־פרייד, און מ'דאַרף גאָרנים שעפּן די ראָמאַנ־טיק פון דער ערינערונג?

און אָט זעען מיר דאָך פּונקט פאַרקערט: בעת די „אַלטע שטאָט" וואַרשע איז געווען פאַר שלום אַש אַ קעגנוואַרט, האָט ער זי דווקא באַ־שריבן מיט אַן אמתן ראָמאַנטישן חן אין דער „מעשה וועגן דער שייַ־נער מאַרי", דערנאָך אָבער, אַז ער האָט דעם דאָזיקן וואַרשעווער קוואַר־טאַל באַשריבן אין זיין סאָציאַלן ראָמאַן „מאָטקע גנב" (אַש איז שוין

דעמאָלט געווען אין אַמעריקע און די „אַלטע שטאָט וואַרשע“ איז גע־
ווען פֿאַר אים נאָר אַן ערינערונג,) האָט זיך דווקא באַקומען אַ מגושמדיק
רעאַליסטיש בילד, מער אַ בעלעטריסטישער רעפּאָרטאַזש אָדער אַ נאַטו־
ראַליסטישע סביבה־באַשרייבונג, פּשוט מחמת דעם, וואָס דער צוגאַנג
אַשם איז דענסטמאָל געווען גאָר אַן אַנדערער.

ראָמאַנטיק אָדער פּשוט ריינע שיינקייט איז ניט קיין היסטאָ־
רישע פֿונקציע, ניט קיין סוראָגאַט, ניט קיין במקום פֿון מעמוארן
שרייבן: אַזאַ מין טעאָריע ווייזט נאָר, אַז עס פֿעלט דער אמתער עסטעט־
טישער חוש באַם קריטיקער אַליין. טאָמער באַשאַפֿט מען באַ אונז אַ
שיינע זאַך, ווערט זי פֿון אונזערע סאָציאַלע ותכליתים־קריטיקער פֿאַרשריען
ווי אַ פּאָעזיע פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. פּונקט אַזאַ ראָמאַנטיק דאַרף
מסתמא פֿאַר זיי זיין שיר־השירים, ווייל עס רעדט זיך דאָרטן פֿון אַמאָ־
ליקן שעפּער־לעבן, ווען מען האָט געהיט טשערעדעס שאָף און בשעת
מעשה געזונגען לידער... וואָרים ס'איז זיי פֿרעמד די קראַפֿט און
די שיינקייט פֿון דער ערד...

* *
*

— און עס האָט זיך גענעענט צו אים שמואל ניגער.

נעענטער, אַ סך נעענטער פֿון בעל מחשבות איז צוגעגאַנגען
ניגער צו אַשם עסטעטישן מהות. און ניגער איז געווען צוגעגרייט צו
אַזאַ מין נאָענטקייט, ווייל איידער ער האָט זיך גענומען צו זיין קריטיק,
איז ער דורכגעגאַנגען אַן אַפּיקורסישן חדר — דעם חדר פֿון ס"ס—פֿון
די ציוניסטן־סאָציאַליסטן. עס וועט מן הסתם קומען אַמאָל אַ צייט, ווען
די פֿאַרוואָגלטע נשמה פֿון ערשטן גילגול ס"ס וועט אויסגעלייזט ווערן
פֿון גלות, און מען וועט צענויפקלייבן אין איין סיסטעם און דערפֿירן ביז
צום שורש די צעזייטע און צעשפּרייטע פֿונקען פֿונם פֿייער, וואָס האָט
בשעתו געפֿלאַקערט אין דער אידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט מיטן שם
ס"ס. נאָר ניט דאָס בין איך איצטער אויסן: ניגערס קומען פֿון ס"ס
האָט אים צוגעדינט. ס"ס איז געווען אַזאַ מין אַפּיקורסות באַ אידן, וואָס
האָט פֿון ערד פֿאַר דעם אידישן פֿאָלק, פֿון אויסגעחלומטער ערד, גע־
מאַכט אַן אידעאַל. און וויבאַלד שוין יאָ ערדגייסט, איז מעג מען דאָך:
מעג מען אָפּדרוקן אַשם „מעשה וועגן דער שיינע מאַרי“ („אַ פֿרילינג־

נאַכט") מיט די פרייַלעכע הייזל=מיידלעך אין ערשטן נומער פון אָפיציעלן פּאַרטיי אָרגאַן „דער נייער וועג", וואָס אין קיין אידישער צייטונג דענסטמאָל, און איך בין שטאַרק מסופק צי אויך איצטער, וואָלט מען אזוינס ניט געדרוקט. מען וואָלט זיך געשעמט, מען וואָלט עס פּאַרמיאוסט חי זנות און אגב פּשוט מורא געהאַט פאַרן אידישן דעת הקהל. *)

און אַז „ערדגייסט" איז געוואָרן רוח הקודש, איז מען שוין מער מסוגל געווען צו פאַרשטיין דעם נביא פון דער ערד מיט זיין נייער עסטעטיק.

און ניגער פרעגט, ער האָט דעם מוט און פאַרשטייט צו פרעגן:

„צי האָט דען די ערד נביאים? אוודאי און אַוודאי. דער נביא לעבט אין טרוים, וועבט אַ טרוים... אָבער אשם ערד איז אַ געטרוימטע: ליכט און פראַכט און שיינקייט איז איר קלייד, שבת — איר טאָג, און איר טרויער — מוצאי=שבת=טרויער.

אַ כלה איז די ערד, בעת מען פירט זי צו דער חופּה: פאַרהילט אין אַ לייכטן, דורכזיכטיקן שלייער פון שטילער פרייד און אומרואיקער בייגקשאַפט"...

און וויבאַלד פרייד, סתם פרייד, די ריינע, די אמתע פרייד, סתם שיינקייט, אָן זייטיקע תכליתים, די אמתע שיינקייט, טאָ וואו זשע קאָנט איר געפינען איר אמתן קוואַל? פאַרשטייט זיך וואו — אין די ק י נ ד ע ר י אָ ר ן — דענסטמאָל לויפט מען און מען האָוועט, אָבער וואָס מען טוט, איז אָן תכלית, אָן אַן אויבנאויפיקן תכלית (און דערפאַר שטייען די גרויסע מיט זייערע תכליתים אזוי אָפּהענטיק און נאַריש פאַר דער

*) אז ס'איז פאראן אַ יסוד פאר אזא ספק און אזא חשד, לערנט אונז א ווידוי פון — ד"ר חיים זשיטלאווסקי, וואס שרייבט מיט דריי יאָר שפּעטער („דאָס נייע לעבן", יאָר 1909): „אין דעם זשורנאל „דאָס נייע לעבן" איז קינסטלערישע פאָרמע קיינמאָל ניט מכפּר אף דעם אינהאלט. איך בין אין דער קליינער צייט פון מיין רעדאקציע=טעטיקייט געווען שוין ניט איינמאָל געצוואונגען אָפּצושיקן צוריק ק י נ ס ט ל ע ר י ש ג א נ ץ ווערטפולע זאכן (שפּאַציאָנירט פון וו. ל.=ב.), ווייל זייער אינהאַלט — מייסטנס אַ קינסטלעריש פאַרטיפן=זיך אין זנות — איז געגאַנגען להיפוך צו יענעם בליק אַף אַ חשובן לעבן, פאַר וועלכן איך האַלט מיין חוב איינצושטעלן זיך". די אבות פון ד"ר זשיטלאָווסקי האָבן בשעתו דעם מחבר פון „שם אתן את דודי לך" אויך געוואָלט „שיקן צוריק" און דן זיין לגניזה.

קינדערוועלט), און אָט אין דער קינדערוועלט מאַכט מען מיט די הענט און מיט די פיס און אינפּלוג נאָר כּדי פונאַנדערצופירן די אבֿרים — אָט פאַרוואָס אַש שעפּט זיינע בילדער פון קינדערלעבן, פון דער מאַמע, וואָס איז נאָענט צום קינד, פון דער משפּחה, וואָס די מאַמע און דאָס קינד זיינען איר תּוך —

ערד און מאַמע — מאַמע־ערד — ווי פילט אַש דער מאַמעס אָטעם! „וואו דער מענטש וועט אויף דער ערד נישט פאַלן, וועט ער איינשלאָפן ווי אויף זיין מאַמעס ברוסט". דאָס אידישע פאָלק האָט אַ מאַמען — די מאַמע רחל — האָט ניגער געהערט אַשן אַמאָל זאָגנדיק מיט התפּעלות — און דאָס איז גענוג, אַז אַש זאָל ארומגיין אויף דער וועלט ניט פאַריתומט, ער האָט אַ מאַמען. ווי אָרגאַניש, ווי חייעש־אינסטינקטיוו פילט אַש די מאַמעשאַפט, ניט ערגער און ניט שוואַכער פון מאָטקע גנבֿ. און צי האָט ניט אַש דורך און מיט זיין מאַמע־געפיל געכשרט מרים'ס ממזר — דעם ישו הנוצרי אין זיין בוך ארץ ישראל?

„דאָס שטעטל, וואָס זעט אויס בײַ אַש אַזוי פרידלעך, אַזוי, שבת־דיק, איז ניט סתם אַן אידיליע, זאָגט ניגער, ס'איז אַ משפּחה־אידיליע. אַלע איינוואוינער פון שטעטל, אָרים און רייך, גרויס און קליין, זיינען קרובים — איין ערד און איין פאַמיליע; איין הימל איבערן קאָפּ; איין טאַטע אין הימל. אפילו די גויים, וואָס זיינען דאָ פאַראַן, באַלאַנגען צום שטעטל, פּונקט אַזוי ווי די אידן באַלאַנגען צום לאַטגאַלישן שטעטל, (לעטלאַנד) ווי ס'האָט מיר אַמאָל אַ זאָג געטאָן דער גוויישער לעטיש־לאַטגאַלישער מאָלער וואַרסלאַוואַן, אַן אַנטפּלעקער פון לאַטגאַלישער ספּעציעל רעזשיצער שטעטל־פּאָעזיע. די גויים שטערן נישט אַשס שטעטל־אידיליע, זיי שטערן ניט דעם שלום בית, פונקט אַזוי ווי גויים און אידן זיינען פאַרפלאָכטן האַרמאָניש אין וואַרסלאַוואַנס לאַטגאַלישע שטעטל־זעאונגען. טאָמער טרעפט זיך אַמאָל אַ מחלוקת, איז עס מער נישט, ווי אַ פאַמיליען־מחלוקת, מען ווערט ברוגז און באַלד צוריק גוט־פריינט: איינענע מענטשן... ס'איז דער צוגאַנג פון מאָלערס, פון עסטעטן.

אָבער נישט נאָר דאָס שטעטל — גאַנץ וועלט אינגאַנצן, ווען זי געפעלט אַשן — און ווען געפעלט זי אים נישט? — זעט אים אויס ווי אַ „ליבלעך הויזגעזינט, וואָס לעבט זיך אין שלום, יעדער טוט דאָס זייניקע"... — „און פאַרחלומט איז אַלץ אין גאַנץ זעליקן

שלאָף, און אַלץ בויגט זיך, טוליעט זיך צו דער מאַמעס ברוסט — צו דער ערד, איינגעשלאָפן אין גאָטס שוים, אַפּנים אַלץ אַרום אי צופרידן מיט זיין גורל, וואָס איז פאַר אים באַשערט און פאַרלאַנגט נישט קיין בעסערעס...״

און ניגער דערזעט דעם אמתן פנים פון אַש און רופט אויס אין התפעלות: „איז אַש דען אַליין ניט בא אונז קיין חלום, קיין לעגענדע, אָט דער מוזיניק, אָט דער בן זקונים, וואָס איז ווי דורך אַ וואונדער געבוירן געוואָרן באַ אַלטע לייט, וואָס דערזעען פּלוצים אַרום זיך קינדערשע צאַצקעס, קינדערשע טרערן און אַ קינדערשן שמייכל?.. און אָט דערזעענדיק דעם שיינעם פּנים פון אַשס דיכטונג,—און שיינקייט איז א געטין, אידן, איר דאַרפט דאָס וויסן! — דערשרעקט זיך ניגער. ער דערמאָנט זיך: לא תוכל לראות את פני כי לא יראני האדם וחי — מען טאָר ניט און קאָן ניט זען גאָט און דער־ביי בלייבן לעבן — און ער פאַרדעקט מיט דער האַנט זיינע אויגן און פאַרענטפערט אַש פאַר דער אידישער וועלט:

„אַש איז דער ערשטער בא אונז קעגנוואַרטס־ראָמאַנטיקער. ער גיט אונז נישט קיין אידעאַל פאַר דער צוקונפט, אָבער ער עפנט פאַר אונז דעם קוואַל פון אידעאַליזאַציע. דאָס איז נויטיק פאַרן אידעאַל גופא (ווי איר זעט, דאַך געפונען אַ תכלית אין דער שיינקייט! וו. ל.): מיר ליבן די צוקונפט, ווייל מיר אידעאַליזירן זי, ווייל מיר שטעלן זי אונז פאָר בעסער, ווי זי איז. (ווי איר זעט, דינט שוין דאָ די קונסט, די שיינקייט פון דער קעגנוואַרט, קיין אַנדער שיינקייט איז ניטאָ, ווי א מין קרדום לחפור בו — ווי א מין גימנאַסטיקע אף זיך אויסצולערנען צו אידעאַליזירן די צוקונפט!). דער חסרון—זאָגט ניגער,—וואָס מיר קאָנען געפינען אין אַשן, איז, וואָס ער אידעאַליזירט די קעגנוואַרט (טאַקע א חסרון — צו נעמען א אידישע שטעטל און אידישע הייזלמיידלעך און אויסמאָלן פון זיי א בילד). אָבער אפשר — און אָט קומט די התנצלות, די אַנט־שולדיקונג פאַר דעם געצנדינער, דעם עבודה זרה־ניק אַשן — אפשר איז עס נוצלעך פאַר אונז, אידן, מיר זאָלן זיין אביסעלע מער צוגעבונדן צום לעבן, צום היינטיקן טאָג? אפשר איז עס גוט, וואָס עס קלינגט צו אונז אַרויס אין דער שטיל אַ שטים פון אַשס ווערק: איר אַלט־געוואָ־רענע, ווערט יונג אַ ווײילע און וואַקסט און זינגט, ווי דער פויגל אין

זואַלד, ווי די גראָזן אין פעלד? אפשר איז עס גוט, וואָס מיר דערפילן זיך היימישער און היימלעכער, ווען מיר לייענען אַשם ווערק?"...

מער ווי אַף אַ שאלה אַף דעם לעבנסרעכט פון שיינקייט האָט זיך שמואל ניגער ניט פאַרמאָסטן.

* *
*

טיף אין באַנעם און ברייט אין פאַרנעם האָט זיך אָפּגערעכנט מיט שלום אַש זיין קריטישער שונא — בעל דמיון — נחום שטיף.

איינער פון די גרעסטע וועגן אַף צו דערזעען און דערקענען מענטשן און געשעענישן איז די ע ר נ ס ט ע ש י נ א ה. אַז איר רוקט אריין מיט ערנסט אַ מעסער עמיצן אין די געדערים, קאָנט איר דער־טאַפּן, וואָס דאָרטן טוט זיך. און כדי דאָס צו טאָן, כדי זיך ניט לאָזן אָפּשרעקן און אָפּנאַרן פונם אויבערפלאַך, דאַרפט איר אָפּט פאַרמאָגן ערנסטע שינאה.

אָט אַזאַ מין שינאה האָט געהאַט צו שלום אַש נחום שטיף. פון וואַנען זי שטאַמט — איז ניט איצטער די צייט זיך פונאַנדערצוקלייבן. צוליב עפּעס איז די שינאה געוועזן אַן ערנסטע און ער האָט זיך פאַר־מאָסטן אַף אַש מיט אַלצדינג, וואָס ער פאַרמאָגט, מיט זיינע שאַרפסטע כלי־זין, און זיין אַרטיקל „נעכטן", אַזוי הייסט ער אין „מילגרוים" נומ. 2, וועט פאַרבלייבן ווי אַ דאָקומענט אין דער אידישער ליטעראַטור־קריטיק, וואָס איז שקול קעגן אַסך געשרייבעכץ. ער האָט מיט אַש געפּרוּאווט טאָן דאָס אייגענע, וואָס קאַרל קרויז האָט געטאָן מיט היינריך היינע: אַראָפּ־נעמען די קרוין און לייקענען שטיין און ביין.

מיט וואָס האָט נחום שטיף זיך פאַרמאָסטן אַף שלום אַש?

„נעכטן!" — האָט שטיף אַ זאָג און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אַף אַשן — פּונקט ווי שיינקייט וואָלט האָבן אַ צייט. אָדער זי איז — אָדער קיינמאָל ניט — ניט נעכטן, ניט היינט און ניט מאָרגן—

וואָס איז אַשם אידיליע על פּי שטיף? זי קומט פונם שטעטעלע, וואָס איז פאַר אונז דער „נעכטן", די פאַרגאַנגענהייט, זי שפּייזט זיך פון קליינשטעטלדיקער רחבות, פון דעם געזעצטן לעבנשטייגער, אָן טי־פערע סאָציאַלע און גייסטיקע קאָנפליקטן. אַש איז געקומען מיט דער פרישקייט פון אַ מענטש, וואָס האָט אָנגעקליבן לייב און באַגערן, וואָס

דער מח איז בײַ אים קוים געעפנט, דאָס האַרץ ניט גערירט, פול מיט באַהאַלטענער זאַפט און קראַפט, ווי דער ערשטער שפּראָץ אויף אַ יוויִ־רענדיק פריִלינג־פעלד. מיט אַזאַ שײנקײט אין האַרץ און אויג קוקט קאָנסקװאָליע — שעמענעץ — קוטנע זשאַכלין, גאָמבין, גאָסטענע, ווי ניי געבוירן, זעט ניט קיין קאָנפליקטן, אָדער פאַרטראַגט זיי ניט לאַנג, שטימט זיי אויס אין אַ פאַרטרוימטער בײַנקשאַפט, אָדער קערט זיך אָפּ: ווער האָט זיי דאָס אויסגעטראַכט?!

„איז דאָס קוילערגעסל, רופט אים שטיף, אַ התגלות פון לייב, אַ מאַניפעסטאַציע פון דער מאַטעריע קעגן גײַסט? אַ פילאָזאָפיע געמאַכט פון דער ערד (מוטער ערד געוואוינטלעך) פאַרריסן קעגן הימל —

— אַ קאָנסקװאָליער מליצה! וואָרים לייב איז דאָ דער גולם, נישט די באַשמעקטע מאַטעריע, שטאָל־קולטור, נישט די צעשטראַלטע מענערישקייט. אַ נאַטור־געשיכטע פון אינסטינקטן, פון פיזיאָלאָגישע געזעצן ווערט נאָך נישט קיין אַנטפּלעקונג פאַר עסטעטיק און מאָראַל" (אָט זעט איר, אונזער נחום שטיף כאַפּט זיך אַרויס מיט אַ וואָרט — וואָס באַשיינט אונז דעם תהום, פון וואַנען ער שיסט זיינע פײַלן). עסטעטיק — נאָר קוקן און מאָלן — מער גאָרנישט? דאָס איז ווייניק. ער דאַרף האָבן עסטעטיק און מאָראַל, וואָרים אָן דעם ווערט די ערד־שטויב — זאָל דאָס גראָב און בלויז זיין דער אידעאַל, דער צוועק?

ניט בלויז אויף לייב: אויף שאַנד איז מען זיך אין אַשם וועלט נישט קלאָר. מ'איז טויב און טעמפּ פאַר געפאַלנקייט און פאַרקנעכטקייט. ס'איז אַ שיינער זשעסט, וואָס הייזלמיידלעך ווייזן זיך אין זייער מענטשלעך געשטאַלט, מיט וואָכעדיקע לייד — פרייד, געניסן אַ זומערדיגן ווי שפּילנדיקע קינדער. אָבער ווען נישט מער ווי דאָס, ווען קיין שפּור געקריינקט געפיל, קיין צאָרן, קיין וויי — איז דאָס אַ שלעכטער סימן פאַר דער „מוטער ערד", פאַר דעם באַפרייטן לייב. וואָרים ווען איז נאָך לייב אַזוי פאַרשוועכט, אַזוי פאַרקנעכט געוואָרן, ווי דאָ! —

אָט אַזוי פּרוּווט נחום שטיף מבזה צו זיין אַשם עסטעטיקע: דאָס שטעטעלע — אַ נעכטיקער טאָג, דאָס קוילער געסל — אַ גולם, און די הייזל־מיידלעך — פאַרשיוועכטע און פאַרקנעכטע באַשע־

פעניש[ן], וואָס ווייסן פון קיין פּראָטעסטן ניט. צי איז אָט דער שטורם קעגן אַשן ניט א גילגול פון אַמאָליקע קאַמפן? בעת דער איד און זיין תלמיד דער קריסט האָט זיך פאַרמאָסטן מיטן רעוואָלוציאָנערישן מוסר פון יענער צייט אף דער גריכישער שיינקייט=קולטור און האָט בא דער גריכישער וועגנוס די הענט אָפּגעהאַקט, ווייל זי איז געווען פאַר אים די געטין פון זנות?

אויב אָן א כוונה, אויב אָן א סאָציאַלער מאָראַל, אויב אָן א פּראָטעסט קעגן דער איצטיקער געזעלשאַפטס=אָרדנונג, טאָ צו וואָס דאַרף איך די גאַנצע פּרימיטיווע, קינדעריש=שפּילערישע שיינקייט? אויב ער וויל מיך גאָרנישט לאָזן הערן מיט זיינע פּרייִלעכע הייזלמיידלעך, וואָס טאַנצן אונטערן רעגן בא דער שיין פון דער לבנה, טאָ צו וואָס דאַרף איך אָט די קינדערשע און באמת גאָר שענדלעכע צאַצקעס?

און דער רעוואָלוציאָנער אין דער יאַר=מאָלקע—צי זעט איר זי ניט אף נחום שטיפס קאָפּ?—אָט דער רע=וואָלוציאָנער אין דער יאַרמאָלקע פרעגט און מאָנט בא אַשן: מאי קא משמע לן? וואָס לאָזט ער אונז הערן? אויב גאָרנישט, אויב הינטער דער לבנה איז ניטאָ קיין מיין, און אף דער לבנה זיינען ניטאָ קיין ברואים באשעפענישן, אויב איך קאָן אף דער לבנה קיין קידוש=לבנה, קיין סאָציאַל=רעוואָלוציאָנערישע ברכה ניט מאַכן, איז די לבנה מיט איר שיין פאַר מיר נישט מער ווי א פּלאַטשיקער טעלער און איך שפּיי אַף איר.

אָט אזוי האָט דער רעוואָלוציאָנער אין דער יאַרמאָלקע געשאַפן די אָפּאָזיציע צו אַש, וואָס האָט דערנאָך איר המשך גע=פונען אין דער נייער אידישער קריטיק פון ראַטן=רוסלאַנד און ס'איז אויפגעקומען דער לאָזונג: אָפּגרענעצן זיך פון אַש און פון זיין שאַפן.

און מיט ווייניק טאַלאַנט, אָבער א פולע „כאַראַקטער“ זינגט מען אין ראַטן=רוסלאַנד:

„איז פולער דער בעכער,
איז העכער די פלאַש,
דאָס פופציקסטע יאָר,
אַז עס לעבט שלום אַש!

. . . . . . . .

די ערד איז אין שימחה,
די ערד איז אין רעש,
איז ווילט זיך אויך שיקן,
אַ גרוס פאַני אַש!

. . . . . . . .

צו אייער געבורטסטאָג
אַן אָרדען אזאַ!
אַ קויל פון אַ בראַונינג!
אַש,
שאַ!

די אייגענע קריטישע ליניע פירט מאַקס עריק, וואָס פאַר־ביאוסט די אידילישע פּאָעמע „ר' שלמה נגיד“ — אַ פּערל אין דער אידישער ליטעראַטור.

„אַ מוראַדיק זאַט בוך „שלמה נגיד“. די פאַרע פון באָרשטש און גריווענעס טראָגט זיך פון יחזקאל גאָמבינערס שטוב („דאָס שטעטל“), ווי קומט עס אָבער צו שלמה נגיד! דאָ עסט מען כסדר, באַ יעדער געלעגנהייט, און עסט מען ניט, דאַן (דעמאָלט) גרייט מען צום עסן, מען קאָכט און מען באַקט: לכבוד שבת, לכבוד חתונות, פאַרן יריד, בעתן יריד, פאַרן ברית, בעתן ברית“.

א נידערלענדיש מייסטערבילד פון אידישן לעבנסשטייגער, פליישן און גרינסן פון סניידערס און פון רובענס אריינגעוואָרפן אין דער בלאָטע דורך אַ רעוואָלוציאָנער אין דער יאַרמאָלקע!

* * *

פרצן פאַרשטייט נאָך דער רעוואָלוציאָנער אין דער יאַרמאָלקע:
אין פרצעס חסידות זיינען פאַראַן כוונות, וואָס נעמען אַרום אַ וועלט. פרצס חסידות איז טיף און הויך, גאָר הויך, אויב נישט נאָך העכער. באַ פרצן זיינען שטענדיק פאַראַן הומאַניטאַרישע, אוניווערסאַלע סאָציאַלע מאָטיוון — באַ פרצן שלעפּט דער רבי אַ בינטל האָלץ אַף די פּלייצעס פאַר אַ קראַנקער עלנטער פרוי, און דאָס איז פאַר אים בילכער פון סליחות —

אָבער אַש? אָט דער עגל, אָט די עבודה זרה, אָט די געטשקע

אָן כוונות — ניט געדאַכט זאָל דאָס ווערן — אַראָפּ פון די פּלעצער אַלע מענטשעלעך פון האָלץ, פון שטיין און פון וואָרט, אַרויס פון לעבן און אין די גאַלעריען אַריין „זאָל אַף זיי רוען דער אָפּשיי פאַר מו־זייען און אַנטיקן, אָבער זאָלן אונז שאָטנס ניט שטיין אין וועג אינמיטן העלן טאָג“.

צי איז טאַקע שלום אַשס „ש ט ע ט ל“ אַ שאָטן, אַ נעכטן? צי איז ראָמאַנטיק אידעאַליזאַציע פון דער פאַרגאַנגענהייט? אַ מין בעלעט־ריסטישע געשיכטשרייבונג, וואָס דערציילט אונז וועגן דער האַרמאָנישער גאַנצקייט פונם עבר? ראָמאַנטיק איז ניט פאַרגאַנגענהייט, ראָמאַנטיק איז אַן עקסטעטישער חוש: איז מען אַ פּאָעט — איז מען ראָמאַנטיש — זעט מען חלומות אַף דער וואָר און לבנה־שיין אין דער ניכטערסטער שטאָט.

די פּאָעזיע מעג דינען, און אַוודאי און אוודאי דעם איבערבוי און אופבוי פון אונזער געזעלשאַפט — פאַרשיידענע פּלענער און פינפיאָר־פּלענער. אָבער דער פּאָעט מוז דערביי אָ ר ג אַ נ י ש פילן דאָס שיינקייט פונם אופבוי און מוז אינם אופבוי גופא זעען — אַ ב י ל ד. ביז וואַנען איר וועט קוקן אַפן בוים ווי אַף אַ מאַטעריאַל אָדער סחורה־אָביעקט און וועט זיך ניט קאָנען אויסטאָן פון זיין תכלית אין „אופבוי“, וועט איר אים ניט קאָנען מאָלן. נאָר ווען דער איינדרוק פון דרויסן ווערט אַרויסגעהויבן פון דער ממשותדיקער תכליתים־וועלט און אַריבערגעהויבן אין דער אילוזיע־ספערע, אין דער ב י ל ד ע ר וועלט, אָט דענסטמאָל קאָן מען ריידן וועגן קונסט. אָט דאָס איז עס, וואָס דער ממשותדיקער, אַזוי אַקטועלער קינסטלער ג אָ ג אָ ל האָט געמיינט מיט זיין ווערטל: „возвести в перл создания“ (מתקן זיין און אופהויבן די נידעריקע מאַטעריע ביז צו דער בחינה פון אַ פּערל אין דער יצירה).

און צי איז דען ניט סוף כל סוף אונזער וועלט־באַנעם אַן אַקט פון אונזער ק י נ ס ט ל ע ר י ש ן חוש?

די אַלטע טעאָלאָגישע דיינקער האָבן געפּרואווט דערקלערן די יצירה, דעם אופן וועלטבאַשאַפן דורך אַ ס י ס ט ע ם פ ו ן צ ו ו ע ק ן־ת כ ל י ת י ם. די אויגן זיינען באַשאַפן געוואָרן—אַף צו זעען. הייסט דאָס, אַז אינם פּלאַן פון דער יצירה איז געווען, אַז אַ באַשעפעניש (מענטש אָדער חיה) זאָל זעען, האָט מען אים צוליב אָט דעם ת כ ל י ת באַשאַפן אויגן.

דער אמת איז אָבער פאַרקערט: ווייל סע זיינען פאַראַן אויגן זעט מען, ווערט דער תכלית דערגרייכט ממילא.

ניט קיין תכליתים, נאָר סיבות באשאפן די וועלט. און אויך ביט קיין סאָציאַלע תכליתים, נאָר סאָציאַלע סיבות זיינען משפיע אַפן קינסט־לער און ברענגען ארויס זיין אָרגאַנישע יצירה. דער תכלית ווערט דערגרייכט ממילא, ווען דער קינסטלער איז אַן אמתער בילדערזעער און בילדערשעפער.

ניט ווייל „דאָס שטעטל“ איז אזוי, נאָר ווייל שלום אש האָט אַף אים אזוי א קוק געטאָן, האָט דאָס שטעטל זיך באוויזן פאַר אונז אין זיין אָן־תכליתדיק שיינקייט. אַשן האָט זיך פאַרבײַנקט נאָך ערד, נאָך אבילד, נאָך גאַנצקייט און האַרמאָנישקייט, האָט ער דאָס אינם שטעטל אריינגעדיכטעט. ער האָט חשק באַקומען צו זינגען א ליבעס־ליד, א בייטעם שיר־השירים, האָט ער פאַר זיך א שולמית באשאפן פון זיין שטעטעלע. וואָס איז דער חילוק: א בילד פון האָלץ צי פון שטיין, פון אונזער לעבן, צי פון דער פרעמד, צי פאַרגאַנגנהייט, צי קעגנוואַרט,—אַבי א בילד.

און אָט, אז עס האָט זיך באַוויזן די אמת רעוואָלוציאָנערישע אפיקורסות צווישן אידן — טאַקע די אַלט־גריכישע, און אויב איר ווילט אַלט־ביבלישע עבודה זרה פון שלום אש — האָבן אַלע רבנים פון דער אידישער וועלט—אָנהויבנדיק מיט די ליטווישע ישיבות, פאַרכאַפנדיק די חסידישע שטיבלעך און פאַרענדיקנדיק מיט די קאָמוניסטישע בתי מדרשים פון ליטוואַקאָוו און שטיף — אַלע האָבן זיי באַשאַפן אײַן פראָנט און אויפגעהויבן א פראָטעסט: לא תעשה לך פסל, דו זאָלסט דיר קיין געטשקע ניט מאַכן, נאָר ניט קיין בילדער, נאָר ניט קיין שיינקייט פאַר זיך, דאָס איז ניט אידישלעך — אַלץ איינם צו מען לערנט אָפּ די אידישקייט פון ישעיה, צי פון מאַרקס. און אין דער אמתן איז דאָס טאַקע ניט אידישלעך — דאָס איז טאַקע א מין זיווג פון אַלט־ביבלישקייט מיט גריכנטום, וואָס פרואווט ווידער אַמאָל שטעלן באַ אונז א ווידערשטאַנד דער רעליגיע פון מוסר — דאָס איז דער אפיקורסישער שיר השירים, וואָס איז על פי טעות אריינ־געפאַלן צווישן די כתבי קודש — און וואָס אַלע יאַרמאָלקעס — ווילנער, ליבאַוויטשער און מאָסקווער, האָבן אויפגעהויבן קעגן אים א געוואַלד. און אין דעראמתן וואָלט מען שוין אַשן לאַנג מחרים געווען, אים ניט

צוגעלאָזט צו דער אידישער רבניש־חסידיש־מארקסיסטישער מחנה, ווען פרץ וואָלט זיך פאַר אים ניט איינגעשטעלט (פאַרגעסט ניט, אַז פּרץ האָט אים געגעבן די סמיכות, און נאָר אַזאַ רב און בר סמכא ווי פרץ האָט געקאָנט אָפּראַטעווען פאַר אונז אַ טריפהנעם שיר השירים!), און ווען שלום אַש אַליין וואָלט ניט אָפּגענאַרט די אידישע קריטיקער, ליטעראַטן און לעזער דערמיט, וואָס ער האָט געשריבן אידיש, ד. ה. פון רעכטס אַף לינקס און אַף אידישע טעמעס, ווען ער וואָלט זיין בייזקשאַפט נאָך שיינקייט ניט אַ נאָמען געגעבן „שטעטל“ און ר' שלמה נגיד, זיין קולט פון קראַפט נאַטע זשאָכלינער און אַף אַזאַ מין אופן אַריינגעשמוגלט מעשה וואוילער יונג פון „קוילער געסל“ זיינע ווערק אין דער אידישער ליטעראַטור. באַשרייבנדיק, ווי נאַטע זשאַרלינער, וואָס איז געווען ווי אַ בוים איינגעפלאַנצט אין דער ערד — „האָט געגעבן אַ פאַל אנידער אַף דער ערד, צווישן די חרובדיקע זאַכן, איינגענורעט דאָס פנים אין דער פאָדלאָגע און איז געשלאָפן, געשלאָפן, לאַנג, לאַנג...“ פאַרענדיקט אַש זיין מעשה פון קוילער געסל: „קיינער האָט נישט גע־וואגט אין שטוב אַריינצוגיין און צו יועקן דעם איינגעשלאָפענעם דו־נער“... דער דונער איז שוין לאַנג בײַ אידן געווען איינגעשלאָפן, אַש האָט דעם מוט געהאַט אים אופצוואוועקן. אגב האָבן אים דערבײַ גויים און גוייִשע אידן אַביסל אונטערגעהאָלפן, ער האָט זיך דערשלאָגן צו פּירסום, צו באַריםטקייט, און איצטער יומטובן אידן אַביסל קעגן זייער אייגענעם ווילן על אפּס ועל חמתם — זיין 50־יאָריקן יובל, און מיר פרייען זיך מיט די פאַר אָפּגעראַטעוועטע שיר־השירים־בלעטלעך, מיט דער פּאָעזיע פון קראַפט און פון שיינקייט. אמת, ס'איז—ניט גאָר אידישלעך, אָבער ס'קאָן גאָרנישט שאַטן, אַז מיר, נייע אידן, זאָלן זיך באַהעפטן מיט דער שיינקייט־אַפּיקורסות, אָט מיט דער שיינקייט אָן פאַרשיידענע כוונות און תכליתים, וואָרים סוף כל סוף איז דאָך פאַראַן אין איר איין גרויסער תכלית — אַ גרויסער און אַ פּשוטער — מען קאָן אָן שיינקייט ניט לעבן.

יאָר 1931.

# ס. ס. אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

דעם 20=טן אַווגוסט 1907 האָט אַ ספּעציעלע טעלעגראַם פון שטוטגארט מודיע געווען דעם אָפיציעלן פּאַרטיי=אָרגאַן פון ס. ס. „דאָס וואָרט" (ווילנע):

„נאָך אַ הארטן קאַמף פון דער דעלעגאַציע ס.ס. האָט דאָס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ — ניט קוקנ= דיק אַף דער שאַרפער קעגנרעדע פון וויקטאָר אדלער, דעם פאָר= שטייער פון דער עסטרייכישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע — באַשלאָסן מיט אַ מערהייט פון ניין קעגן זיבן צו געבן דער ציוניסטים=סאָציאַליסטישער אַרבעטער=פּאַרטיי (ס.ס.) א פאָרשטייערשאַפט מיט בּאַראַטונגס= שטים אַפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנ= גרעס".

* * *

אין א לייטאַרטיקל האָט דענסטמאָל דער פּאַרטיי=אָרגאַן פון ס.ס. „אונזער וועג" *) אָפּגעשאַצט דאָס געשעעניש בּזה הלשון:

„... בּיז איצטער זיינען אַפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנ= גרעס געווען פאָרגעשטעלט אָדער סתם אידן=סאָציאַליסטן, אָדער אַן אָרגאַניזאַציע פון אידישע ארבעטער („דער בּונד"), ווי אַ טייל פון דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע. דער אידישער פּראָלעטאַריאַט אין זיין נאַציאָנאַלער גאַנצקייט האָט דאָ אויסגעפעלט. אריינקומענדיק אין אינטערנאַציאָנאַל, פלעגן אידישע ארבעטער פאַררעכנט

---

*) „אונזער וועג" האָט צו יענער צייט פאַרביטן „דאָס וואָרט", וואָס די צאַרישע פּראָקוראַטורע האָט אים גערודפט און אָפּגעשטעלט גאָר אינגאַנצן בּיזן געריכט.

ווערן ווי טײלן פון אַנדערע פעלקער . . . די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (ס.ס.), וואָס גייט איצט זעלבסטשטענדיק אַרײַן אין סאָציאַליסטישן־אינטערנאַציאָנאַל, האָט געמאַכט דעם ערשטן טריט אַפן וועג פון אויסקעמפן דאָרטן פאַרן אידישן.פּראָלעטאַריאַט א גלײַכװערטיקן אָרט צווישן די פּראָלעטאַריער פון אַלע אַנדערע פעלקער.

נאָר דאָס איז ניט גענוג. דער אידישער אַרבעטערקלאַס דאַרף שטרעבן צו באַשאַפן א אידישע סעקציע אַפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס. די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי האָט דעם ערשטן טריט דערצו געמאַכט. זי וועט אויך ווײַטער גיין מיטן דאָזיקן וועג".

## די פאָרגעשיכטע פון קאַמף, דער וויכוח אין אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ און דער נצחון פון ס.ס.

א קיצור פון די באַריכטן אין די אָפיציעלע פּאַרטיי־אָרגאַנען „דאָס וואָרט" און „אונזער וועג".

„אין יולי 1907 האָט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (ס.ס.) באַשלאָסן זיך דערשלאָגן צו א פאָרשטײערשאַפט אַפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין שטוטגאַרט. הגם די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן קוקן ניט אַף זיך אויסנעמלעך, ווי אַף א רוסלענדישע אָרגאַניזאַציע, נאָר ווי אַף א פּאַרטיי, וואָס דאַרף אַרומנעמען דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לײַנדער, איז איר אָבער דערווײַלע אויסגעקומען צו פאָדערן א פאָרשטײערשאַפט אַף דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, ווי א פּאַרטיי, וואָס האָט איר אָרט אין רוסלאַנד. ס'איז נאָך ניט באַשאַפן געוואָרן די אינטערנאַציאָנאַלע פאַראײניקונג פונם סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס וואָלט געקאָנט פאָדערן א פאָרשטײערשאַפט אַפן קאָנגרעס, ווי א באַזונדערע נאַציע. דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי איז דעריבער אויסגעקומען צו פאָדערן א פאָרשטײערשאַפט אַפן קאָנגרעס דורך דער פּאַרמיט־

לונג פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

און די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט די דאָזיקע פאָדערונג אָפּגעוואָרפן"... זי האָט דאָס געטאָן אין אַ ספּעציעלער רעזאָלוציע, וועלכע האָט אַנאַליזירט די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע שיטה פון ס.ס. און געפּרוּווט אויפווייזן, אַז די נאַציאָנאַלע טעריטאָריאַליסטישע שטרעבונגען פון די ציוניסטן־סאָציאַליסטן זיינען סותר זייער רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטישן קאַמף, און אַז מיט אַזאַ מין טעאָריע קאָן מען ניט זיין קיין מיטגליד פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

„די „מערב־אייראָפּעיִשע ליגע פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי האָט דערנאָך אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט אַריינגעטראָגן אין אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ אַן אַפּעלאַציע אָפּן דאָזיקן באַשלוס פון דער רוסלענדישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. אין דער אַפּעלאַציע פּאָלעמיזירן די ס.ס. קעגן די טעאָרעטישע ראיות פון די רוסישע ס.ד. און באַשרייבן די רעוואָלוציאָנערישע און סאָציאַליסטישע אַרבעט פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט באַוויזן צענויפקלייבן אַרום איר פּאָן 27 טויזנט אידישע אַרבעטער און האָט געבראַכט ניט ווייניק קרבנות אָפּן מזבח פון דער רעוואָלוציע. די אַפּעלאַציע ענדיקט בזה הלשון:

„פונם באַשלוס אין אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ הייינגט איצטער אָפּ, אַז צענדליקער טויזנטער אידישע אַרבעטער זאָלן קריגן דעם אָרט, וואָס סע קומט זיי אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, און זאָלן ניט געשטערט ווערן אין זייער שטרעבן צו סאָלידאַרישקייט מיט די פּראָלעטאַריער פון אַלע פעלקער און לענדער".

אויף דער זיצונג פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ טראָגט דער פאָרשטייער פון דער רוסישער ס.־ד. אַריין אַ פאָרלייג צו געבן די הסכמה אויף דער רעזאָלוציע פון זיין צענטראַל־קאָמיטעט וועגן ס.ס. קעגן דעם פאָרלייג פון די ס.ד. טרעט אַרויס דער פאָרשטייער פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן מיט אַ טענה, אַז מען דאַרף פריער אויסהערן דעם צווייטן, דעם געמשפּטן צד. דאָס ביוראָ באַשליסט דעריבער איבערצוגעבן די ס.־ס.־פראַגע אין דער אַלגעמיינער רוסישער סעקציע פון סאָ־

ציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואו סע גייען אריין סיי סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן, סיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

די אלגעמיינע זיצונג פון דער רוסישער סעקציע — אין באשטאנד פון 50 מאן—איז פאָרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון פּלעכאַנאָוו (ס.־ד.) און רובאַנאָוויטש (ס.־ר.), אגב האָט מען אף דער אייגענער זיצונג באהאנדלט די פראַגע וועגן אַ פאָרשטייערשאַפט פון די „אומפּאַר־טייאישע פּראָפעסיאָנעלע פאריינען" אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. ס'איז באשלאָסן געוואָרן אויסצוטיילן 3 שטימען ספּעציעל פאַר די פּראָ־פעסיאָנעלע פאריינען פונם אלגעמיינעם סכום 20 שטימען, וואָס די רו־סישע סעקציע פאַרמאָגט אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. צווישן די 3 פאָרשטייער פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איז אויך געווען א חבר פון דער ציוניסטיש־סאָ־ציאַליסטישער ארבעטער־פּארטיי (ס.ס.).

די זיצונג טרעט צו צו דער פראַגע וועגן צולאָזן די „ציוניסטן" צום אינטערנאַציאָנאַל, און דאָס וואָרט באקומט דער פאָרשטייער פון צ.ס.א.פּ. חבר דאַווידאָוויטש (ד. לוואָוויטש). ער אנאַליזירט די רעזאָליוציע פון די רוסישע ס.־ד. און פאָדערט אין נאָמען פון 27.000 אָרגאניזירטע אידישע ארבעטער, אַז מען זאָל זיי אופנעמען אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

מיט א שארפער קעגן־רעדע טרעט ארויס דער פאָרשטייער פון „בונד".

אין דער זיצונג שטימען די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן פאַר זייער באַוואוסטער רעזאָלוציע, די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האלטן זיך אָפּ פון שטימען, און אזוי ארום ווערט די „ס.־ס.־פראגע" אריבערטראָגן אין אינטערנאַציאָנאַלן־סאָציאַליסטישן ביוראָ.

## די באשליסנדיקע זיצונג פון אינטער־נאַציאָנאלן סאציאליסטישן ביוראָ.

אונטערן פאָרזיץ פונם בעלגישן סאָציאליסטן־פירער עמיל וואַנ־דערוועלדע גייט אריבער דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ צום באַהאַנדלען די אַפּעלאַציע פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי.

נאָך אַ שאַרפן אָנפאַל אויף די ס.ס. ווענדט זיך דער פּאַר־
שטייער פון „בונד" צום ביוראָ מיטן פאָרלייג ניט צוצולאָזן צום
אינטערנאַציאָנאַל די ס.־ס., וועלכע זיינען באַוואוסט אין רוסלאַנד, ווי
„קליינבירגער". „די הערן „ציוניסטן" שטרעבן צו אַ טעריטאָריע און
נאָך אַנדערע אַזוינע שיינע זאַכן. קומט זיי דערפאַר אַן אָרט אפילו אין אינ־
טערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס? איך בעט דעריבער אָפּזאָגן די
הערן „ציוניסטן" אין זייער ביטע".

נאָך דער רעדע פון בונדישן פאָרשטייער נעמט אַ וואָרט דער פאָר־
רעדער פון דער האָלענדישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע וואַן־קאָל.

„אַ וואונדערלעכע זאַך, זאָגט ער, ווען עס זאָל ניט קומען צו
אונז אַ נייע פּאַרטיי, כסדר באַקומען מיר צו הערן פון אונזערע רוסישע
חברים די איין־און־איינציקע ראיה: חברים, היט זיך, די פּאַרטיי איז אַ
קליינבירגערלעכע!.. ווערליק עס האָט אונז דערקלערט דער פאָר־
שטייער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־
פּאַרטיי, אָנערקענט די דאָזיקע פאַרטיי די פּרינציפּן פון אינטער־
נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, פירט־אָן אַן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף. יאָ,
זי איז די איינציקע פּאַרטיי, וועלכע האָט אַ סאָציאַליסטישע
אָרגאַניזאַציע בא דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט
פון פּאַריז, בא די עמיגראַנטן, וועלכע האָבן געמוזט פאַרלאָזן
דאָס ניט־פריינטלעכע רוסלאַנד. דעם אייגענעם סאָציאַליסטישן קאַמף פירן
די ציוניסטן־סאָציאַליסטן אין לאָנדאָן, גאַליציע און אַמעריקע.
איך לייג דעריבער פאָר, אַזוי ווי די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטישע
אונטערסעקציע האָט זיך אָפּגעזאָגט זיי צוצולאָזן, געבן זיי אַן
אָרט מיט אַ באַראַטנדיקער שטים".

נאָך וואַן קאָל באַקומט דאָס וואָרט וו. לאַצקי־בער־
טאָלדי. „די רעוואָלוציע פון די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטן זאָגט
אונז, אַז לאָגיש, על פּי שכל, דאַרפן מיר ס. ס. ניט זיין קיין
רעוואָלוציאָנערן, אַז לאָגיש דאַרפן מיר ניט זיין קיין סאָציאַליסטן.
חשובע חברים, ס'איז אַן אומגליקלעכע לאָגיק, וואָס איז סותר די
פאַקטן פונם לעבן, וואָרים מיר זיינען, ווי אויף צו להכעיס, פאָרט רעוואָ־
לוציאָנערן. און קעגן זייער „לאָגיקע" זיינען מיר פאָרט סאָציאַליסטן.
אונזער חטא איז, וואָס מיר שטרעבן צו אַ טעריטאָריע

און ווילן באַוואָרענען אַן אָרט פאַר די וואַנדערנדיקע, געיאָגטע און געפּלאָגטע אידישע מאַסן, וואָס מען פאַרמאַכט פאַר זיי איצטער די טויערן פון אַלע ציוויליזירטע לענדער. זאָלן מיר ניט האָבן דאָס רעכט אופצוהייבן אונזער שטים פאַר די עמיגרירנדיקע מאַסן, בעת די גאַנצע וועלט דאגהט נאָר פאַר די לענדער און באַשיצט זיי דורך שטרייננגע געזעצן קעגן די איינוואַנדערער, וואָס ווערן געטריבן פון הונגער? ווער זאָל זאָרגן פאַר זיי, אויב ניט די נאַציאָנאַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אָט די נאַטירלעכע פאַרטיידיקערין פון די אונטערדריקטע און גערודפטע אין איר פאָלק?

חשובע חברים! אין נאָמען פון אַ גאַנצער העלפט אין דער אָרגאַניזירטער אידישער אַרבעטערשאַפט, וועלכע קעמפט אונטער דער סאָציאַליסטיש-טעריטאָריאַליסטישער פאָן, בעט איך אייך אונז צו געבן אַן אָרט אַף דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס. דער אינטערנאַציאָנאַל איז ניט קיין ביוראָקראַטישער אינסטיטוט, ער איז אַ פאַרטרעטונג פון דער קעמפנדיקער אַרבעטערשאַפט!"

צום סוף באַקומט דאָס וואָרט דער פירער פון דער עסטרייכישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע — וויקטאָר אַדלער.

„נאָך אַזאַ הייסער רעדע — הויבט ער אָן — איז, פאַרשטייט זיך, שווער צו רופן צו דער קאַלטער לאָגיקע. איך וויל ניט קריטיקירן די ציוניסטן-סאָציאַליסטן פון רוסלאַנד, איך קען זיי ניט, דאָ מוזן מיר זיך פאַרלאָזן אַף דער מיינונג פון אונזערע רוסישע חברים. אפילו די סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן, וואָס איינער פון זייערע פאָרשטייער, חבר רובאַנאָוויטש, האָט נאָר וואָס אַפּלאָדירט דעם פאָרשטייער פון די ציוניסטן-סאָציאַליסטן, האָבן זיך אויך אָפּגעזאָגט אַריינצונעמען זיי אין זייער אונטערסעקציע (רובאַנאָוויטש שפּרינגט אויף פונם אָרט און רופט אויס: „זיי האָבן זיך צו אונז גאָרניט געווענדט").

„בכל אופן — זאָגט ווייטער וויקטאָר אַדלער — קען איך די ציוניסטן אין עסטרייך — און דאָס איז פאַר מיר גענוג. אויך זיי האָבן אַרבעטער. אָבער, חשובע חברים, דאָס זיינען ניט נאָר נאַציאָנאַליסטן, דאָס זיינען קלעריקאַלן (באַוועגונג אין זאַל). איך דריק אויס מיין אַכטונג פאַר די קרבנות, וועלכע די ציוניסטן-סאָציאַליסטן האָבן געבראַכט,

אָבער אויך די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן פֿון פּוילן האָבן קרבנות געבראַכט און ברענגען זיי נאָך איצטער.

איר ווייסט, חברים, אַז איך בין אַלעמאָל געווען פֿאַרן אָפּנ־האַלטן די טירן פֿון אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס. לאָזן מיר אָבער איצטער אַריין אַ אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, שאַפֿן מיר דער־מיט אַ פּרעצעדענט און עס וועלן דערנאָך קומען צו אונז קאַטויליש־סאָציאַלע און קריסטלעך־סאָציאַלע פּאַרטייען. ניין, חברים, דאָס טאָרן מיר ניט טאָן, און איך בעט אייך דעריבער, צו שטימען קעגן דעם פֿאָרלייג פֿונם חבר וואַן־קאָל".

דער משל מיט דער קריסטלעך־סאָציאַלער פּאַרטיי פֿון עסטרייך האָט דעם אינטערנאַציאָנאַל ניט געקאָנט איבערצייגן און האָט ניט אָפּ־געווישט דעם רושם פֿון דער ס. ס.־ישער פּאַרטיידיקונג. מיט ניין שטימען קעגן זיבן האָט דאָס אינטערנאַציאָנאַלע ביוראָ באַשלאָסן צולאָזן די ס. ס. צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס.

# פאַרייניקן אָדער בויען? *)

### 1.

## א יאוש-פּלאַן.

„און אָט האָט זיך ווידער באַוויזן אַ מעגלעכקייט, אידן זאָלן מיט זייערע הענט זייער פריהייט שמידן. אַלע ספקות, קשיות און חקירות דאַרפן פאַרשווינדן; אַלע מחלוקת צוליב „טעאָריעס" דאַרפן אויפהערן פאַר דעם גרויסן פאַקט — אַז דאָס גאַנצע אידישע פאָלק קען זיך פאַר=

---

*) אין די יאָרן 1908 און 1909 איז אין טערקיי פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע: דעם סולטאַן=זעלבסטהערשער אַבדול=האַמיד האָט מען געצוואונגען איינפירן אין לאנד א קאָנסטיטוציע און דערנאָך האָט מען אים בכלל אַראָפּגעזעצט פונם כסא המלוכה. די מאַכט איז אריבערגעגאַנגען צו די יונג=טערקן.

די דאָזיקע געשעענישן אין נאָענטן מזרח האָבן ארויסגערופן נייע האָפענונגען באַ ציוניסטן, וואָס זיינען געווען אריינגעפאַלן אין אַ יאוש=שטימונג צוליב די דיפּלאָמאַטישע מפּלות פון פּאָליטישן ציוניזם אין די פאַרהאַנדלונגען מיטן אַמאָליקן סולטאַן אבדול=האַמיד. סיי באַ ציוניסטן, סיי באַ טעריטאָריאַליסטן האָט מען אָנגעהויבן קלערן, אַז די נייע פּאָליטישע פאַרהעלטענישן אין טערקיי וועלן פאַרבעסערן די שאַנסן אַף דורכצופירן די פּלענער פון אַ גאַנציאָנאַלער אידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל און אין די אַרומיקע לענדער. ספּעציעל די טעריטאָריאַליסטן האָבן דענסטמאָל געווענדט זייער אויפמערקזאַמקייט אַף מעסאָפּאָטאַמיע, אַף דער „טעריטאָריע" צווישן די טייכן פרת און חידקל, וואָס האָט נאָך אַ געהעריקער באַוועסערונג (איריגאַציע=אַרבעט) געקאָנט מגולגל ווערן אין אַ לאַנד פון איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע.

אָט די דאָזיקע מאָמענטן און די אַלגעמיינע שטימונג האָבן משפיע געווען אַף ד"ר בחמן סירקין, וואָס איז אַרויסגעטראָטן דענסטמאָל מיט אַ פּראָיעקט צו פאַרייניקן טעריטאָריאַליסטן מיט ציוניסטן, ס. ס. מיט פּועלי=ציוניסטן און סיימיסטן (פון ד"ר זשיטלאָווסקיס חדר) אין דער אייראָפּייאישער און אַמעריקאַנישער אידישער פּרעסע האָבן זיך דענסטמאָל באַוויזן גאַנצע סעריעס פּאָלעמישע מאמרים אַף דער טעמע „פאַרייניקונג" (זשיטלאָווסקי, סירקין און אַנדערע). מיין אַרטיקל „פאַרייניקן אָדער בויען?" איז אַן אָפּקלאַנג פון דער דאָזיקער פּאָלעמיק, וואָס האָט זיך טיילווייז אָפּגעשפּיגלט אַף די עמודים פון פּעטערבורגער „פריינד" אין יאָר 1909.

איניקן און שאַפן אַ פרײַ אידיש לאַנד פון ירושלים ביז בגדד און פון נחל מצרים ביזן פרת. דער שופר פון דער װעלט־געשיכטע בלאָזט אַף די אידישע חורבות. װעט דאָס די אידישע אינטעליגענץ דערפילן? װעט דאָס אידישע פאָלק דערהערן?" — אַזױ פּעסימיסטיש־נביאיש מיט אַ פּרעגצײכן פאַרענדיקט ד"ר נחמן סירקין זײַן אױפרוף צו „פאַרײניקונג"— זײַנע „עטלעכע ערנסטע װערטער" אין דער אידישער טעגלעכער צײטונג „דער פרײַנד" (נומער 111).

אַסך איבערגעלעבטע קריזיסן הערן זיך אין סירקינס קול, אַסך אָנגעװאָרענע אמונה און פאַרלאָרענע האָפנונגען... צי קאָן אַזאַ קול אױפװעקן צום לעבן „די טױטע בײנער, װאָס קריצן מיט די צײן, אָדער טרײַבן קאַטאָװעס"? צי קאָן איצט העלפן דאָס װ אָ ר ט „פאַראײניקונג"? צי איז פאַראײניקונג אַפילו דאָס ריכטיקע װאָרט? צי זײַנען דען ניט ירושלים און נחל מצרים ש ױ ן װערטער, און בגדד און פרת דערװײַל נישט מ ע ר װי װערטער? אפשר דאַרף מען גאָר אָנהײבן בױען אַ נײַעם בנין און זיך ניט באַגנוגנען מיט צענױפשלעפּן און באַהעפטן די אַלטע חורבות פון די אַלטע אָרגאַניזאַציעס? פון װעלכע עלעמענטן דאַרף און קאָן באַשטײן דער נײַער גײַסט, די נײַע נשמה, װעלכע מוז אַרײַנגעבלאָזן װערן אין אידישן פאָלקס־קערפּער, כדי ער זאָל אָנהײבן אַרױסװײַזן סימנים פון לעבן? צי קאָן מען אַזאַ גײַסט פּשוט צענױפשטוקעװען פון די נשמות און נשמהלעך פון די פאַרשײדענע פּאַרטײען? און פאַראײניקט איר אָרגאַניזאַציעס אָן זײערע נשמות, װעט איר דען דעמאָלט ניט בלײַבן בײַ אַ באַרג מיט הױלע מתים? צוערשט אַ תל־מאַכן פון די נשמות פון אַלע אידישע פּאַרטײען און דערנאָך רופן די טױטע קערפּער צו אחדות און לעבן — הײסט ניט פ א ר ע נ ט פ ע ר ן אונזערע לעבנספראַגן, דאָס הײסט, פאַרקערט, שטעלן אַ נײַעם פרעג־צײכן. און אַזאַ פאַל איז שױן קײן חידוש ניט, װאָס מען פאַרענדיקט מיט פּעסימיסטישער נבואה...

אַסך האַרבער װי אַ מאָל איז איצט די לעבנספראַגע פון אידישן פאָלק... די אידישע נאַציאָנאַלע באַװעגונג איז שױן ניט יונג, אַ שװערע טרױעריקע פאַרגאַנגענהײט, פול מיט יאוש און מיט צעבראָכענע לוחות, דריקט זי צו דער ערד און לאָזט זי ניט אױסשפּרײטן די פליגל צום הימל... ס'איז שױן ניטאָ דער פרישער, יונגער גלױבן, װעלכער פלעגט

אַמאָל עוקר הרים זיין און פלעגט קאַלטע, פּראַקטישע מענטשן פאַר־וואַנדלען אין באַגייסטערטע אוטאָפּיסטן. דרייסיק יאָר אומזיסטיקע אַרבעט אין פּאַלעסטינע ליגט ווי אַ שווערע משא אַף דעם גייסט פון אידישן פאָלק; דאָס הארץ איז טעמפּ געוואָרן, און דער רעאַלסטער טעריטאָריאַ־לער פּראָיעקט מוז איצט זיך אָנשטויסן אַף ספקות און ניט ־ גלויבן. ניט דאָס וואָרט „פּאַריייניקונג“, און אַפילו ניט דאָס וואָרט „מעסאָפּאָטאַמיען“ קאָנען שוין דאָס פאָלק ניט אויפוועקן. אַזוינע ווערטער פלעגן אָנצינדן די הערצער מיט צען, מיט צוואַנציק יאָר צוריק. דעמאָלט איז טאַקע געווען אַ צייט אַף קלאָגן און יאָמערן און איינלייגן די וועלט“ און דאָס אידישע פאָלק האָט עס געטאָן. דאָס איז געווען די איינציק נוצלעכע אַרבעט... עס איז געווען אַ צייט פון באַוועגונג צוליב באַוועגונג, און אָרגאַניזאַציע צוליב אָרגאַניזאַציע, און די מאַסן האָבן זיך „באַוועגט“ און זיך „אָרגאַניזירט“... פאַר אַנדערע צייטן האָבן מיר אָבער נויטיק אַנ־דערע לידער...

וואָס הייסט איצט זיך פאַראייניקן? וואָס הייסט איצט שאַפן אַ באַוועגונג אַף קאָלאָניזירן מעסאָפּאָטאַמיען? מעסאָפּאָטאַמיען דאַרף גלייך אין אָנהויב אַכציק מיליאָן רובל... וועלכע אידישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע קאָן דאָס געלט שאַפן? און ווען די מיליאָנען שאַפן אַנדערע — פּי־לאַנטראָפּן, קאַפּיטאַליסטן, — וואָס פאַר אַ באַטרעף קען דאָ האָבן, וואָס פאַר אַ ראָליע קען דאָ שפּילן די אָרימע שוואַכע, מאַכטלאָזע אָ ר ג אַ־נ י ז אַ צ י ע — פון אידישע שטימען?.. צי קען אַזאַ אָרגאַניזאַציע ב ע ס ע ר פאָרשטעלן די אידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג, ווי דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, וואָס האָט זיך מיט זיין שרעקלעכער עמיגראַציע פון אַלע „פּאָטערלענדער“ אַזוי ענערגיש אַרויסגעזאָגט פאַר אַן אייגענעם פאָטערלאַנד? ווי אַזוי זיך אָ ר ג אַ נ י ז י ר ן, כדי פ אָ ר צ ו־ש ט ע ל ן אַ מ א כ ט — אָט דאָס איז איצט די פראַגע. ס'איז אַ שווערע, פאַרפּלאָנטערטע טאַקטישע אויפגאַבע, ס'איז אַ פראַגע פון לאַנג־זאַמער און טאַקטישער אַ ר ב ע ט. לאָזונגען און ווערטער קאָנען דאָ ווייניק וואָס העלפן...

און ווייניקער פון אַלע ווערטער קאָן דאָ עפּעס אויפטאָן דאָס וואָרט „פאַראייניקונג“. ס'איז אפשר אונזער גרעסטער אומגליק, וואָס מיר קאָנען ניט אַראָפּטרייסלען פון אונזערע פּלייצעס די גרויסע משא פון דער ביז־

איצטיקער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, וואָס אונזער פּאָלקסקערפּער איז צע־
פרעסן פון אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן שוין פון לאַנג אָנגעוואָרן זייערע
נשמות און לעבן נאָר „על חשבון הירושה"... ווער מיט וועמען זאָל
זיך פאַרייניקן? אַף וועמען זאָל און קאָן ווירקן אייער לאזונג „פאַריי־
ניקונג?"

אָט האָט איר פון איין זייט די ציוניסטישע סעקטע...
צוזאַמען מיטן גייסט פונם גרויסן הערצל איז אַרויסגעפלויגן די נשמה
פון דער אָרגאַניזאַציע, מען איז געוואָרן קליין און ווינציק, שמחים
בחלקם, צופרידן מיט וואָס גאָט שיקט צו... פונם גרויסן אידעאַל,
וואָס מען האָט מיט אַזאַ שטאָלץ פּראָקלאַמירט, פון קיבוץ גליות האָט
מען זיך שוין לאַנג אָפּגעזאָגט, מען האָט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז
אַמאָל האָט מען עפּעס צוגעזאָגט דעם אידישן פאָלק, אַז מען האָט צו־
געזאָגט באַפרייען אים פון אַלע זיינע מאַטעריעלע און גייסטיקע צרות.
אַ טעכניקום אין פאַלעסטינע איז איצט געוואָרן אַן ענטפער אַף אַלע
בלוטיקע קשיות פון אידישן לעבן...

אַמאָל האָט מען ניט געטראַכט אַזוי. אַמאָל האָט מען גע־
לאַכט פון ד"ר בערנפעלדס אני מאמין, אַז „איין אידישער חדר איז
מער ווערט פון צען אידישע קאָלאָניעס". היינט איז דאָס אָבער גע־
וואָרן דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אני מאמין און צוזאַמען מיט זשאַ־
באָטינסקין פרייט מען זיך באַ דעם געדאַנק, „אַז שטענדיק וועלן זיך
געפינען אַ פּאָר אידן, וועלכע וועלן פאָרן קיין פאַלעסטינא". אַזוי זעט
אויס דער ציוניסטישער אידעאַל. און וואָס איז געוואָרן פון דער אָר־
גאַניזאַציע? אַ סעקטע מיט פּראָפעסיאָנעלע טראַדיציעס, וועלכע האָט
אָנגעוואָרן דעם גלויבן אין זיך און אין פאָלק און ציטערט פאַר דער
מיינונג פון אַ גביר... צי קען אַזאַ קערפּער אויפלעבן?

אָט האָט איר אַ צווייטע „אָרגאַניזאַציע", די טעריטאָריאַ־
ליסטישע. נאָך ביזן היינטיקן טאָג איז דער טעריטאָריאַליזם נישט
מער ווי אַ אידייע, אַ נשמה אָן אַ קערפּער, און דאָס, וואָס איז באַ־
וואוסט אונטערן נאָמען „טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע", (יט"א) איז
ביז היינט ניט מער, ווי אַ פּריוואַטע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט. אמת,
זי פאַרנעמט זיך מיט אַ וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — מיט

דער רעגולירונג פון דער אידישער עמיגראַציע, וואָס וואָלט יא געקענט צענויפקיטעווען און באַהעפטן גרעסערע מאַסן און שאַפן אַ ממשותדיקע פאָלקס=אָרגאַניזאַציע. פאַרנעמט זי זיך אָבער דערמיט אויף אַזאַ אופן, אַז איר עמיגראַציע=אַרבעט האָט צו דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג פונקט אַזאַ שייכות, ווי די עקספּלואַטאַציע פון ה׳ שריראָס נאַפט=קוואַלן.. די לעגאַליזאַציע האָט איצט אינגאַנצן אָפּגענומען יעדן געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון דער רוסלענדישער אידישער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע (יט״א). צוליב דער געזעצלעכער „פרייהייט“ האָט מען זיך אָפּגעזאָגט פון נאַציאָנאַלער אַגיטאַציע, מען האָט אָנגעוואָרן דאָס רעכט צו שיקן עמיגראַנטן אַפילו קיין מעסאָפּאָטאַמיע, מען איז ברוך השם געוואָרן אַ ריינע עמיגראַציע=קאָנטאָר, און קיין ספק פעלט ניט, אַז די פירער פון דער רוסישער יט״א מיט ד״ר יאָכעלמאַן בראש, זאָלן פאַרענדיקן זייער געזעלשאַפטלעכע קאַריערע, ווי טשינאָווניקעס אינם עמיגראַציע=דעפּאַרטאַמענט פונם ניו=יאָרקער באַנקיר דזשייקאָב שיף... *)

ווער מיט וועמען זאָל זיך און קאָן זיך פאַראייניקן? אַן איינגעשפּאַרטע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע מיט שיינע טראַדיציעס און אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע אָן שיינע טראַדיציעס? צי איז דען דאָ פאַראייניקונג דאָס ריכטיקע וואָרט?

*) דזשייקאָב שיף — אַ באַוואוסטער בשעתו אידישער באַנקיר און פילאַנטראָפּ אין ניו=יאָרק, וועלכער האָט פינאַנסירט אַפריער דעם אַזוי גערופענעם „רעמואוול אָפיס“, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל ארויספירן אידן פון איבערפולטן ניו=יאָרק און צעזייען און צעשפּרייטן איבער די אינעווייניקסטע שטאַטן פון צפון אַמעריקע. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן פינאַנסירן דעם אַזוי גערופענעם פּראָיעקט פון גאַלוועסטאָן אַ האַפנשטאָט אין שטאַט טעקסאַס (דרום=ברעג פון די פאַראייניקטע שטאַטן), וואוהין די אידישע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע „יט״א“ (לעגאַליזירט דערנאָך ווי אַ „אידישע עמיגראַציע=געזעלשאַפט“ אין קיעוו) פלעגט דירעקט טראַנספּאָרטירן אידישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד, אויסמיידנדיק ניו=יאָרק און באַוואָרענענדיק אַזוי אַרום, אַז זיי זאָלן זיך אין דער דאָזיקער שטאָט ניט צענויפקלייבן.

.2

## דער „פאַרייניקטער“ און דער נייער גייסט.

„שונאים זיינען זיי פון בלוט און פלייש“

נ י ט ש ע.

„וואַרפט אוועק מחלוקת און פאַרייניקט די אָרגאַניזאַציעס, פאַר־אייניקט די גייסטער!“ דאָס איז די פאַנטאַסטישע „רעאַל־פּאָליטיק“, וועלכע ס'ליינן אונז פאַר די פשרה־לייט.

וואו זיינען דאָס אָבער די ג ר ו י ס ע גייסטער פאַר דער גרוי־סער אַרבעט פון קיבוץ־גליות? צי קאָן די פאַראייניקונג פון די קליינע גייסטער שאפן דעם גרויסן, נייעם גייסט, וועלכער איז אזוי נויטיק פאַר דער גרעסטער איבערקערעניש אין אידישן לעבן? ניט דורך „דיפּלאָמאַ־טיש־פּראַקטישער פאַרייניקונג“, און אַפילו ניט דורך „דיסקוסיעס אין דער פאַרטיי־פּרעסע“ לאָזט זיך אַזא גייסט שאפן; דאָס איז א לאנגע דערציאונגס־און צוגרייטונגס־אַרבעט; ס'איז אַן אַרבעט פון צעשטערן און בויען, אַן אַרבעט אָן פשרות — אָט וואָסער אַרבעט ס'שטייט פאַר אונז, וואָרים נידעריק, דערשלאָגן און שוואַך איז דער איצטיקער אידישער גייסט...

אַ שלאַכט־פעלד נאָכן שלאַכט איז איצט דאָס אידישע געזעל־שאַפטלעכע לעבן. ס'איז נאָך ניט אַלץ טויט. דאָ און דאָרטן ווייזן זיך סימנים פון לעבן. ס'איז אָבער אַן אומנאַטירלעך לעבן; מען פילט, מען קרעכצט, מען באַוועגט זיך לשם ולשמה, אָן אַ האָפענונג, אָן א תכלית, צוליב פילן, קרעכצן און באַוועגן זיך... דאָס האַרץ קלאַפּט נאָך מיט די לעצטע כוחות, מען האָט נאָך ניט אויפגעהערט צו פילן דעם נאַ־ציאָנאַלן וויטאַק, אָבער מען פילט אים בּ פ ר ה ס י א; ס'איז געוואָרן אַ זעלבסטצוועק דאָס נאַציאָנאַלע געפיל, דער נאַציאָנאַלער על חטא, און גאַנצע פּראָגראַמען פון אידישע פּאַרטייען לאָזן זיך אויסשעפּן נאָר מיט הוילן געפיל...

אַנדערע זאָגן ווידוי: זיי קערן זיך אָפּ פון לעבן צום טויט, פון

דער קעגנוואַרט צו דער פאַרגאַנגענהייט, צו דער ווייטער, גאָר ווייטער פאַרגאַנגענהייט: זיי האָבן סוף כל סוף דערגרייכט אַ „פעסטן" ברעג, וואָרים זיכער און פעסט איז טאַקע נאָר די פאַרגאַנגענהייט בײַ אַן „אײַ־ביקן", „היסטאָרישן" עבר־פֿאָלק, בײַ אַ פֿאָלק מיט אַ פֿאַרנעפּלטער צוקונפט... מען דאַרף בײַ זיי אומקערן דאָס פּנים, אָט בײַ די דאָזיקע עבר־מענטשן, אָבער ניט רופן צו פֿאַרייניקונג...

און אָט לעבן מענטשן פון אַ בר־מינן: מען האָט אים אײַנבאַל־זאַמירט, אופגעהאַלטן זײַן פרישקייט, און מען ציט איצט חיונה פון דעם, וואָס ער איז אַמאָל געווען... מער נישט ווי „היסטאָרישן נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזײַן" באַדאַרפן די מענטשן און זיי שטרעקן אויס די הענט צום בר־מינן. ניט פֿאַרייניקן זיך מיט זיי, ניט עטעמען מיט דער שרעקלעכער טויטן־לופט; מען דאַרף זיי ווינטשן אַביסל מער פֿריש בלוט...

אַנדערע ווידער גלויבן אין רוחות, זיי זעען נאָר „גײַסט" און ווילן נאָר „גײַסט", בלוט און פֿלייש זײַנען זייערע שונאים. צי קאָנען זיי העלפֿן שאַפֿן דעם אידישן קערפּער, אָט די תּלמידים פון יבנהער ישיבה? צי קאָנען די שטענדיקע מקוננים אַף צרת היהדות אײַנשטעלן זייער לעבן פאַר צרת היהודים? צי קאָנען די נביאים פון אַ פֿרײַ „אידישקייט" ווערן נביאים פון אַ פֿרײַ אידיש פֿאָלק?

ניטאָ קיין ממשותדיק לעבן אין אידישן גוף. פון אַלע נאַציאָנאַלע גײַסטער וועט איר דורך פֿאַראייניקונג ניט שאַפֿן קיין אמתן נאַציאָ־נאַלן גײַסט. צי פון די סענטימענטאַלע בעלי־תשובהניקעס, פון די רחמנות־נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן מורא צו פֿאַראַכטן דאָס, וואָס זיי ליבן, וואָס ווילן ניט קיין סך און פֿאָדערן ניט קיין סך, וואָס זײַנען צופרידן מיט אַ קוצו של יוד, מיט אַ אידיש וואָרט, וואָס פֿאַרבײַטן דאָס פֿאָלק מיט דער שפּראַך, דאָס לעבן מיט דער שול און דעם חדר, — צי פון זיי קאָן שעפן דער נײַער גײַסט, דער גײַסט פון אַ נײַ פֿאָלק אַף אַ נײַ לאַנד?

פּערלען־פֿישער זײַנען די טיפסטע און ערלעכסטע צווישן זיי, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ זוכן אוצרות אינם ים פון דער אידישער פאַרגאַנגענהייט אָבער די איבעריקע דינען עבודה זרה, מאַכן פון שטיין און האָלץ גע־

טער, פון וואָכעדיקע טעג הייליקע ימים=טובים, פון אַן אומרײנעם זומפּ אַ מקום קדוש... צי דאַרף מען זיי פאַרײניקן?

די פּשרה=לײט, וואָס מישן צענויף דעם נחל מצרים מיטן פּרת און ירושלים מיט בגדד, רופן צו פאַרײניקונג אַף אַן „אַלגעמײנעם“ נאַציאָנאַלן באָדן. צי שטרעבן דען ניט ציוניסטן צו נאַציאָנאַלער פרײהײט און זעלבשטענדיקײט? צי ווילן ניט דאָס אײגענע די טעריטאָריאַליסטן? צי האָבן ניט אַלע אידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטײען נאַציאָנאַלע פּראָגראַמען און לאָזונגען? פון דער פאַרײניקונג פון אַלע נאַציאָנאַלע גײסטער, מײנען זײ, וועט זיך אויספאָרמירן אײן גרויסער נאַציאָנאַלער גײסט. זײ האָבן אָבער אַ טעות, די פּשרה=לײט; ניט מיט „נאַקעטע נשמות“ איז פול די אידישע וועלט, מיט צײכנס באַשריבן איז יעדעס בלעטל, און דער נײער גײסט מוז קומען מיט אַ נײעם, אײגענעם וועג, ניט מיט אַ וועג פון פּשרות...

שײלט אַרויס, זאָגט מען אונז, די „רײנע“ נאַציאָנאַלע מאָמענטן פון די פאַרשײדענע אָרגאַניזאַציעס און פאַרײניקט זיך...

שײלט אַרויס, קאָן מען אַף דעם ענטפערן, די רײנע נאַציאָנאַלע מאָמענטן פון אונזערע אָרטאָדאָקסן, פון אונזערע פרומע, נעמט זײערע נאַציאָנאַלע תּפילות, זײער גלויבן אין אַ אידישן גואל און אין אַ אידישער גאולה און פאַרײניקט זיך — מיט דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אַפן רבנישן צוזאַמענפאָר...

אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז אַן אָרגאַניזאַציע פון אידישן גלויבן, פון רעפאָרמירטער אידישער אמונה, אויך בא די ציוניסטן איז די פאַרגאַנגענהײט, די אידישע טראַדיציע, אונזער הײליקע מסורה ניט אַ קערנדל, פון וועלכן עס דאַרף אַרויסוואַקסן אַ נײער בוים, נאָר אַ תּוך און אַ חוק ולא יעבור, אַ געזעץ און אַ רעגל פאַר זײער דײנקען און שאַפן. צי קאָן מען מיט אַזאַ גײסט אָנהויבן דעם גרויסן קאַמף פאַר אַן ערדישן, וועלטלעכן, נאַציאָנאַלן לעבן? די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט איר אמונה=כאַראַקטער אַרויסגעראַטעוועט פון דער ברײטערער און גרעסערער ציוניסטיש=פּאָליטישער באַוועגונג, און אָט דעם כאַראַקטער אירן קאָן זי, אַלס אָרגאַניזאַציע, אײך ניט אָפּגעבן, זי קאָן ניט אָנהויבן טראַכטן וועגן אידן, בעת זי האָט איר גאַנצע לײדנשאַפט אװעקגעגעבן פאַר אידישקײט; און וויפיל איר וועט ניט מבשר זײן, אַז

דער מאור שביהדות איז דאָס גרויסע אידישע פאָלק, די פרייהייט פון מיליאָנען געדריקטע און גערודפטע ברידער, אז דאָס אמת הייליקע איז די נייע, פרייע און וועלטלעכע אידישע געזעלשאפט — די שונאים פון גשמיות וועלן בלייבן בא זייער אני מאמין פון חרות בתוך עבדות, בא א „פרייע“ אידישקייט און פארשקלאפטע אידן...

צי קאָן פון זיי עפּעס שעפּן די גרעסטע איבערקערעניש אין אידישן לעבן? דער נייער וועלטלעכער גייסט איז ניט זייער גייסט, וואָרים ער איז דער גייסט פון באפרייטן אידישן שבת־פרינץ, וואָס מאכט א הייליקייט פון אידישן חול, פון דער אידישער ארבעט אומדערוואָכן.

„דער פריינד“ 1909, פעטערבורג.

# פראנץ אָפּענהיימער

און

# דער פּלאַן פון אידישער סאָציאַליסטישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל.

נאָך הערצלס טויט איז ד"ר פראַנץ אָפּענהיימער פאַרבליבן צווישן יענע זעלטענע ציוניסטן, וואָס האָבן נאָך גרויסע געדאנקען און שטרעבן נאָך צו גרויסע אויפטוען: אין דער ציוניסטישער מחנה כמעט אַ יחיד במינו, וואָס חלומט נאָך וועגן אַ ראַדיקאַלן ענטפער אַף דער אידישער נאציאָנאַלער און סאָציאַלער פּראָבלעם. הערט אַ בעל חלומות: ער וויל באַפרייען די מיליאָנען געפּלאָגטע אידן, אויסלייזן דאָס אידישע פאָלק... מיט איין וואָרט, א מענטש ניט צו דער צייט.

און אָט האָט פראַנץ אָפּענהיימער, איינער פון די לעצטע מאָהיקאנער אין ציוניזם, די טעג באַזוכט ווין. ער איז געקומען אגיטירן פאַר דער קאָאָפּעראַטיווער (בשותפותדיקער) קאָלאָניסטן=חברה, וואָס ער האָט זי בדעה צו גרינדען אין גליל: דער נאַציאָנאַל=פאָנד האָט געגעבן דאָס לאַנד, אידישע גוטע, געניטע ערד=אַרבעטער זיינען פאראַן אִין גליל, דאָס איבעריקע דאַרפן געבן וואַרעמע אידישע הערצער. און ס'איז ניט קיין סך. די גאַנצע סומע איז שוין כמעט ווי פאַראַן. די ווינער באַדאַרפן מער נישט ווי צולייגן דאָס ביסעלע, וואָס פעלט נאָך אויס צו די נויטיקע 100.000 מאַרק, כדי מען זאָל קענען צוטרעטן צו דער אַרבעט.

און געפאָדערט דאָס ביסעלע האָט ער שיין, ווי אַ גרויסער מענטש דאַרף פאָדערן, ער האָט ניט געבעטן תחנונים, ער האָט געהייסן ברייגנען געלט=קרבנות. וואָרים דעם גרעסטן קרבן ברייגנט ער — ער לייגט אפּן וואָגשאָל זיין גאַנצע פּערזענלעכקייט...

„עס איז אייער פראַגע, וואָס איך וויל דאָ פאַרענטפערן, איך

פלאָג מיך צוליב אייערע ברידער און שוועסטער און איר טאָרט דעריבער ניט שטיין פונדערווייטנס. נאָר ניט מיינט, אז איך קום צו אייך מיט א פאַנטאַסטישער זאך, אז איך וויל פאַר אייך באשאפן אַ נייאָרט אַף צדקה־געבן. ניין, ניט דאָס בין איך אויסן . . . דאָס געלט, וואָס איר וועט ארײנלייגן אין דער זאַך, וועט אייך ברייננגען הכנסה׳, ס׳איז א געזיכערטער, געוויינלעכער פּראָצענט אַפן קאפּיטאַל, און אין אַ צייט ארום וועט איר קאָנען ארויסנעמען פון דער אונטערנעמונג אייער געלט און גרינדן א נייע חברה. איך קום צו אייך, ווי אַ אינזשענער קומט צום קאפּיטאַליסט, מיט א נייער מאַשין, מיט א נייער דערפינדונג. איך האָב אלץ גענוי אויסגערעכנט. די מאַשין שטייט פאַר מיר און פאר אייך א דורכזיכטיקע אין אלע אירע חלקים. דעם געדאַנק גיב א י ך, גיט א י ר דאָס געלט אף דורכפירן אים אין לעבן". אזוי לערך האָט אָפּענהײמער גערעדט צו די ווינער אידן און האָט זיי צום הונדערטסטן מאָל מסביר געווען זיין פּלאַן . . .

* * *

בא אלע אידישע קאָלאָניזאַציע־אונטערנעמונגען ביז איצטער פלעגט מען מאַכן איין גרויסן פעלער: מען פלעגט נעמען מענטשן, וואָס זיינען דערצויגן אין שטאָט, צוגעוואוינט צו שטאָטישער באשעפטיקונג, און זיי איבערגעבן א ז ע ל ב ש ט ע נ ד י ק ע לאַנדווירטשאַפטלעכע באלעבאטישקייט, וואָס פאָדערט אַפּולע קענטעניש, א נייע רגילות און געניטקייט. פון אַ זעלבסטשטענדיקן שניידער ביז צו א זעלבסטשטענדיקן פּויער איז אָבער אַ גרויסער מהלך, און עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס פיל פון די ניי־געבאַקענע אידישע פּויערים האָבן זיך ניט דערוואַרט ביז גוטע יאָרן און האָבן פאַרלאָזט די פעלד־ארבעט.

פאַר זיין קאָלאָניסטן־חברה נעמט אָפּענהײמער א י ד י ש ע פ ע ל ד־א ר ב ע ט ע ר, וואָס וועלן באַקומען די ערשטע יאָרן שכירות פון דער געזעלשאפט און וועלן ארבעטן אונטער דער השגחה פון אַן א ד מ י נ י ס ט ר אַ ט אָ ר, ביז זיי וועלן זיך אף זייער ישוב אזוי איינלעבן, אז זיי וועלן קאָנען אליין איבערנעמען די גאַנצע באלעבאטישקייט. אין דער קאָלאָניע וועלן אין אָנהויב האָבן אַ חלק דריי קאָרפּאָראַציעס: די א ר ב ע־ט ע ר־ח ב ר ה, די ק א פּ י ט א ל י ס ט ן־ח ב ר ה, וואָס גיט דעם באַוועגלעכן

אינוויענטאר, אין דער נאַציאָנאַל־פאָנד, וואָס גיט דאָס לאַנד און בויט אויס אַף אים די הייזער פאַר די ארבעטער. מיט דער צייט וועט דער ישוב זיך אויסקויפן פון דער קאַפּיטאַליסטישער חברה און וועט אריבער־גיין אין פולן רשות פון דער קאָלאָניסטן־חברה, מער נישט, וואָס דעם נאַציאָנאַל־פאָנד וועט מען מוזן צאָלן אַ געוויסע, איין מאָל פאַר אַלעמאָל באַשטימטע רענטע.

כדי אויפצומונטערן די ארבעטער און אנטוויקלען בײַ זיי דעם חשק אָפּצוגעבן דעם ישוב די גרעסטע מאָס ענערגיע, ווערט באַשטימט, אז 75 פּראָצענט פונם ריוח ווערט צעטיילט צווישן זיי לויט דער צייט, וואָס יעדער האָט געאַרבעט. געגרינדעט ווערט די קאָלאָניע אָפּן יסוד פון דער נייסטער טעכניק. דער ישוב וועט זיין אַ גרויס־ווירטשאַפט, ווי מיר געפינען אים נאָר בײַ גרויסע גוט־באַזיצער. דער חילוק וועט נאָר זיין, וואָס באַם גרויסן פּריץ שאַפן די ארבעטער פאַר אנדערע, און דאָ וועלן זיי ארבעטן פאַר זיך. נאָר אַזאַ סיסטעם קען האָבן הצלחה.

„וואָרים אין וואָס באַשטייען די אויפגאַבן פון ציוניזם? אין באַזעצן אַ קליינעם שטח לאַנד מיט מיליאָנען אידישע ערד־ארבעטער. פאַר־שטייט זיך, ווען מיר וואָלטן געהאַט פאַר זיך מצרים מיט דעם טייך נילוס, וואָס מאַכט אַזוי פרוכפּערדיק די ערד, וואָלטן מיר ניט באַ־דאַרפט קיין סך זאָרגן. דאָרטן וואוינען שוין איצט 12 מיליאָן מענטשן. אָבער אין ארץ ישראל האָבן מיר גאָר אנדערע פאַרהעלטענישן, כדי צו דערגרייכן גרויסע רעזולטאַטן, דאַרף מען אָנווענדן אַזאַ קאָלאָניזאַציע־סיסטעם, וואָס זאָל פאַרבייטן די ריין־פיזישע מעלות, די גרויסקייט און די פרוכפּערדיקייט פון מצרים. און אזא קאָלאָניזאַציע־סיסטעם לייג איך אייך פאָר. אַלע אנדערע סיסטעמעס דערלאָזן ניט קיין געדיכטע באַפעלקערונג פון ערד־ארבעטער.

די קאָלאָניסטן־חברה איז א חברה, וואָס פרייט זיך, ווען עס קו־מען צו נייע מיטגלידער, און זי וועט קיינמאָל ניט פאַרמאַכן אירע טויערן פאַר פרעמדע, — ווי דאָס טוען אָפט, — און מוזן אפשר טאָן — שטאָטישע חברות אין דער אינדוסטריע און אין דער איינפאַכער מלאכה. דער שכל איז דאָ קלאָר. די ערד-ארבעט האָט אין אלגעמיין אַן אנדער טבע, ווי די שטאָטישע אינדוסטריע־ארבעט, אומעטום איז פאַראן קאָנקו־רענץ, אַף קאָנקורענץ איז אויפגעבויט די איצטיקע געזעלשאַפט.

אָבער זעט, וואָסער חילוק עס איז אין דעם פּרט פֿאַראַן צווישן שטאָט און לאַנד. אפֿן לאַנד איז די קאָנקורענץ צוליב קינאה, אין שטאָט צוליב שינאה. אין שטאָט פֿירט איין סוחר, איין פֿאַבריקאַנט מיטן אַנדערן אַן אמתע מלחמה: די פֿאַבריצירונגס-מעטאָדן, די ידיעות וועגן איינקויף און פֿאַרקויף זיינען אין שטאָט געשעפֿטס-סודות, וואָס ווערן באַהאַלטן בחדרי חדרים. אפֿן לאַנד קוקט דער גרויסער רייכער גרונט-באַזיצער זייער אָפֿט אף זיך, ווי אף אַ בייַשפּיל פֿאַר אַנדערע, און ווען ער באַקענט זיך מיט אַ נייער אַרבעטס-מעטאָדע, זוכט ער ניט צו זיכערן, דורך פּאַטענטן, דאָס געווינס פֿאַר זיך, נאָר ער גיט אַרויס זיינע ידיעות די קאָנקורענטן. בייַ לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן קאָנקורירן מער די קויפֿער צווישן זיך, בייַ אינדוסטריעלע פּראָדוקטן — די פֿאַרקויפֿער. מיין כּאָלאָניסטן-חברה איז, אין פּרט פֿון קאָנקורענץ, געגליכן צו אַ פֿאַראייניקונג פֿון קונים, וואָס העלפֿן איינער דעם אַנדערן. אונזערע פּרויען, וואָס קויפֿן-איין פּראָדוקטן אין באַלעבאַטישקייט, באַהאַלטן ניט זייערע ידיעות פֿאַר זיך, און זאָגן איינע דער אַנדערער, וואו מען קריגט וואָלוול אַ גוט שטיקל סחורה, זיי זיינען דאָ קונים און ניט קיין סוחרים. פֿאַרקערט, ווייסן זיי פֿון אַ נייעם פֿאַסאָן פֿון אַ קלייד, אַן אדרעס פֿון אַ מאָדיסטקע אָדער אַ פּוצמאַכערין, וועלן זיי שוין דעם סוד ניט אַזוי גיך אויסזאָגן: וואָרים אין דעם פּרט זיינען אונזערע פּרויען סוחרים...

אַ קאָלאָניסטן-חברה איז אַ בּונד פֿון קונים, און זי קאָן אַזוי גרויס ווערן, ווי אַ געבּרויכער-חברה, אַ קאָנזומענטן-פֿאַריין. נאָר איין פּרוּוו איז בּיז איצט געמאַכט געוואָרן, אין אַ פֿאָרמע, וואָס איז שטאַרק ענלעך צו מיין פּלאַן. דאָס איז געווען מיט 50 יאָר צוריק אין אירלאַנד. ראַהאַליין האָט געהייסן דאָס אָרט. דער דערפֿאָלג איז געווען אַ מוראדיקער. דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער קאָלאָניע האָט פֿאַר זיך איין מאָל פֿאַר אַלעמאָל באַשטימט אַ רענטע און מער זי ניט געהעכערט. דאָס האָט אַנטוויקלט בייַ די קאָלאָניסטן דעם חשק צו דער אַרבעט. און אין עטלעכע יאָר אַרום איז פֿון אַ ווייסטער געגנט געוואָרן אַ בּליענדיקער ישוב מיט שולן, חברות און ד. גל. ראַהאַליין איז געוואָרן אַ קולטור-צענטר, וואוהין עס זיינען פֿון אַלע זייטן געקומען אימיגראַנטן. דאָס אומגליק אף דער קאָלאָניע איז דערנאָך געקומען פֿון אַן אויסנווייניקסטער גזירה. דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון ראַהאַליין האָט געשפּילט אף דער בּירזשע

און האָט דאָרטן אָנגעוואָרן זיין גאַנץ פאַרמעגן. די קרעדיטאָרן זיינע, וואָס האָבן ניט געוואוסט פון זיין קאָנטראַקט מיט די קאָלאָניסטן, האָבן חרוב געמאַכט ראהאליין און פאַרקויפט דאָס לאַנד שטיקערווייז. צי איז אָבער אזא אומגליק א ראיה קעגן די פרינציפּן, וואָס זיינען צום ערשטן מאָל אָנגעווענדט געוואָרן אין ראהאליין? ווען אַן אווטאָמאָביל פאָרט אריבער א מענטשן איז דאָס דאָך קיין ראיה ניט, אז דער מענטש איז געווען קראַנק.

געוויס זיינען פאראן גרויסע שוועריקייטן. די אידישע פעלד־ארבעטער פארשטייען, למשל, ניט, ווי אומצוגיין און דערציען בהמות. פּיצוכט איז אָבער א גרויסע הילף אין א ישוב. ס'איז אָבער זיכער, אז די ארבעטער וועלן דאָס מיט דער צייט פאַרשטיין. א צווייטע שוועריקייט — מען קאָן פאַרווערן די איינוואַנדערונג אין פאַלעסטינא. איך גלויב אָבער, אז די יונג־טערקן וועלן זיין אזוי קלוג און אונטערשטיצן די איינוואַנדערונג פון אזאַ עלעמענט, וואָס קען זיין פאַר זיי אַ הילפּס־מיטל קעגן דער נאַציאָנאַל־אַראַבישער באַוועגונג. באַ וואָסער ארבעט זיינען אָבער ניטאָ קיין שוועריקייטן? מיר מוזן טאָן אונזער חוב, און ווען אונזער ארבעט ניט ברייגנען קיין ישועה, וואָס מיר קוקן אוים אף איר, וועלן מיר שטאַרבן ווי העלדן אין שלאַכט, און ניט ווי שקלאַפן, וואָס זיינען צופרידן מיט זייער גורל".

אזוי לערך האָט גערעדט איינער פון די לעצטע גרויסע מענטשן אין ציוניזם... צי וועט ער אָבער אויספירן? אין א שלעכטער צייט פירט אָפּענהיימער זיין אַגיטאַציע: די ציוניסטישע התלהבות פון אמאָל איז לחלוטין פארשוואונדן, קיין גרויסע געזעלשאַפטלעכע אופגאַבעס אינטערעסירן איצט ניט די ציוניסטן, און זיי זיינען אויך ניט בכוח אזאַ פּלאַן דורכצופירן. בכל אופן אָבער וועט דער פרוּאוו האָבן אַ נאַציאָנאַלע חשיבות: אַ ס אָ צ י אַ ל ע ל אַ ב אַ ר אַ ט אָ ר י ע ע פ נ ט אָ פּ ע נ ה יי מ ע ר פ אַ ר א ו נ ז. כדאי, אז אלע, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער פּראָבלעם פון דער אידישער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג זאָלן שטודירן די נייע קאָלאָניזאַציע־מעטאָדע, וואָס אָפּענהיימער וועט דעמאָנסטרירן פאַר אונז אין גליל. *)

„דער פריינד" 1910, פּעטערבורג.

*) ווי אַ פּועל יוצא פון פראַנץ אָפּענהיימערס אַגיטאַציע, איז אין יאָר 1911 אין גליל התחתון געגרינדעט געוואָרן די קאָאָפּעראַטיווע אידישע אַרבעטער־קאָלאָניע „מרחביה".

# צווישן היימלאָזע און פארוואָגלטע.

(אין די טעג פון די הילף־קאָמיטעטן).

## א. דער שטומער ניגון.

ויהי אין 1915־טן יאָר, אין אמתן ברען פון דער וועלט־מלחמה. אריבערגעלעבט פארן אָנקומען פון די דייטשן די לעצטע רוסישע טעג פון פ י נ ס ק מיט די פּאָגראָם־שרעק, מיט די בילבולים פון די רו־סישע מיליטערלייט און פון שטאָט־קאָמענדאנט, וואָס האָט אויסגענוצט דעם דוחק אין מינץ און אָנגערייצט די סאָלדאטן צו נעמען בחינם סחורות אין אידישע קלייטן, ווייל אידן פארבאַהאַלטן כלומרשט דאָס קליינגעלט און גיבן ניט אַרויס קיין רעשט, בין איך צוליב דער הילף־אַרבעט אָפּגעפּאָרן מיט די לעצטע היימלאָזן־עשעלאָנעס קיין ה אָ מ ע ל. די שטאָט האָט מיליטעריש־סוחריש געטומלט, און דער אוויר איז געווען פאַרסמט מיט נאציאָנאליסטישער שינאה, פּאָליטישן חשד און עכט־רוסישן אָפּיצערישן חוזק־מאַכן. די צארישע רעגירונג האָט דענסטמאָל געשפּרייט בילבולים אַף אידן און אַף זייער שפּראך. „מיט זייער באזונדער לשון אין די מודעות פון די אידישע צייטונגען, — אַזוי האָט ווילד־גוייש גע־טענהט די רוסישע מיליטערישע מאכט, — גיבן אידן אַרויס מיליטערישע סודות פאר די עסטרייכער און דייטשן". בכן האָט מען אָן צערעמאָניעס פארווערט דרוקן אידיש, אַרויסגעבן אידישע צייטונגען, שטעלן אידישע טעאַטער־שטיק, און אַפילו פּריוואַטע אומשולדיקע לאהובי־בריוו האָט זיך די פּאָסט אָפּגעזאָגט אָנצונעמען און אריבערצושיקן.

שפּרייזנדיק אין א שיינעם טאָג איבער די גאַסן פון האָמעל, האָב איך פלוצים דערזען א משונהדיקן אפּיש: Точка Еврея („טאָטשקא

יעווירעיא"). פרײלעך האָט דער אַפּיש אַראָפּגעקוקט פון די פּאַרקנס און פון די רעקלאַם־סלופּעס און האָט געגרייצט צום לאַכן, צום חוזק־מאַכן. „דאָס איז דאָך אונזער אַלטער באַקאַנטער — „דאָס פּינטעלע איד" — כּא, כּא, כּא", פּלעגן זיך צעלאַכן די האָמלער, דערזעענדיק דעם קאָמישן אַפּיש. איך האָב געוואָלט אַהינטאָן אַ פרײען אָוונט און ס'איז בּאַ מיר געבּליבּן זען די פאַרוואָגלטע טרופּע, וואָס האָט נעבעך איבּער דעם גע־אַסרטן אידיש געמוזט איבּערניצעווען פאַר דער צאַריש־מיליטערישער מאַכט דעם אַמעריקאַנישן אידיש אין אַן... אַמעריקאַנישן רוסיש און געבּן אַ גאַסטראָל, כּדי צענויפקלײבּן לכל הפּחות הוצאות אַף אָפּצופאָרן.

די קאָמישע טעאַטער־סענסאַציעס האָבּן זיך אָנגעהויבּן פון דער ער־שטער מינוט אָן. קודם כּל האָט מען איבּער ניט־בּאַוואוסטע טעמים פאַרבּיטן דאָס „פּינטעלע איד" אַף טאָמאַשעווסקיס Заблудшая овца („דאָס פאַרבּלאָנדזשעטע שעפּעלע"), און דער עולם, אידן און רוסן, אָפיצערן, סאָלדאַטן און פּשוטע בּשר ודם האָבּן זיך ניט געחידישט און ניט פּראָטעסטירט. מען איז, ווייזט אויס, מוכן ומזומן געווען אַף לאַכן און חוזק־מאַכן און האָט אייך דעם אָפּנאַר פאַררעכנט פאַר אַ פרײלעכע המצאה. דערנאָך איז אַוועק די פּיעסע אַליין, רעזשיסירט „אַ־לאַ־ריינהאַרד", מיט דער סצענע צווישן פּובּליקום, וואָס האָט זיך צענויפגעמישט מיט די שפּילער און אין פּלאָנטער. דער משונהדיק קאָ־לירטער עולם איז געווען דאַנקבּאַר: פון גרויס התלהבות האָט מען גע־פּאַטשט אין די הענט, געקלאַפּט מיט די פיס און געלאַכט פון גאַנצן האַרצן. דער עיקר, פאַרשטייט זיך, פון דער שפּראַך, פון די אַמעריקאַ־ניש־רוסישע אויסטייטשן. „אַ לשון!" — האָט דער עולם געקייכט פון געלעכטער און זיך געהאַלטן בּאַ די זייטן. און די אַקטיאָרן האָבּן זיך, ווייזט אויס, מיט אַ בּאַזונדער דבקות גענומען צו זייער ראָליע, עס האָט זיך אָנגעהויבּן אַ פלאַם־פייערדיקער שדים־טאַנץ, איבּער דער סצענע האָט זיך געטראָגן אַ תהו ובהו פון ווערטער, ניגונים און ריקודים, פון פירנ־דיקע סצענעס און אַריינגעשטעלטע עפּיזאָדן־המצאות, פון דעקלאַמאַציעס און אימפּראָוויזאַציעס: דאָס האָט די אידישע נייט אין אַ צעקאַליעטשעטן רוסיש משמח געווען דעם עולם...

און דער עולם האָט זיך טאַקע געפרייט. אַ שיכּרות פון הפקרות איז אַף אים אָנגעפאַלן, ער האָט איצט געמעגט פראַנק און פריי לאַכן

פון אלצדינג: פון דער פיעסע און פון איר אינהאלט, פון די אַקטיאָרן און פון זייער שפּראַך...

נאָר פּלוצים גיט זיך די טרופּע א שטעל אָפּ און צעלייגט זיך, גרופּירט זיך, ווי „על נהרות בבל“, אַף די ברעטער פון דער סצענע... וואָס איז דאָס? אַ נייער קאָמישער עפּיזאָד? ניין. ווייזט אויס, גאָר עפּעס אַנדערש. אַ ניגון אָן ווערטער, דער ניגון פון „התקוה“, באַפרייט זיך פון צווישן צענויפגעפּרעסטע ליפּן און שפּרייט זיך פונאנדער איבערן זאַל. די אָפּיצערן פאַרשטייען ניט, וואָס דאָס באַטייט, זיי ווייסן ניט, אַז דאָס איז דאָס ליד פון דער נאַציאָנאַלער אידישער האָפענונג... דאָס לאַכן ווערט פּלוצים פאַרשטומט: די „האָפענונג“ האָט געקלונגען ווי אַ קינה, ווי אַ קלאָג־ליד. איר זעט פאַר זיך אנוסים, האָט געיאָמערט און געטרייסט דאָס ליד, מען האָט אונז פאַרגוואַלטיקט, אָפּגענומען באַ אונז דעם מענטשישן לשון, און מיר זינגען פאַר אייך, אידן, אַ שטומען ניגון... פאַרשטייט, און זייט אונז מוחל!“...

## ב. דאָס באַפרייטע ליד.

צווישן די בילבולים, וואָס האָבן זיך אַף אונז געשאָטן, צווישן די חטאים, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט אונז אויפגעוואָרפן, איז געווען איינע אַ חזיר־פיסל־כשרע טענה: הלמאי פועלן מיר ניט באַ אונזערע מערב־אייראָפּייאישע ברידער, באַ די עסטרייכשע און די דייטשע אידן, אַז זיי זאָלן פּעלשן אין זייער פאָטערלאַנד און זיך אָנזאַפּן מיט ליבשאַפט צו דעם צאַרישן רוסלאַנד? און אַזוי ווי די גאַליציאַנער זיינען באַזונדערס פאַררעכנט געווען פאַר טרייע, איבערגעגעבענע קינדער פון זייער „פאָטער“ פראַנץ־יאָזעף, האָט מען זייער פאַטריאָטיזם פאַרשריבן פאַר אַן אויסטערלישן חטא און ניט געוואָלט דערלאָזן אונז, משולחים פון די הילפסקאָמיטעטן, צו אַ מגע ומשא מיט זיי. מען האָט די זאָרג וועגן די גאַליצישע געפאַלענע, פאַרשיקטע און פאַרוואָגלטע מוראַדיק פאַרשווערט, מען האָט זיי כמעט ווי אויסגעטיילט, און באַזונדריק זיי, האָבן מיר געקאָנט דערוועקן אַ חשד אין אונזער אייגענעם פאַטריאָטיזם.

אַף צו להכעיס גאָר דער וועלט!.. האַלבע נאַכט, אין ווייטן רוסישן צפון, אין טשיסטאָפּאָל — אַ שטאָט, וואָס איז אויסגעוואַקסן באמת אין ברייטן „ריינעם פעלד“, אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט

אין טאָטערישע מקומות פון הינטער קאַזאַן, האָב איך פאַר דער פאַרוואָגלטער גאַליצישער יונגט געלייענט ביאַליקס „פרייליכם"... „אף צעפיקעניש אלע אונזערע שונאים, אַף צו להכעים גאָר דער וועלט"... און די יוגנט, נתן בירנבוימס יוגנט, האָט געענטפערט מיט דעם ליד פון דער אידישער „האָפענונג"... נאָר ניט קיין שטומער איכה־ניגון איז דאָס געווען: פריי האָט דאָס ליד מיט אַלע זיינע ווערטער געקלונ־גען און האָט ווי געשוואָרן און עפּעס צוגעזאָגט... „די מלוכות ווילן אונז צעשיידן — אָבער איין פאָלק איז ישראל, און די דאָזיקע נאכט איז אונזער עדות"...

קאַזאַן, 1916.

# אפן שליאַך פון די היימלאָזע.

(זכרונות און שטימונגען פונם היים=וועג)

וועגן אויסטערלישע געשעענישן האָב איך ניט וואָס איבערצוגעבן, קיינע משונהדיקע פּאַסירונגען זיינען זיך מיט מיר ניט פאַרלאָפן. מיין נסיעה פון ראַטן=רוסלאַנד קיין לאַטוויע, פון מאָסקווע קיין ריגע איז אַראָפּ גלאַט, נאָרמאַל, גלייך כשורה, לויט דעם געוויסן נוסח פון די פּאַראַגראַפן אין שלום=אָפּמאַך, לויט די מנהגים און תקנות אין די ביידע שכנישע לענדער. און פונדעסטוועגן... וויפיל ווייטאָקדיקע איינדרוקן, וואָס זיינען מסוגל צו פאַרקרימען די נשמה און אָנוואַרפן אַף איר א מרה=שחורה!..

פון דער גרויסער היימלאָזן=טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אינאיינעם מיט דער וועלט מלחמה אין 1914, זעען מיר אַצינדערט דעם עפּילאָג, די נאָכשפּיל, וואָס איז אַליין פאַר זיך אַ דראַמע, און ציט זיך פונאַנדער אַף נייע פינף אַקטן. ווען וועט זי זיך באמת ענדיקן? וויפיל פון די אומגליקלעכע, וואָס זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן דורך דער וועלט=קאַטאַסטראָפע פון זייערע איינגעזעסענע ערטער, וועלן זיך באמת קענען אומקערן אַהיים? דער שליאַך פון די היימלאָזע איז אַן עמק הבכא, וואָס איז נאָך אלץ ניט פאַרפולט מיט קלאָג און מיט יאָמער: עס גיסן זיך אין אים נאָך טרערן און וועלן זיך נאָך לאַנג, לאנג גיסן...

פון אַלע עקן אין גרויסן און ברייטן רוסלאַנד, איבער אַלע וועגן און אָן=וועגן ציט זיך אַצינדערט דער היימלאָזן=שטראָם אין די יונגע

קאַנט־מלוכות, אין לאַטוויע, ליטע, פּוילן. מען פאָרט וואָכן, חדשים, מען גייט דורך אַלע פּעדערשטיבלעך פון גהנום און דעם גהנום אליין מיט איין שטראַל פון האָפנונג: קאַריק אין דער אַלטער היים. איטלעכער היימלאָזער איז מוכן ומזומן אויסצושטיין די גרעסטע צרות, אַבי זיי זאָלן זיין די לעצטע און זאָלן אים סוף כל סוף דערפירן צו זיך, צו די היימישע ערטער, צו קרובים און באַקאַנטע. און אָט אין דעם עיקר, אין דער האָפנונג, וואָס שטראַלט אין דער אַלטער היים, מוז זיך דער אי־דישער נע ונדניק אָפט מיאש זיין. די טראַגעדיע פון כל ישראל, פון אייביקן וואַנדער־איד, רופט זיך אָפּ אויף רב ישראל: ער באַקומט אַצינ־דערט צו פילן דעם טעם פון אייביקער היימלאָזיקייט... אין אַלע פּונקטן פאַר היימלאָזע וואַלגערן זיך אַפּולע אומגליקלעכע, וואָס זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן קאַריק אַפן עצם שוועל פון דער אַלטער היים. דאָ האָבן דאָ־קומענטן ניט געקלעקט, דאָרט זיינען זיי זיך סותר, בײַ איינעם געפינט מען אַ פלאָנטער אין די כתבים, בײַ יענעם פאָדערט מען דווקא אַלטע, צאַרישע פּאַפּירן, וואָס שאַצן זיך פּונקט ווי אַלטע, גוטע געלט... און אויב פּאַפּירן זיינען אפילו אין שלום־צייטן געווען פאַר אידן אַן אבן נגף, וואו מען פלעגט כסדר געשטרויכלט ווערן, איז על אחת כמה וכמה אַצינדערט, נאָך אַזוי פיל וואָגלענישן, נאָך אַזעלכע מיני בהלות, וואו מען איז אַזוי אומבּרחמנותדיק צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן — פּרויען אָפּ־געריסן פון זייערע מענער, קינדער פאַרבלאָנדזשעט פון די עלטערן; און פעלט אויס אַ פּאַפּיר, ווערט מען דאָך כידוע אוים מענטש, ווערט דער היימלאָזער געפּסלט, פאַרמשפּט, כפול־שמונהדיק עלנט און היימלאָז: ווי אין כף הקלע וואַלגערט ער זיך דערנאָך צווישן דער אייגענער היים און דער פרעמדער מדינה, ווערט אַ תושב אין די פּונקטן פאַר היימ־לאָזע, פאַרעט זיך אין שמוץ און פאָכעט מיט דער נשמה — אַ גרייטער קרבן פאַר אַלע מיני חולאתן און אָנשיקענישן...

אין מאָסקווע, אין 11־טן פּונקט פאַר היימלאָזע, פון וואַנען איך האָב מיך געלאָזט אין וועג אַריין, האָב איך באַגעגנט אַפּולע אַזעלכע אומגליקלעכע, וואָס די יונגע לאַטווישע מלוכה האָט זיי אָראָפּגעשטויסן שוין פון עצם שוועל פון זייער אַלטער היים. עס איז געווען גענוג צו פאַרפירן מיט זיי אַ קורצן שמועס און דערהערן זייער כאַראַקטעריסטישן דייטשמערישן אידיש, כדי צו דערקענען דעם ריגער אָדער קורלענדער,

וואָס דער שלים־שלים־מזל האָט זיך זיי געשבּעלט אין וועג און לאָזט זיי ניט אריין אין זייער אייגענער הייב. אין ווייטן רוסלאנד, אין אופּאַ, קאַזאַן, טאַמבּאָוו און סאַמאַראַ דאָבּן זיי פאַרקויפט זייער לעצט ביסל האָב־און־גוטס, זיך געשלעפּט חדשים־לאנג אין די הײמלאָזן־עשעלאָנעס, דערגרייכט דעם גרענעץ, געקומען מיט מזל קיין רעזשיצע, פאַרבּראַכט דאָרטן א שיינע צייט אין די באַראַקן פון קאַראַנטין — כדי דערנאָך אָפּגעשיקט צו ווערן צוריק קיין מאָסקווע, פאַרמשפּטע אף נייע וואָגלענישן, אין צווייען עלנטע, היימלאָזע צווישן היימלאָזע...

אין קאַראַנטין פון רעזשיצע, עלנט ווי א שטיין... איין היימלאָזער בעט געוויינטלעך הילף, אַן עצה באַ א צווייטן, בעט זיין פאַר אים א מליץ יושר באַ דער אַדמיניסטראַציע פון קאַראַנטין. נאָר וואָס קען איין היימלאָזער טאָן פאַרן אַנדערן? היימלאָז איז הילפלאָז. פאַרשפּאַרט אין די ד׳ אמות פון רעזשיצער קאַראַנטין קען ער זיך אַליין ניט העלפן, אַ פשיטא שוין עפּעס אופטאָן פאַר אַ צווייטן. אין קאַראַנטין איז ער כחומר ביד היוצר, אָן אייגענעם ווילן, מען רינגלט אים אַרום פון אַלע זייטן מיט חשד, מיט פּאָליטישן, מאָראַלישן נאַציאָנאַליסטישן שפּיאָנאַזש, זיין אַווטאָריטעט איז גלייך ווי גאָרנישט, ער איז דאָרטן פאַרשקלאַפט, און די שקלאַפעריי האָט כידוע פונקט ווי די פרייהייט, אַ באַזונדער מין נטיה צו גלייכהייט: צו גלײכהייט צווישן אַלע שקלאַפן. איין היימלאָזער קען זיך בטבע ניט איינשטעלן פאַרן צווייטן, די אַדמיניסטראַציע פון קאַראַנטין וואָלט אים גלייך א פרעג געטאָן: מי שמך? דעריבער איז נויטיק, אז אַן אַווטאָריטעטישע אידישע אינסטיטוציע זאָל צוגעלאָזט ווערן צום קאַראַנטין מיט דער אויפגאַבע פון אַ יורידישער קאָנסולטאַציע. פאַר די אידישע היימלאָזע איז דאָס ממש אַ לעבנספראגע. וואָרים אַף זייערע כתבים איז די אַדמיניסטראַציע באַזונדערס מקפיד, און דער נאַציאָנאַליסטישער לאָזונג „לאַטוויע פאַר לאָטוועשן“ ווערט דאָ אָפּט זייער ברייט אויסגעטייטשט און אומבּרחמנותדיק אָנגעווענדט...

* * *

נאָר אָט מאַכט זיך און איר זעט אַ יחסן, אַ „ריגענזער“, באַוואָרנט מיט די אמתע אַלטע צאַרישע פּאַפּירן. די נערוויִיִשקייט פון

הײמלאָזן איז באַ אײך ניט אַזױ בולט, איר האלט זיך שטײפער און לאָזט זיך שװימען אין געפילן פון לאָטװעשער בירגערלעכקײט... גיט מען אײך אָבער צו פאַרשטײן, אַז מיט אײך אלס איד איז ניט אַלצדינג גלאַט און כשר, אַז איר זײט א בירגער פון צװײטן גראַד, אַז אײערע רעכט זײנען ניט קײן „נאַטירלעכע“, נאָר אָנגעלעבטע, פאַרדינטע, אַז אין דעם נאַציאָנאַליסטישן כלל „לאַטװיע פאַר די לאָטװעשן“, נעמט מען אײך, פאַרשטײט זיך, ניט אַרײן, און אַז איר דאַרפט פאַר אײער בירגער=לעכקײט — באַצאָלן... מען האָט מיך גענױט פאָרן פון רעזשיצע קײן ריגע אַף אײגענעם חשבון און באַפרײען די לאָטװעשע מלוכה פון הוצאות פאַר מײן פּערזאָן. איך בין געשטאַנען אַ װײלע נעבן דעם באַאַמטן, װאָס פאַרשרײבט אין עשעלאָן און איז גוזר אַף פאָרן מיט אײגענע אָדער מלוכה=הוצאות. איך האָב זיך צוגעקוקט און דערפילט די טענדענץ, די נטיה אַרײנצורעכענען כמעט אַלע אידן, סײ רײך, סײ אָרים, אין כלל פון פאַרמעגלעכע הײמלאָזע, װאָס קענען צאָלן... באַ לאָטװעשן דער היפוך: אַלע פּױערים זײנען באַ דער אַדמיניסטראַציע בחזקת אָרימע לײט... אָט אַזױ באַקומט דער כשרער נאַציאָנאַליסטישער לאָזונג „לאַטװיע פאַר די לאָטװעשן“ אַן אױסטײטש אין כשרע מטבעות. אמת, עס שמעקט אַביסל מיט אַמאָליקע צײטן, בעת אידן זײנען געװען „שוץ=אידן“ באַ פּריצים און פּרינצן און האָבן פאַר זײערע „פּריװילעגיעס“ געדאַרפט אָפּצאָלן מיט פּראָצענטן... פאַר א יונגער מלוכה פון 20=טן יאָרהונדערט, װאָס װיל זיך פירן לײטיש און קריגן אַ נאָמען און אַ זכות הקיום צװישן אַנדערע פעלקער, װאָלט די טענדענץ אין בירגערשאַפט געמעגט זײן אַ הײנטװעלטיקע... נאָר װאָס טוט מען מיט אַ רגילות. פאָרט אױפגעהאָדעװעט געװאָרן פון אַלטן צאַרישן רעזשים מיט זײן „אידן=פראַגע“ די כשרע צאַרישע טראַדיציע פאָדערט על פּי טבע כשרע צאַרישע פּאַפּירן און כשרע צאַרישע מטבעות...

* * *

די רעגירונג און אַדמיניסטראַציע שפּאַרן זיך אָן אַף דער געזעלשאַפטלעכער מײנונג, און די דאָזיקע מײנונג װערט באַשאַפן פונם לאָטװעשן פּױער און קלײנבירגער און פון דער לאָטװעשער האַלב=אינטעליגענץ... אַ ניט=גאָר פרײנטלעכן קבלת פּנים האָבן מיר געהאַט באַ

די דאָזיקע שיכטן פון לאַטוועשן פאָלק. קענטיק, ווי אַ רויטער פאָדים, האָט זיך אַנטפּלעקט דער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם אין די האָפנונגען און שטרעבונגען פון די לאַטוועשע היטלעריסטן צו דער אַלטער היים. אָט באַווייזן זיך אַף דער לאַטוועשער גרענעץ די ערשטע ריגער צייטונגען. אין די מודעות וואַרפן זיך דורך אידישע ידיעות וועגן אַ אידישן פאָלקס-קאָנסערוואַטאָריום, וועגן אידישן טעאַטער. דאָס רופט אַרויס אַנטיסעמי-טישע באַמערקונגען אין היטלעריזם-וואַגאָן, אַ מין נאַציאָנאַליסטישן יאוש: מען האָט גערעכנט זיין אין דערהיים צווישן אייגענע, נאָר צווישן איי-גענע, און אָט נאָ דיר, האָב ווידער צו טאָן מיט „אנשי ירושלים", — און מען ווינשעוועט זיי מיט הארץ און מיט גראָבקייט אַ באַלדיקע נסיעה קיין פאַלעסטינע . . .

## ב.

## „זשידס און — טשיגאַנס".

(„אידן און ציגיינער" — אַ לאַטוועשע גזרה-שוה).

און אַריינפאַלנדיק אין אַזאַ סביבה, אַרומגערינגלט פון אַזאַ פאַר-סמטן אוויר, פילט זיך דער אידישער היטלעריסט אין צווייטן עלנט, קיילעכ-דיק פאַריתומט, און דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, פאַרטיפט אין אומעטיקע רעיונות האָט דער איד אַ זעאונג: אָפּן שליאַך פון די היטלעריסטן באַגעגנט זיך זאַראַטוסטראַ מיט זיין מאַלפע, דער איד שטויסט זיך אָן אַף דעם ציגיינער... ווי קומט דאָס „אויבער-פאָלק" צו דעם מעמד פון אַ נישט-פאָלק, די עליון-אומה צו דעם מצב להבדיל פון ציגיינערשן מענטשן-שטויב ?.. מיט משונהדיקע געפילן קוקט דער „בן-מלך" אַף דעם וואָ-כעדיקן „הונט", און די קרובהשאַפט אין פנים און אין דער לאַגע מיטן ציגיינער דערוועקט אין אים אַן אומרו... דער גראָבער לאַטוועשער פויער מאַכט צווישן זיי אַ זיווג, זיי זיינען ביידע פאַר אים אַ מקור פון געלעכ-טער און פויערשן וויץ. „ציגיינער און אידן האָט מען אויסגעטיילט פון עשעלאָן און אַריינגעשפּאַרט אין אַ באַזונדער וואַגאָן" — אַזוי דערציילט מיט נחת רוח אַ לאַטוועשער פויער. וואָס באַטייט דאָס? ווי קומט דער לאַטוועשער פויער, וואָס די פאַסטעלעס זיינען נאָך קענטיק אַף זיינע פיס,

צו אזא מין אָפּשאַצן אידן — וואָס זיינען דאָך פּאָרט עפּעס און, נאָך אַלעמען, א גאוניש וועלט־פאָלק אפילו אָן דעם אתה בחרתנו? וואָס איז דאָס דאָרט בּאַ אים? פּויערשע עם־הארצות, צי אַנטיסעמיטישע גראָבקייט, אָדער חיהשע אינסטינקטן, וואָס שטויסן אים שפּל צו מאַכן דעם קעג־נעד, בעת מען וויל אים גובר זיין אין דער קאָנקורענץ?.. יאָ און ניט... דאָס אַלצדינג איז אָן ספק פאַראַן אין דער פאָלקסטימלעכער גזרה שוה, וואָס דער לאָטוועשער פויער מאַכט צווישן דעם איד און דעם ציגיינער. נאָר פונדעסטוועגן איז דאָס ניט גאָר, סע ליגט דאָ פאַרבּאַהאַלטן א טי־פערע פּראָבּלעם און ישראל סבא שמייט עס אָן זיך א מוסר אַראָפּצו־נעמען פון זיינע מאָראַלישע ליידן... וואָרים סוף כל סוף קאָנען מיר באמת גלייכגילטיק זיין צו דער מיינונג, וואָס דער לאָטוועשער פויער האָט וועגן אונז, אָבּער ניט צו דעם געפיל, וואָס מיר האָבּן בנוגע צו זיך אליין. און וואָס טראַכטן מיר וועגן זיך? צי פילן מיר זיך שמייח? צי האָבּן מיר אַליין א שטענדיקע שמאָלצע מיינונג וועגן דעם עם עולם?.. פאַראַן בּאַ איטלעכן יחיד — צי בּאַ א מענטש, צי א פאָלק — א צווייאיק איך־געפיל: דער פּשוטער „איך“, וואָס מאַכט איין מענטש גלייך צו דעם אַנדערן, דער יסוד־חוש, וואָס זאָגט אונז „מיר זיינען אלע גלייך, פּשוט דערפאַר, ווייל מיר זיינען מענטשן“. אַחוץ דעם האָט איטלעכער יחיד אַ צווייטן „איך“, א בּאַוואוסטזיין פ.ון זיינע באַזונדערע מעלות און אופטועכצן פאַר דער וועלט... אָט דעם דאָזיקן צווייטן איך־געפיל האָבּן מיר אידן אין א געהעריקער און אפילו אין אן אתה־בחרתניש־גוזמאדיקער מאָס, מיר ווייסן, וואָס מיר האָבּן אויפגעטאָן פאַר דער וועלט, וויפיל גאונים סע זיינען ארויסגעשפּראָצט פון אונז, מיר פאַרגעסן ניט, אַז מיר האָבּן דער מענטשהייט א גאָט און א מאָראַל געגעבן... אָבּער וואו איז פאַרבליבן אונזער פּשוט איך־געפיל? וואו איז אונזער התחייבות בנוגע צו זיך אליין? צי פילן מיר ניט, אז מיר האָבּן אין אונזער פּשוטן פאָלקס־איך געפעלשט און איבּערגעלאָזן אים דער וועלט אף הפקר? צי זיינען מיר פּטור געוואָרן פון דער זאָרג פאַר זיך אליין, צוליב אונזער זאָרג פאַר דער וועלט? די וועלט איז דערמיט ניט מסכים, טאָמער איז זי גערעכט? זי זעט אין אונז ניט נאָר דעם אור גוים, נאָר אויך אונזער לאנגן און בּרייטן שאָטן, וואָס שפּרייט זיך אָן א גרעניץ אין צייט און אין רוים... צי איז אזא מוראדיקער שאָטן לחלוטין נויטיק פאַר אונזער ליכטיקייט? צי קאָנען מיר

ניט אויסקומען אָן אונזער פאָלקס־שלומפער, אָן דער נאַציאָנאַלער אָפּגע־לאָזנקייט, צי וואָלט ניט געווען א יושר גדול ווייטער, ווי פאר צוויי טויזנט יאָר, ארופצולייגן אף די אייגענע פלייצעס די אחריות פארן עלע־מענטאַרן פשוטן פאָלקס־קיום און ווערן א פאָלק מיט אנדערע פעלקער באַגלייך? מיט א פונקט אין דער וועלט פאר אן אייגענער היים? ווי עס זאָל ניט אָנרירן אונזער כבוד, מוזן מיר זיך מודה זיין: פאַראַן עפּעס אַ פאַרשאָלטענע התקרבות צווישן זאַראַטוסטראַ און זיין מאַלפּע, צווישן איד און ציגיינער און דאָס ציגיינערשע אין אונזער עצם, די צעזייטקייט און צעשבּרייטקייט פון אונזער גוף און פון אונזער נשמה איז עפּעס אזוינס, וואָס מען דאַרף דאָס גובר זיין...

פאַר מיינע אויגן שווימט ארוף א בילד: א היימלאָזער אינגל פון אַ יאָר פערצן, מיט אַ בלייך אויסגעדאַרט פנימל און גרויסע אידישע אויגן... פאָרט איינער אליין מיט די היימלאָזן־עשעלאָנעס, שפּרייזט איבער די גרענעצן, וואַלגערט זיך איבער די קאַראַנטין־באַראַקעס... די עלטערן האָבן אים איבערגעלאָזט אף זיין אייגענער אחריות אין וויטעבסק נאָך אַ לאַנגן גלות־מארשרוט... סוף אַווגוסט איז מען ארויסגעפאָרן פון טאַמ־באָוו קיין ליטע, דערפאָרן ביז מינסק. דאַרף זיך מאַכן דענסטמאָל, אז די פּאָליאַקן פאַלן אָן אַף מינסק. האָט מען זיי ארויסגעוואָרפן פון די וואַגאָנעס, וואָס זיינען נויטיק געווען פאַר מיליטערישע באדערפעניש׳ן. דער פאַרמעג־לעכער טייל פון עשעלאָן האָט געצאָלט גוטע געלט און געשוואַרצט אף בעל־עגלהשע פורן דעם גרענעץ קיין ליטע. דער אָרעמער טייל האָט קוים מיט צרות געפּועלט, אז מען זאָל זיי געבן נייע וואגאָנעס און מען האָט זיי אָפּגעשיקט קיין וויטעבסק. דאָ האָט מען זיי איבער־א־נייס געוואָלט וואַרפן פון די וואַגאָנעס. נאָר ס׳איז אראָפּ מיט מזל; פון צענטר (מאָסקווע) האָט מען זיי געהייסן אָפּשיקן קיין ליטע איבער דער לאָטוויע־שער גרענעץ. אָט דענסטמאָל איז ער דאָס קראַנק געוואָרן אף חזרה־טיף און די עלטערן האָבן אים איבערגעלאָזט אַף גאָטס באראָט אין ווי־טעבסק... דערנאָך איז ער קראַנק געוואָרן אַף אינפלוענציע, וואָס ליגט נאָך עד היום אים אין די ביינער. אַצינד קלייבט ער זיך אהיים—ער האָט זיך באזאָרגט מיט אלע נויטיקע פּאַפּירן און ער האָפט אינגיכן דערגרייכן זיין ציל: געווען אין סעבעזש, אריבערגעשפרייזט מיטן עשעלאָן דעם רו־סישן גרענעץ, אצינד איז ער אין רעזשיצע, שוין צוויי מאָל געווען אין

קאַראַנטין־באָד, און אָט באַלד, באַלד וועט ער זיך זען מיט די עלטערן, וואָס גלויבן שוין מן הסתם ניט, אַז ער איז געבליבן לעבן...

א טאָג פאַר מיין אַוועקפאָרן פון ריעזשיצע האָב איך ווידער אמאָל באגעגנט דעם בחורל מיט דעם בלייכן פנימל און די גרויסע אידישע אויגן. דער ליטווישער קאָנסול האָט אים ארויסגערופן און צוגעזאָגט היינט נאָך אָפּשיקן מיט א ליטווישן עשעלאָן. דאָס בחורל האָט נאָך אלע וואָגלענישן פאַרט געפונען דעם וועג צו זיך אהיים, און באוויזן די איינגעשפּאַרטקייט פון זיין אומה, וואָס מיט איר כוח שטופּט זי זיך דורך דאָס לעבן, דורך די וועלט און דורך די וועלטגעשיכטע.

„דאָס פאָלק“ 1921.

# הערצל.

ער האָט געלעבט פאר אונז אַלעמען, פאר אַלע כיתות און שיטות: צי מיר ווילן זיך מודה זיין דערינען, צי ניט.

און זיינען אַסימילאַטאָרס שוין גאָר אינגאַנצן גוייש געוואָרן: האָבן זיי מיט שפּאָט און געלעכטער אַף אידן און אידישקייט אַראָפּגעקוקט און — מיט דרך־ארץ צו אים אַרופגעקוקט.

ער האָט זיי גענויט זיך פארקלערן איבער די אידישע שעפערישע מעגלעכקייטן.

פאראן, האָט ער זיי געלערנט, אַן אייראָפּייאישער וועג אַף ווידער אופצולעבן די האַלב־אַזיאַטישע פערזענלעכקייט פון אייביקן איד, אַ בריק אַן אייזערנער, וואָס פירט פון דער אידישער פאַרגאַנגענהייט אין דער אידישער צוקונפט, פון גלות צו דער גאולה.

אידן, פארגראָבענע אינם אלטן ספר און צווישן אַלטע שמות, קאָנען צו אַ נייעם לעבן זיך אומקערן קאריק.

זיי מוזן זיך נאָר לאָזן פירן פון צוויי אייביקע כוחות, אייביק ווי די מענטשהייט אַליין: פון שכל און פון רצון, זיי מוזן פארשטיין און זיי מוזן ווע לן —

און אויב זיי ווילן, איז זייער אופלעבן ניט קיין באָבע־מעשה...

* * *

און טאָמער באַפאַלט אייך אַ ספק און איר פרעגט זיך: צי איז ער ניט אַ פאַלשער משיח געווען?

טאָמער קוועטשט איר מיט די פּלייצעס איבערן היינטמאָדישן גילגול פון דוד הראובני און איר חידושט זיך איבער זיינע טשיקאַווע גיינג צו מלכים און שרים און צום פּויפּסט פון רוים אַליין, צום סולטאַ־אַבדול־האמיד, צו צאַר ניקאָלאַיס מיניסטער פּלעווע און צום קייזער וויל־העלם ירום הודו, גיינג צו גבירים און דיפּלאָמאַטן, צו אוטאָפּיסטן און מכשפים —

און עס הויבט אייך אָן דוכטן, אַז הינטער זיין פּאָליטיק האָט זיך פאַרבאַהאַלטן די ראָמאַנטישע אַוואַנטיורע, דער אָנשטעל און די פּאָזע פונם גואל המשיח — דערנסטמאָל דערמאָנט זיך אין די צוויי אייביקע כוחות, וואָס ער האָט זיי צו פירער באַשטימט פאַר זיין פאָלק: ש כ ל און ר צ ו ן...

נישט „א י ך וועל אייך באַפרייען, האָט ער צו אונז געזאָגט, נאָר אויב א י ר ווילט, קאָנט א י ר זיך באַפרייען”...

* *
*

און דעריבער האָט ער אונז אַ ירושה איבערגעלאָזט —

ער איז קיין פאַלשער משיח נישט געווען, האָט די גאולה ניט צוגעזאָגט און ניט געבראַכט —

ער האָט א וו ע ג געוויזן פאַר אויפלעבונג — אַ וועג פאַר דעם גאַנצן פאָלק...

אַ ירושה איבערגעלאָזט פאַר אונז אַלעמען —

טאָמער שאַרפט זיך ערגעץ וואו דער אידישער ש כ ל און דאָס פאָלק הויבט אָן פ א ר ש ט ײ ן זיין טראַגעדיע, —

טאָמער שטאַרקט זיך ערגעץ וואו דער אידישער שטרעב, דער אידישער ר צ ו ן און מיר הויבן אָן זיך אויפריכטן:

דאָרטן איז ער צווישן אונז —

עס מעג זיין אין פּאַלעסטינע, קרים, ביראָ־בידזשאַן אָדער אַר־גענטינע...

און טאָמער פעלט ערגעץ וואו דער אידישער באַנעם און דער גרויסער סאָציאַלער פאַרנעם, טאָמער בוקן מיר זיך צו פּילפּולים און ווערן פאַרזונקען אין דיקדוקי עניות, טאָמער געוועלטיקן בא אונז קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות —

מעג עס זיין אין פּאלעסטינע, קרים, בּיראָ־בּידזשאן אָדער ארגענ־טינע — דאָרטן איז ער ניטאָ צווישן אונז, דאָרטן האָט מען אין אים געפעלשט . . .

* * *

ער האָט אין אונז דערוועקט דעם דאָרשט פון גרויסן אידישן שאפן . . .

ניט די גאולה האָט ער אונז געוואָלט בּריינגען, נאָר דאָס פאָלק מאַכן פאר זיין אייגענעם גואל . . .

פאר אונז אַלעמען געלעבּט, פאַר אונז אלעמען געשטאָרבּן.

אַ ירושה איבּערגעלאָזט פאר אונז אלעמען, אלעמען.

# זאַנגוויל און הערצל

אָדער

## דער קינסטלער צווישן די בעלי חלומות.

די בעלי חלומות זיינען אינדעראמתן *רעאַליסטן*, מענטשן ערנסטע, וואָס גלויבן אין דער *ממשותדיקייט*, פּראַקטישקייט און דורכפירבאַרקייט פון זייערע טרוימען.

אָט אַזעלכע ערנסטע בעלי חלומות זיינען געווען באַ אונז: *אוריאל ד'אַקאָסטאַ*, וואָס האָט געקלערט וועגן פאַרבייטן אַלע עקסיסטירנדיקע רעליגיעס מיט זייערע פאַלשע אמונות און דעות דורך אַן איינהייטלעכע אוניווערסאלע *נאַטור-רעליגיע*, וואָס זאָל זיין אויפגעבויט אַף די יסודות פונם קלאָרן וויסנשאפטלעכן *פארשטאנד* און פון ריינעם *געוויסן*; *ברוך שפּינאָזאַ*, וואָס האָט געפּרואווט פאראייניקן *די* וועלט, גאָט און נאַטור, *יענער* וועלט מיט עגאָאיזם און יושר-געפיל, און האָט אין זיין חדר מיוחד, פון זיין שטיבעלע, וואו ער האָט צוליב חיונה קוק-גלעזער געשליפן, פאַרטראַכט אין זיין צייט א *רעוואָלוציע* פון דער *גאַנצער איראָפּייאישער וועלט-אָנשויאונג*; טרוימער זיינען געווען *לאַסאַל* און *מאַרקס*, וואָס האָבן געוואָלט מאכן אַ סוף צו אַלע ריידענישן וועגן שלום, וועגן יושר, וועגן ליבע צו דער מענטשהייט און האָבן געפּרואווט *מאָביליזירן* אלע כוחות אף צו גרינדן אינדעראמתן אַ *מלכות שמים* אַף דער ערד.

אַזא מין טרוימער איז אויך געווען *הערצל*, וואָס האָט גע-האָפט און מסירת נפשדיק געשטרעבט צענויפצוקלייבן אַלע צעזייטע און

צעשפּרייטע אידן אַף א י ן אָרט און אַזוי אַרום ברייגגען פאַר אונז די גאולה.

זיי זיינען אַלע געווען בעלי חלומית, אָבער אַליין האָבן זיי זיך געהאַלטן פאַר פּראַקטישע מענטשן און זייערע צילן פאַר די איינ־ציקע אַף צו דערגרייכן און צו דערלאָזן, פאַר די איינציק נאַטיר־לעכע, וואָס אין דער צוקונפט — געוויינטלעך איז בײַ זיי די צוקונפט געווען א נאָענטע, זייער אַ נאָענטע — דאַרפן זיי מקויים ווערן.

זאנגוויל איז געווען דער עסטעט, דער ליטעראַט, דער קינסטלערישער צוקוקער צווישן אַט די בעלי חלומות־בעלי מעשה. ער האָט פאַרשטאַנען זיך אַריינצופילן, זיך אַריינצולעבן אין זייערע גרייסע נשמות אַף אַזוי ווייט און אַזוי טיף, אַז אין זיינע קינסטלערישע רעפּראָ־דוקציעס פון אונזערע גרויסע מענטשן פלעגט ער אינגאַנצן זיך באַהעפטן צו זיי מיט זיינע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. אָט צוליב וואָס עס האָט זיך אים צייטנווייז געקאָנט אויסדוכטן, אַז די מחיצה צווישן אים און זיי ווערט גאָר אינגאַנצן נעלם און ער ווערט שוין אַליין מגולגל אין אַ „בעל חלומות פון אידישן געטאָ“.

דאָס איז אָבער געווען זאַנגווילס אילוזיע, זיין טעות. צו ווייניק ערנסט און צופיל עסטעט און קונסט־מענטש איז זאַנגוויל געווען, בכדי עס זאָל פון אים קאָנען ווערן אַ געטאָ־טרוימער, וואָס גלויבט אין די בילדער פון זיין פאַנטאַזיע און איז קאַפּאַבל צו פאַרעכענען ווינט־מילן צווישן די ריטער.

דאָס באַוואוסטזיין פון זיין קינסטלערישקייט האָט זאַנגווילן קיינמאָל ניט פאַרלאָזט; איבער אַ קינסטלערישער שאַפונג, איבער אַ וואָרט, א וויץ האָט ער געקאָנט איבערלאָזן אַף הפקר יעדע מממשותדיקע פּראַק־טישע אָנשטרייננגונג אַף צו דערגרייכן זיינע אייגענע געחלומטע צילן.

און וואָס איז קינסטלערישקייט, אויב ניט אַזאַ מין נשמה־קוק אַף דער וועלט, וואָס מאַכט פון אַ ממשית, פון גשמיות — אַ רוחניות און וואָס איז סוף כל סוף מבטל גאָר אינגאַנצן די ווירקלעכקייט און מאַכט פון איר א בילד?..

אונזערע אמתע בעלי חלומות האָבן ניט געגלויבט, אַז זיי חלומען, פונקט פאַרקערט, זיי האָבן געמיינט, אַז זיי טראַכטן, פילן און טוען אַף דער וואָר; זאנגוויל אָבער איז געווען אַ קינסטלער אַ פּסיכאָלאָג, ער

האָט געוואוסט, אַז די העלדן פון זיינע דערציילונגען זיינען געמאַכטע
מער און אַז ער אליין האָט זיך אָנגענומען פון זיי מיט — חלומות...

דער עסטעט, דער קינסטלער צווישן די געטאָ־טרוימער האָט אליין
קיין געטאָ־טרוימער ניט געקאָנט ווערן.

* *
*

נאָר אַחוץ דער עסטעטיקע, אַחוץ דער קינסטלערישקייט, וואָס
שוואַכט אָפּ דעם פּראַקטישן רצון, איז אין זאַנגווילס נשמה געווען נאָך
אַ צווייטע מניעה, וואָס האָט אים ניט דערלאָזט ווערן אַן אמתער געטאָ־
טרוימער.

פונם אידישן געטאָ האָט זאַנגוויל אריבערגענומען אויך די אידישע
נטיה צו ספקות, דעם געניאלן אידישן וויץ און לאַך.

זאַנגווילס אידישע געטאָ־פּיקחות האָט אים געשטערט צו ווערן
דער אמתער גלויביקער טרוימער.

אויב הערצל וואָלט אַזוי גוט געקענט אידן, ווי זאַנגוויל, וואָלט
ער קיין הערצל ניט געוואָרן... און טאַקע צוליב דעם איז אויך פון
זאַנגוויל קיין הערצל ניט ארויסגעקומען...

אַ ווײַלע האָט זיך זאנגוויל אויסגעדוכט, אז ער וועט הערצלען
ירשענען. דאָס איז געווען דעמאָלט, בעת דער פּאָליטישער ציוניזם איז
אַריין אין א קריזיס און די אלטע חובבי ציון האָבן ווידער אופגעהויבן
דעם קאָפּ — אָט די קליינע מענטשעלעך מיט די קליינע השגות, וואָס
האָבן געוואָלט צעטרענצלען הערצלס אידעאל וועגן קיבוץ גליות און
וועגן א פרייער אלוועלטלעך אָנערקענטער אידישער מדינה — אָט יע־
מאָלט האָט זאנגוויל זיך אַנידערגעשטעלט און זיך פּראָקלאַמירט אַלס
יורש פון זיין בעל חלומות הערצל און אלס פארווירקלעכער פון זיין חלום.

ער האָט באַשאַפן די אידישע טעריטאָריאַליסטישע אָר־
גאניזאציע, אָנגעהויבן זוכן לענדער פאַר אידן מיט אַ פּאָליטישער
נאַציאָנאַלער אַליינפאַרוואַלטונג און האָט געפּרוּאווט ווערן דער גואל פון
אידישן פאָלק.

ער האָט זיך אַף אַ ווײַלע אונטערגעגעבן דער תאווה פון ממשות־
דיקייט, דער בײנקשאפט צו ווירקלעכקייט, וואָס פאלט־אָן צייטנווייז אַף
עסטעטן און קינסטלער אין זייער בילדערוועלט, און זיי גייען אַרויס פון

זייער גדר, עס דערעסט זיי צו זיין צוגעשמידט נאָר צום בילד פון דער וועלט און עס פארגלוסט זיך זיי אויפצוטאָן עפּעס ממשותדיקס, וואָס זאָל פארמאָגן אין זיך מאַטעריאַלישקייט, אָרגאַנישקייט פון פלייש און בלוט.

נאָר שוין בּאַ די ערשטע מניעות פון דער ווירקלעכקייט, וואָס איז אַזוי אַנדערש, אַזוי ניט גלייך צו דער בּילדערוועלט, האָבּן זיך בּאַזאַנגווילן אַראָפּגעלאָזט די הענט: דער עסטעט און דער קינסטלער אין אים זיינען געווען אַפּילע שטאַרקער און ער האָט אינמיטן דער „פּראַקטישער" אַרבּעט פון אויסלייזן דאָס אידישע פאָלק זיך פאַרנומען מיט — שרייבּן דראַמעס און נאָוועלן . . .

די אמתע בּעלי חלומות שטאַרבּן פריער פון זייערע ווערק. זאַנגוויל האָט זיין טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אַריבּערגעלעבּט, און דער „יורש פון הערצל" האָט די ירושה פון פּאָליטישן ציוניזם עסטעטיזירט.. ער איז פאַרבּליבּן דער קינסטלער צווישן אונזערע טרוימער . . .

„פריבּאָרגן" 1926.

# ד"ר נחמן סירקין

און

# ז י י ן   ש י ט ה.

רעדע אין ריגער ברענער=קלוב, 1928.

צווישן גייסטער זיינען פאראן ראשונים און אחרונים.

די ראשונים אָרגאַניזירן דעם תוהו ובהו; פונם הומר היולי באַשאַפן זיי א וועלט, און דער אָטעם פונם כאַאָס פילט זיך דעריבער נאָך שטאַרק אין זייער יצירה.

די אחרונים פארענדיקן, סיסטעמאטיזירן, מאכן קיילעכדיק די שאַפונגען פון די ראשונים, זיי האַרמאָניזירן די שארפקייטן און גלייכן אויס די וועגן פון דער ערשטער יצירה.

פארן המון זיינען די ראשונים ניט=פאַרשטענדלעך, ניט=צוטריטלעך; דער המון איז גיכער משיג דעם אחרון, וואָס אָרגאַניזירט דעם פייער און בליץ פון פראָמעטייאוס און מאַכט פון אים אן עלעקטרישן לעמפל.

סירקין, הגם אונטער שטאַרקע השפעות, האָט פונדעסטוועגן פאַרמאָגט דעם כוח פון א ראשון, און נאָר דורך קאַנאַלן פון תלמידים און חברים האָבן זיינע געדאנקען און געפילן געקאָנט דערגיין צו די ברייטע פאָלקסמאַסן.

* * *

פאַר סירקינס קומען האָט א שינאה געהערשט צווישן צ י ו נ י ז ם און ס אָ צ י א ל י ז ם. ס'האָט זיך דענסטמאָל אויסגעדוכט, אז דער ציוניזם איז א דרך תשובה פאַר די משכילים, וואָס האָבן חרטה געהאַט אף זייער „זינדיקן“ מיט הומאניזם און וועלט=בירגערטום; אינם ציוניזם האָבן

אידישע רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטן געזען א מין חדש ימינו כבקדם מיט אלע סימנים פון א רעאקציע־באוועגונג; פונקט ווי אין דער יאַרמעלקע פון ציוניזם וואָלט מען געהאָפּט זיך צו באַהאַלטן פון דער גרויסער ארומיקער וועלט.

פאַרקערט, זיין א סאָציאַליסט—האָט זיך דענסטמאָל אויסגעדרוקט— באַטייט זיך דערווייטערן פון ציוניזם, ממילא אויך פון אידישקייט אָדער גאָר אינגאַנצן אוועקגיין פון אידן.

סירקין — דער זעער־אָנזאָגער פון דעראידישער רעוואָלוציע, איז געקומען מיט אַ נייס: ער האָט אויסגעטייטשט דעם ציוניזם, אָט דעם ראדיקאלן אידישן נאַציאָנאַליזם, ווי א טייל פון אוניווערסאַליזם, פון דער אלוועלטלעכקייט, ער האָט אים באהעפט מיטן אופבויענדיקן קאָנסטרוקטיוון סאָציאַליזם און האָט פאַר אים געשטעלט אַציל מיט אן אופגאַבע די: אידישע סאָציאַליסטישע מלוכה.

סירקין האָט פאַרטיפט און פאַרברייטערט די שיטה פון משה העס— דעם קאַמף־חבר פון מארקס און לאַסאַל.

* * *

דער נאַציאָנאַלער מאָמענט איז על פי סירקין נאָר א באַשטימטער אינהאַלט פון אלגעמיין־מענטשלעכן קולטור־גייסט. אָט פון דעם געדאַנק האָט ד"ר נחמן סירקין געשעפּט זיין קריטיק פון חיבת ציון, פון בירגערלעכן ציוניזם און פון דער אידישער ליבעראַלער אסימילאַציע.

דער ציוניזם אין זיין חובב־ציונישער געשטאַלט איז געווען אַ רעאַקציע קעגן דאָס אלגעמיין־מענטשלעכע, דער דרך־תשובה פון דעם משכיל, וואָס האָט זיך נאָכן אופקומען פון אנטיסעמיטיזם און פון די פּאָגראָמען דערשראָקן פאַרן פּראָגרעס און האָט גענומען גיין צוריק צום אלט־פרומקישן אידישקייט. אפילו דער פּאָליטישער ציוניזם איז געווען קליין־קעפּלדיק, בירגערלעך שמאָל און א העכערן סאָציאלן אידעאַל און האָט געטראָגן אף זיך דעם שטעמפּל פון דער מערב־אייראָפּייאישער אידישער בורזשואזיע, וואָס איז צוגעשטאַנען צום ציוניזם ניט צוליב ערנסטע, עקאָנאָמישע לעבנס־אינטערעסן נאָר צוליב נאַציאָנאַל־סענטימענטאלע געפילן און נאָך ניט אָפּגעשטאָרבענע אידישע טראַדיציעס, צוליב אן אויבנאויפיקן „אידנשמערץ".

סיי פאַר די חובבי־ציון, סיי פאַר די בירגערלעכע פּאָליטישע ציוניסטן איז די וועלט־באַוועגונג פון סאָציאַליזם געווען מחוץ פון זייער זע־פעלד, ווייט פון זייער האָריזאָנט, און עס איז זיי גאָרניט געקומען אפן זינען, אז מען דאַרף זיך אויסטענהן מיטן אוניווערסאַלן וועלט־גייסט, מיט יענער וועלט־אָנשויאונג, וואָס וויל איבערבויען די איצטיקע געזעלשאַפטס־אָרדענונג אין פּרעטענדירט בכן צו היילן די וואונדן פון די אונטערדריקטע פעל־קער און פאַרענטפערן בתוכם די אידן־פראַגע.

דער ציוניזם וויל זיין א תשובה אפן אנטיסעמיטיזם. אָבער דער אַנטיסעמיטיזם ווערט ארויסגערופן און בכל אופן פאַרשאַרפט דורך עקאָ־נאָמישע קאנקורענץ, און דער סאָציאַליזם וויל דאָך אָפּשאַפן דעם קאָנ־קורענץ־יסוד פון דער פּאָלקס־ווירטשאַפט. בכן פּרעטענדירט אויך דער סאָ־ציאַליזם צו געבן די תשובה אפן אַנטיסעמיטיזם.

די הערשנדיקע נאַציעס פירן אַ פּאָליטיק פון אונטערדריקן און אסימילירן די קליינע פעלקער. אָבער דער סאָציאַליזם וויל צוזאמען מיט דער קלאסן־הערשאַפט מבטל מאכן אויך די נאַציאָנאַלע פאַרשקלאַפונג. וואָסער אָרט פאַרנעמט בכן דער ציוניזם לגבי דער וועלט־פּרעטענזיע פונם סאָציאַליזם? איגנאָרירן די סאָציאַליסטישע וועלט־באַוועגונג, ניט נע־מענדיק צו איר קיין שטעלונג ניט טעאָרעטיש, ניט פּראַקטיש, באַטייט זיך פאַרשפּאַרן אין א גייסטיקן געטאָ, אָפּרייסן דעם ציוניזם פון א וועלט־אָנשויאונג, וואָס בויט איבער די געזעלשאַפט אף נייע יסודות, און אראָפּ־פירן דעם ציוניזם פון ברייטן שליאַך פון פּראָגרעס און באַפרייאונג, וואָס אף אים מאַרשירט די גאַנצע מענטשהייט.

פאַר סירקין האָט דער ציוניסטישער כלל־יודנטום ניט געקאָנט און ניט געטאָרט ארויסשטויסן דעם אַלמענטשנטום. אָט וואָסער פּראָבלעם ס'האָט זיך געשטעלט פאַר סירקינס פאָרשנדיקן גייסט. סירקין איז געווען דער פּראָבלעמען־שטעלער אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, דער שטריי־טער און קעמפּער פאַרן א ו נ י ו ו ע ר ס א ל־ג י י ס ט אין דער אידישער נאַציאָנאַלער אופלעבונג.

און פון דאנען נעמט זיך אויך זיין קריטישע פּאָזיציע צום אידישן סאָציאַליזם פון זיין צייט. אנדערע אידישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן ניט געפילט אין זיך סירקינס גייסטיקן אומרו, האָבן זיך נאָך דער ערשטער באַגעגעניש מיטן ציוניזם גיך באַרואיקט און האָבן ארויסגעטראָגן זייער

פסק־דין קעגן ציוניזם, ווי קעגן אַ רעאַקציאָנערער בירגערלעכער באַוועגונג. מיט א גרינגן הארצן האָבן זיי אדער אָפּגעטרייסלט פון זיך אינגאַנצן די אחריות פארן נאַציאָנאַלן גורל פון אייגענעם פאָלק, אָדער זיך באַגנוגענט מיט סוראָגאַטן, מיט א פאַרעווען „נייטראלן" נאַציאָנאַליזם.

סירקין האָט ניט געקאָנט גיין אף זייערע וועגן. ער האָט פאָרמולירט זיין געדאַנק: דער ציוניזם איז ניט דערפאר רעאַקציאָנער, ווייל ער איז בעצם קעגן די פראָגרעסיווע אינטערעסן פון די אידישע פאָלקסמאסן, נאָר ער איז דערווייל בירגערלעך אָפּגעשטאַנען, ווייל די אידישע מאסן זיינען נאָך צו אים ניט צוגעשטאַנען, און דער „המון" האָט נאָך אף אים זיין שטעמפּל ניט ארופגעלייגט.

יעדער קלאַס און יעדע שיכט פון אידישן פאָלק מוז האָבן זיין השגה וועגן ציוניזם. וואָרום דער ציוניזם איז דער שטרעבן פון גאַנצן אידישן פאָלק צום לעבן, צו אַן אייביקן לעבן. דער אידישער „המון" דאַרף און וועט פאַרשטיין דעם ציוניזם אף אן אוניווערסאלן אופן און וועט אין אים אריינטראָגן זיינע סאָציאלע אידעאַלן, זיין קאמף און זיינע ארבעטס־מעטאָדעס.

די אידישע טראַגעדיע איז די טראגעדיע פון דער וועלט. דער הומאניסטישער געדאנק קאָן ניט סובל זיין, אז עס וועט אמאָל זיין אַ לעצטער איד און עס וועט קומען אַ לעצטער טאָג פארן דאָזיקן מאַרטירער־פאָלק, וואָס איז אריינגענומען אין דער כוונה פון דער מענטשהייטס־געשיכטע. עס ליגט אן אחריות אף אלעמען פאַר דער אייביקייט פונם אידישן פאָלק. דאָס איז ניט נאַציאָנאלער דמיון און עגאָאיזם, פונקט ווי דער אידישער גלות איז ניט נאָר א ליידנס־וועג פארן אידישן פאָלק, נאר אויך א וואונד אף דער ציוויליזאציע פון דער מענטשהייט. בא די בירגערלעכע ציוניסטן איז דער גלות געווען נאר א אידיש ליידן, בא סירקינען איז ער געווען א וועלט־ליידן. די אידישע גאולה איז דעריבער ניט נאָר א אידישע, נאָר אויך אן אלגעמיין־מענטשלעכע אופגאבע.

אָט אַזוי האָבן זיך אין סירקינס שיטה באהעפט די נרדפים מיט די רודפים. דער גלות איז געוואָרן אַ קולטור־אָנווער פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. דער פאַרשפּאַרטער און דערשטיקטער מיטלעלטערלעכער

איך מיט זיין געטאָ־קולטור און מיט זיינע מיאוסע גלות־מידות; די אַסימילאַציע מיט איר עבודה זרה צום עגל הזהב, וואָס שטופּט די אי־דישע בירגערלעכע שיכטן מקריב צו זיין אַלע גייסטיקע און אָפּט אויך די מאָראַלישע אידישע אוצרות און טראַדיציעס נאָר בכדי זיך צוצופּאַסן צו נייע לעבנס־תנאים און לעבנס־באַקוועמלעכקייטן; די אייביקע אידישע וואַנדערונגען, וואָס זיינען דער אויסדרוק פאַר זייער עקאָנאָמישער נוצ־לאָזיקייט, אומפּראָדוקטיוויקייט אין די אַלטע איינגעזעסענע לענדער־היימען; די אַנטיסעמיטן פון מיטלעלטער און פון דער נייער צייט מיט זייערע מגושמדיקע קנאה און שינאה־געפילן און זייער גייסטיקער פאַרבלענדעניש; דאָס אַלץ איז דער קולטור־אָנזייער פונם אידישן גלות פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. די וועלט־שטראָף פאַר דער אידישער וועלט־טראַגעדיע.

אַף דער טראַגעדיע פון גלות האָט די מערב־אייראָפּייאישע אי־דישע בורזשואַזיע געענטפערט מיט — דער טראַגעדיע פון אַסי־מילאַציע, מיטן נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג פון אידישן פאָלק.

די בירגערלעכע ציוניסטן האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער אסימילא־ציע, אָבער זיי האָבן זי אויסגעטייטשט ספּירטואַליסטיש.

סירקין האָט אופגעוויזן, אַז די אַסימילאַציע ווערט דיקטירט דורך סאָציאַל־עקאָנאָמישע אינטערעסן פון דער אידישער בורזשואַזיע, און קיין שום טענות, קיין שום תחנונים־רייד צו די אידישע מערב־אייראָפּייאישע גבירים וועלן דאָ ניט העלפן: די אידישע בורזשואַזיע וועט בלייבן טויב לגבי אלע נאַציאָנאַלע „איינריידענישן“ און וועט ניט נאָר אַליין ניט צולייגן קיין טירחה אַף צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם, נאָר זי וועט אויך אסרן, ארופלייגן איר פאַרווער און איר וועטא אַף די אי־דישע געזעלשאַפטלעכע קאַפּיטאַלן, אף די פאָנדן פון איק"א און אליאַנס (חברת כל ישראל חברים) און וועט ניט דערלאָזן זיי ערנסט און ממשותדיק אויסנוצן אַף נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־צוועקן.

דעם ציוניזם דאַרף מען פאַרשטיין ווי אַ פּראָטעסט און אופשטאַנד פונם המון (פון די „עניים“ און „אביונים“ אין אונזער צייט) קעגן דעם נאַציאָנאַלן פאַראַט פון די העכערע אַסימילאַטאָרישע אידישע געזעל־שאַפטס־שיכטן. מען קאָן די ציוניסטישע באַוועגונג צוגלייכן צו די סאָ־ציאַל־רעליגיעזע באַוועגונגען צווישן אידן אין דער תקופה פון בית שני. מער נישט, דער אמתער טרעגער פונם ציוניזם איז נאָך אָפּהענטיק, לינקיש

אימבּאהאָלפן, ניט־אָרגאַניזירט, ער האָט נאָך ניט אַרויסגעוויזן זיינע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטיש־שעפערישע מעגלעכקייטן, און דעריבּער איז די ציוניסטישע סביבה דערוויילע פול מיט בּטלנישע אידעאָלאָגיעס, מיט משכילישע תשובה־געדאַנקען, מיט אַ סענטימענטאַלן אידישקייט, מיט נאַציאָנאַלע פאַריבּלס פון אונזערע מערב־אייראָפּייאישע בּרידער, וואָס ליידן מוראדיק ערשט דענסטמאָל, יוען מען נעמט ניט זייערע קינדער פאַר אָפיצערן אין דער דייטשער אַרמיי.

דער אמתער טרעגער פון ציוניזם, דער „המון“ מוז אין אים אַריינטראָגן אַ נייעם אינהאַלט. די מאַטעריעלע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אינטערעסן פון אידישן המון דאַרפן שטיין אַפן ערשטן פּלאַן אין דער נאַציאָנאַלער בּאַוועגונג, וואָרים דער ציוניזם שטראָמט אַרויס פון זיינע לעבּנסנויטן און מוז געבּן אַף זיי אַן ענטפער.

און סירקין שטעלט אוף אַ מאַטעריאַליסטישע סכעמע פאַר דער אידישער געשיכטע, פאַר די אידישע וואַנדערונגען, זיך אָנשפּאַרנדיק אַף דער טעאָריע פון דער היסטאָרישער שולע אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, אַף די פאָרשונגען פון ווילהעלם ראָשער.

וואָס בּאַטייט דער אידישער גלות, מיט וואָס דערקלערט מען די אידישע וואַנדערונגען פון איין לאַנד אין דעם אַנדערן?

די סיבות פאַר די אידישע וואַנדערונגען זיינען סאָציאַל־עקאָנאָמישע דערשיינונגען, און אייבּ איר ווייסט די ווירטשאַפטס־געשיכטע פון אייראָפּע, וועלן אייך קלאָר ווערן די וואַנדערונגען פונם אייביקן איד איבּער דער קאַרטע פון אייראָפּע.

ווי אַ פרעמד פאָלק זיינען אידן אַוועק אין גלות צווישן די אומות העולם און האָבּן זיך געמוזט נעמען פאַר יענע פרנסות, וואָס מען האָט זיך אין זיי געניטיקט אין אַ בּאַשטימטער צייט. אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט פון פּריצים און פּויערים האָבּן אויסגעפעלט סוחרים; זיינען אידן געקומען און האָבּן ממלא געווען דעם חסרון, זיינען געוואָרן סוחרים, פאַרמיטלער, געלט־פאַרלייער, סרסרים, פאַקטאָרס און האָבּן שטענדיק געלעבּט דערפון, וואָס זיי האָבּן איין קלאַס פון דער געזעלשאַפט פאַרבּונדן מיטן צווייטן, איין פאָלק מיטן אַנדערן, איין לאַנד מיט אַ צווייטן.

נאָר אין לעבּן פון די אייראָפּייאישע פעלקער פלעגט שטענדיק

אופקומען א צייט, בעת זיי פלעגן אַליין זיך נעמען פאר די מסחרים און קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען, און יעמאָלט זיינען אידן שוין גע־וואָרן איבעריק, אומפּראָדוקטיוו און האָבן געמוזט אָפּטרעטן זייער אָרט פאר די היימישע פּארמיטלערישע געזעלשאַפטס־שיכטן. געוויינטלעך פלעגן זיך דענסטמאָל אופהויבן רדיפות אף אידן, וואָס האָבן זיי גענויט אויסצוּוואַנדערן פון די לענדער מיט העכערער ווירטשאַפטלעכער קולטור אין לענדער מיט פּרימיטיוער ווירטשאַפט. אַט אַזוי האָבן אידן געוואַנדערט פון מערב אייראָפּע קיין מזרח־אייראָפּע, קיין עסטרייך, רומעניע, פּוילן, און מען האָט זיי אין דער ערשטער צייט אופגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

נאָר איצטער האָבן זיך די סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן געביטן אויך אין מזרח־אייראָפּע און סיי פאַרן אידישן סוחר, סיי פארן בעל מלאכה איז דאָרטן ווייניק פּלאַץ פאַרבליבן צוליב דער קאָנקורענץ פון די היימישע סוחרים און בעלי מלאכות.

און ס'איז אופגעקומען און אויסגעוואַקסן אַ אידישע עמיגראַציע שוין פון מזרח־אייראָפּע, וואָס האָט אָנגעהויבן שטראָמען אין די לענדער אַף יענער זייט ים, אין אַמעריקע.

אָבער אויך די נייע וואַנדערונג קיין מערב איז נאָר אַ הילף פאַרן מאָמענט, זי גיט ניט קיין „היסטאָרישע תשובה“ אַף דער גלות־נויט. אַמעריקע כלערט שוין ווענן פאַרמאכן די טויערן פאר די איינוואַנדערער, און דער אידישער המון וועט דעריבער ניט האָבן די מעגלעכקייט אַריבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. *)

וואָסער וועג, וואָסער אויסוועג פאַרבלייבט בכן פאַרן אידישן המון, פאַר די אידישע פאָלקסמאַסן? דער איינציקער וועג פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, וואָס גיט די מעגלעכקייט צו ווערן „אַ פּראָדוקטי־ווער קלאַס“, דער וועג פון אופבויען אַ אידישע גע־זעלשאַפט אין הסכם מיט די מאַטעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן פונם אידישן המון.

---

*) דאָס, וואָס סירקין האָט דערזעען מיט זיין שאַרפן אויג אין יאָר 1903, איז נאָר געווען אַן אָנצוהערעניש. שפּעטער האָט די אימיגראַנטן־פיינטלעכע באַוועגונג זיך פאַרשטאַרקט אין אַזאַ מאָס, אַז זי האָט די אַמעריקאַנישע לענדער כמעט אינגאַנצן פאַרמאַכט פאר א מאַסנ־איינוואַנדערונג. וו. ל.־ב.

און דער אמתער און איינציקער ציל פאַר די דאָזיקע אידישע
המון=אינטערעסן איז אַ אידישע סאָציאַליסטישע מלוכה
אין א אידיש לאנד.

„עס לאָזט זיך בשום אופן ניט גלויבן — זאָגט סירקין אין זיין
דייטשער שריפט Die Judenfrage und der sozialistische
Judenstaat („די אידנפראַגע און די סאָציאַליסטישע אידישע מלוכה“
(א ריי אַרטיקלען געזאַמלט און ארויס ווי אַ ספּעציעלע בראָשור אין
יאָר 1898), אַז מענטשן וועלן זיך נעמען גרינדן אַ זעלבשטענדיקע
מלוכה אַפן יסוד פון סאָציאַלער אומגלייכהייט. דאָס וואָלט דאָך
געווען געגליכן צו אַ „סאָציאַלן קאָנטראַקט“ אַף שקלאַפעריי. כדי אַ
סאָציאַלער אָפּמאַך — אַ געזעלשאַפט און אַ מלוכה במחשבה תחילה, —
זאָל קאָנען דורכגעפירט ווערן אין לעבן, דאַרף ער זיד שטיצן נאָר
אַף פרייהייט. סאָציאַלע אומגלייכהייט ווערט קודם כל אפּגעהיט און אופּ=
געהאַלטן דורך היסטאָרישע כוחות, זי איז אַ פּראָדוקט פונם ניט=
באַוואוסטזיניקן ווילן אין געשיכטלעכן פּראָצעס. די באַוואוסט=
זיניקע סאָציאַלע טעטיקייט וויל איבעראנדערשן דאָס היסטאָריש=
געוואָרענע אַף אַ שכלדיקן אופן און אים מאָראַליש אופהויבן און
מתקן זיין. אָבער אופשטעלן לכתחילה און בכיוון אַ נייעם געזעלשאַפט=
לעך=בשותפותדיקן בנין אַפן יסוד פון קאָנקורענץ=פרייהייט און סאָציאַלער
אומגלייכהייט אָן א פּלאַן און אָן אַ שכל — דאָס איז אַ סאָציאַלע
און פּסיכאָלאָגישע פּאַרזעניש“.

„... דעם ציוניסטישן אידעאַל מוז מען פאַרשטיין ניט נאָר ווי א
גאולה פונם נאַציאָנאַלן גלות, נאָר אויך ווי גאולה פון אַלע צרות און
ליידן פונם המון אין דער היינטיקער געזעלשאַפט. אַ נייע געזעלשאַפט
אָן דעם היפּוך פון האַר און קנעכט, אָרים און רייך, קאַפּיטאַל און
פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַ קאָלעקטיוויסטישע געזעלשאַפט אַף נייע עקאָנאָ=
מישע יסודות, אַף שותפותע אַרבעט און שותפותן אייגנטום אין לאַנד,
אופגעבויט דורך דעם המון און צוליב דעם המון, — דאָס מוז ווערן
דער אידעאַל פון נייעם ציוניזם, וועלכער זאָל ווערן דער אידעאַל פונם
אידישן פאָלק, פונם אידישן המון“.

סירקין איז פון זיין סאָציאַל=עקאָנאָמיזם און סאָציאַליזם געקומען
צום סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם, וואָס ער האָט וועגן אים

גערעדט נאָך איידער ס'איז אויפגעקומען הערצלס אוגאנדא־פּראָעקט (אין זיין דייטשער בראָשור „די יודנפראַגע און דער סאָציאַליסטיישער יודנשטאאט"): „דאָס לאַנד, וואָס מען דאַרף וועגן איר קודם כל טראַכטן איז פּאַלעסטינע; אויב אַלע פּרואוון צו קריגן פּאַלעסטינע פאלן דורך, קלייבן אידן אויס אַן אַנדער לאַנד. זייער בליק פאַלט צוערשט אַף ציפּערן און אַף די לענדער, וואָס גרעניצן מיט פּאַלעסטינע און שטייען אונטערן שוץ פון עגיפּטן. ווי א לעצטן אויסוועג באַשליסט מען קויפן א גרויס פּרוכפּערדיק שטיק לאַנד ערגעץ אַנדערש, אַפן בעסטן אופן אין אפריקע".

סירקין האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זיין סאָציאַל־טעריטאָריאַליס־טישער שיטה אפילו אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, בעת ער האָט אין פּאַלעסטינע דערזען די אידישע „טעריטאָריע" און אין די סאָציאַ־ליסטישע אַרבייטער־קאָלאָניעס פון ארץ ישראל, אין די קבוצות און מושבי עובדים די תשובה אַף די סתירות אין לעבן פון אידישן פאָלק, אַף די נאציאָנאלע און סאָציאלע עקאָנאָמישע אינטערעסן פונם אידישן המון, — דערזען דעם אָנהויב פון דער אידישער רעוואָלוציע, דעם קערנדל פון א סאָציאליסטישער אידישער מלוכה.

# אינהאלט:

## ד. סאציאלפּאָליטיש.

## תיקון טעות.

אף זייט 155, שורה 3 פון אונטן (וועגן שאַגאַלס בילד)

איז געדרוקט: „א איד... מיט א גרינער באָרד“,

דאַרף שטיין: „מיט א גרינעם פנים און א געלער באָרד“.